פֿון לובלין ביז ניו יארק
קאדיע מאלאדאווסקי

---

5

דער ערשטער טאָג אין ניו-יאָרק
15-טער דעצעמבער 1939.
אָנגעקומען הײַנט אין אַ שיינעם טאָג, אפֿשר איז דאָס אַ סימן, אַז מיר וועט זײַן גוט אין אַמעריקע. די טאַנטע איז זייער ענלעך צו מײַן מוטער עה"ש, נאָר זי האָט ניט אַזאַ גוטן שמייכל ווי מײַן מוטער האָט געהאַט. דער פֿעטער שווײַגט, זעט אויס ניט צופֿרידן, וואָס איך בין געקומען. סעלמאַ איז אזוי אַלט ווי איך, און אַזוי הויך ווי איך. זי האָט צו מיר הײַנט אַרויסגערעדט אַ פּאָר ווערטער. "ווי פֿילסטו?" און "דו ביסט מײַן קאָזין", מער קען זי ניט ריידן קיין אידיש, זאָגט זי. מאַרווין איז אַלט אַ יאָר זעכצן. ער האָט מיר בלויז געזאָגט "האַלאָ" און איז אַוועק פֿון שטוב. די טאַנטע האָט באַטראַכט מײַנע זאַכן. זי און סעלמאַ האָבן געלאַכט פֿון מײַנע זאָקן, פֿון מײַנע העמדער און פֿון מײַנע קליידער. אין לובלין בין איך געווען גוט אָנגעטאָן. וועט מען פֿון מיר שטענדיק לאַכן אין אַמעריקע? די טאַנטע האָט אַ הויב געטאָן אַלע מײַנע קליידער און אַ זאָג געטאָן: שמאַטעס! מען דאַרף איר קויפֿן אַ "דרעס" און אַ "העט". איך האָב קוים אײַנגעהאַלטן די טרערן. די טאַנטע האָט מיך באַלד אויפֿגענומען ווי אַן אָרעמע קרובה. אפֿשר וואָלט בעסער געווען, ווען איך וואָלט געבליבן אינדערהיים. וואָס וועל איך דאָ טאָן? זיי ריידן אַלע ענגליש. איך פֿאַרשטיי גאָרניט. מיר דאַכט זיך, אַז זיי ריידן וועגן מיר און מיר דאַכט זיך אויך, אַז איך בין טויב געוואָרן צו צוואַנציק יאָר.
אין אָוונט זײַנען אַרײַנגעקומען צו אונדז עטלעכע שכנות אָפּנעמען בײַ מיר גרעיסן פֿון דער "אַלטער היים". זיי זײַנען אַלע מיט געפֿאַרבטע באַקן און מיט געפֿאַרבטע ליפּן. איך האָב פּשוט מורא דאָס אַרויסזאָגן, בײַ מיר אין די אויגן זעען זיי אויס, ווי צעלאָזענע. אַפֿילו פֿדויען פֿון פֿערציק-פֿופֿציק יאָר זײַנען אויך געפֿאַרבטע. יעדערע פֿון זיי האָט דערציילט וועגן איר היים. בײַ מיר האָבן זיי זייער ווייניק געפֿרעגט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זיי האָבן מיך אַרײַנגעכאַפּט איך זאָל אויסהערן

---

6

אַלע זייערע מעשׂות, וואָס זיי האָבן צו דערציילן וועגן זייער אַלטער היים. איינע פֿון די שכנות, בעטי רופֿט זי די טאַנטע, אָדער מיסיס שאָר, האָט דערציילט, ווי זי האָט פֿאַרלאָרן איר חתן אויפֿן וועג קיין אַמעריקע. זי האָט עס דערציילט מיט אַ גרינג האַרץ. זי איז געפֿאָרן מיט איר חתן צוזאַמען אויפֿן שיף, מיט זיי צוזאַמען איז געפֿאָרן אַ בעסאַראַבער משפּחה. די בעסאַראַבער האָבן געפֿירט מיט זיך אַ סך געטריקנטע קעז און האָבן מכבד געווען זייערע שיף-ברידער און שיף-שוועסטער. דער חתן האָט פֿון אָנהויב דעם קעז גאָרניט ליב געהאַט. דערנאָך איז אים געפֿעלן געוואָרן דער קעז זייער שטאַרק. ער פֿלעגט אַלע מאָל פֿאַרפֿאַלן ווערן, גיין נעמען בײַ די בעסאַראַבער אַ שטיקל קעז. זיי בעסאַראַבערקע איז געווען אַ פֿרוי פֿון אַ יאָר אַכט און צוואַנציק, דרייסיק. זי האָט געפֿירט מיט זיך צוויי קינדער און געפֿאָרן איז זי צו אַ שווער, ווײַל דער מאַן אירער איז געשטאָרבן אין אַמעריקע. די בעסאַראַבערקע האָט אַלץ געלאַכט און מכבד געווען דעם חתן מיט קעז. זי האָט אים אַ נאָמען געגעבן נאַשער, קעז-נאַשער. זי האָט אים צוגעזאָגט אַ קעזענעם גן עדן. די כלה האָט אויך מיטגעלאַכט מיט דער בעסאַראַבערקע, אָבער אין ניו יאָרק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער חתן איז געוואָרן אומעטיק. ער פֿלעגט אָפּט אַוועקגיין און סוף כל סוף געזאָגט בעטין, אַז ער וויל דערווײַל ניט חתונה האָבן, ער איז צו-יונג און נישט אייגעאָרדנט. ער האָט התונה געהאַט מיט דער בעסאַראַבקע. די מיסיס שאָר האָט עס דערציילט אָן ביטערקייט. איך האָב זיך זייער געוואונדערט. איך וואָלט זיך געוויס געשעמט ווען מיט מיר פּאַסירט אַזאַ זאַך און וואָלט עס קיינעם ניט דערציילט. אָבער בעטי האָט דערנאָך זיך אַ באַרים געטאָן, אַז איר אַמאָליקער חתן איז ביזן הײַנטיקן טאָג אַן אָרימאַן און זי איז גאָט צו דאַנקען אַרויסגעקראָכן פֿון אַ שווערן מזל. די פֿרויען האָבן גערעדט אַ סך וועגן זיך און מיר אפֿילו ניט געגעבן קיין מעגלעכקייט צו דערציילן, ווי איך בין געבליבן אָן אַ היים. פֿון מיסיס שאָרס מעשה איז מיר געוואָרן זייער אומעטיק. מיר דאַכט זיך, אַז עס איז פֿאַר מיר ניט קיין גוטער סימן, וואָס די ערשטע מעשה, וואָס איך האָב געהערט אין אַמעריקע איז פֿון אָפּנאַרערײַ און פֿון אומגליק. ווער ווייס וואָס מיט מיר וועט נאָך דאָ זײַן?

---

7

די זיסע בלאַט פֿון מענטשן
20-טער דעצעמבער.

איך האָב הײַנט באַמערקט, אַז די טאַנטע האָט צוגעגאָסן וואַסער צו מײַן גלאָז אַראַנדזש-דזשוס
(פּאָמעראַנצן-זאַפֿט). איך האָב דאָס באַמערקט צופֿעליק. איך בין געשטאַנען אַנטקעגן שפּיגל און האָב געזען
ווי די טאַנטע דערגיסט איין גלאָז מיט וואַסער און דאָס זעלבע גלאָז האָט זי מיר דערלאַנגט. — טרינק,
האָט זי געזאָגט, אַראַנדזש-דזשוס איז געזונט. מיר איז אָבער שוין פֿון דעם קיין געזונט ניט צוגעקומען. איך האָב
עס קוים אַראָפּגעשלונגען. בעסער די ביטערע בלאַט פֿון גאָט איידער די זיסע פֿון מענטשן — פֿלעגט מײַן
מאַמע עה"ש זאָגן. — נו, איז די אַראַנדזש-דזשוס בײַ מיר הײַנט געווען טאַקע די זיסע בלאַט פֿון מענטשן. און
נאָך איין זאַך האָב איך הײַנט צו פֿאַרשרײַבן: מאַרווין קען ריידן אידיש, אָבער איך ווייס ניט וואָס פֿאַראַ מין
אידיש דאָס איז. ער האָט נעכטן איבערגעלאָזן זײַנע שיך לעבן מײַן בעט. הײַנט אינדערפֿרי איז ער זיי געקומען
אָפּנעמען און אַ זאָג געטאָן : "דאָס איז אַ חזירײַ". וואָס האָט ער געמיינט? אַז איך זאָל אים אָפּרייניקן די שיך?
אפֿשר האָט ער דאָס געמיינט. נאָר סײַוויסײַ, געזאָגט האָט ער דאָס אויף אידיש. די טאַנטע האָט אים עפּעס
געענטפֿערט אויף ענגליש. איך האָב עטלעכע מאָל געהערט דאָס וואָרט "שי". די טאַנטע און מאַרווין האָבן
געהאַלטן אין איין "שיקען". "שי" און "שי". איך וועל הײַנט פֿרעגן בײַ דער מיסיס שאָר, וואָס הייסט "שי". מיר
דאַכט זיך, אַז זיי האָבן גערעדט וועגן די שיך און וועגן מיר, ווײַל נאָך זייער שמועס האָט די טאַנטע צו מיר אַ
שמייכל געטאָן. רבֿקה, גיי עס עפּעס, האָט זי אַ זאָג געטאָן. געוויס וואָלט גלייכער געווען, אַז איך זאָל ניט זײַן
קיין פֿיליכטלינג.

עדי
25-טער דעצעמבער.
איך האָב הײַנט געזען סעלמאַס "באָי" (בחור). ער איז אַ הויכער, אַ דינער און זײַנע הויזן זײַנען זייער גלאַט
אויסגעפּרעסט.

---

8

מען האָט אונדז באַקאַנט. ער האָט צו מיר געזאָגט עטלעכע ווערטער אויף אידיש. "ווי גלייכסטו אַמעריקע?"
אַלע פֿרעגן דאָ די עטלעכע ווערטער. ריידן רעדט ער אַזוי ווי אַ גוי. אַזוי ווי פּאַן סטעפּאַנאָווסקי, וואָס פֿלעגט
אַרײַנקומען צו מײַן פֿאָטער וועגן זײַנע וואַלד-געשעפֿטן און פֿלעגט מיט מיר פֿאַרפֿירן אַ אידישן שמועס. איך
האָב זיך דערמאָנט וועגן פּאַן סטעפּאַנאָווסקי און אָנגעהויבן לאַכן. אַלע זײַנען געווען אומצופֿרידן פֿון מײַן
פּלוצלינגדיקן געלעכטער. די טאַנטע האָט צו מיר געזאָגט: דו דאַרפֿסט זיך, רבֿקה, בעסער אויסלערנען
ענגליש, און ניט לאַכן. דאָ איז ניט לובלין. דאָ רעדט מען ענגליש. — סעלמאַס ,באָי" האָט מיך פֿאַרטיידיקט.
וואָס ער האָט געזאָגט האָב איך ניט פֿאַרשטאַנען, איך האָב בלויז געזען, אַז ער גיט אַלע מאָל אַ קוק אויף מיר
און שמייכלט. מיר איז דאָס געווען זייער אָנגענעם, און ס'האָט מיר באַנג געטאָן, ווען סעלמאַ איז מיט אים אַוועק
אין די מוּוויס (סינעמאַ). די טאַנטע האָט מיר הײַנט געזאָגט, אַז איך דאַרף גיין אין אַ "סקול" זיך לערנען ענגליש.
זי וועט מיך מאָרגן גיין פֿאַרשרײַבן. איך האָב הײַנט באַגעגנט אויף די שטיגן די מיסיס שאָר. איך האָב זי
געפֿרעגט וואָס הייסט "שי". די מיסיס שאָר האָט מיר געזאָגט, אַז "שי" איז אַזוווי — זי. "הי" איז אַזוווי — ער און
"אַי" איז אַזוווי — איך. הייסט עס, אַז זיי האָבן טאַקע דעמאָלט גערעדט וועגן מיר. מאַרווין האָט געמיינט, אַז איך
וועל אים אָפּפּוצן די שיך. ניין, איך וועל דאָס ניט טאָן, ער איז אַ קנאַפּער פּריץ און קען דאָס אַליין טאָן . . .

ניי-יאָר
1־טער יאַנואַר.
נעכטן אין אָוונט זײַנען אַלע אַוועק זיך פֿאַרווײַלן. דער אָנקל מיט דער טאַנטע זיצען אַוועק שפּילן אין קאָרטן צו
דער מיסיס שאָר. סעלמאַ און איר "באָי" זײַנען אַוועק טאַנצן. מאַרווין איז אַוועק אויף טיימס סקווער. איך האָב
ניט געוואָלט גיין אין ערגעץ. בײַ מיר איז הײַנט אַ ביטערער טאָג. פֿאַראַיאָרן אין דער צײַט האָט די מאַמע נאָך
געלעבט, זי האָט פֿאַר אונדז געבאַקט לאַטקעס, ניט ווײַל עס איז געווען ניי-יאָר. פֿון ניי-יאָר האָט מען בײַ אונדז

---

9

קיין וועזן ניט געמאַכט, נאָר ווײַל עס איז געקומען אַ האָסט, דער פֿעטער זיידל איז געקומען מיט אַ שליטעלע
נעמען אונדז אויף אַ שפּאַציר, "קוליק". די מאַמע עה"ש האָט אים ניט געוואָלט אָפּלאָזן אָן כיבוד. — כיבוד? —
האָט דער פֿעטער זיידל אויסגעשאָסן, — אויב כיבוד, איז לאַטקעס. — האָט מען געגעסן לאַטקעס. דערנאָך
זײַנען מיר געפֿאָרן "קוליק". אמת, דער "קוליק" איז אונדז ניט באַקומען. ווי האָר מיר זײַנען אַרויסגעפֿאָרן אויף
דער ברייטער גאַס האָט מען אונדזער שליטל אָנגעהויבן באַוואַרפֿן מיט שניי. פֿון אָנהויב האָבן מיר געמיינט, אַז
מען וואַרפֿט אויף אונדז שטיינער, דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זײַנען געווען שנייקוילן; די כוליגאַנעס,
די שוואַרצע ניכפּע זאָל זיי נעמען, האָבן אונדז מכבד געווען מיט זידלערייען און מיט פֿייפֿערייען. מיר האָבן זיך
אומגעקערט אַהיים נאַסע מיט שמוציקע פּנימער. דער פֿעטער זיידל האָט אויף זיי געבעטן די וויסטע מפּלה, און
איך אַליין האָב שיעור ניט געוויינט פֿאַר פֿאַרדראָס. אָבער דאָך איז געווען אַ היים, עס איז געווען די מאַמע,

לובלין איז געווען און לייזער אויך. איך האָב דעמאָלט ניט געטראַכט, אַז אין אַ יאָר אַרום וועל איך זײַן אין אַ פֿרעמד הויז, עלנט, און אויף לאַסקאַוון ברויט, און וועל ניט וויסן אפֿילו, ווו עס זײַנען דער טאַטע, דער ברודער, און די היים. אַז איך וועל זײַן אַ פֿליכטלינג. אַ שרעקלעכער וואָרט איז דאָס "פֿליכטלינג". דאָס וואָרט קומט מסתמא פֿון פֿאַרפֿלוכט זײַן. ווײַל אַ פֿליכטלינג איז אַ פֿאַרפֿלוכטער מענטש. בין איך דעריבער ניט געגאַנגען הײַנט אין ערגעץ. אַ קנאַפּע שׂמחה פֿאַר מיר דער נײַער יאָר. גלייכער וואָלט אפֿשר געווען, ווען דער פֿאַראַיאָריקער וואָלט זיך קיינמאָל ניט געענדיקט, אָדער איך זאָל אים אויך ענדיקן, ווי די מאַמע עה"ש.

אַ טרייסט
5־טער יאַנואַר.
די לעצטע פּאָר טעג האָבן דער פֿעטער און די טאַנטע גערעדט אויף ענגליש און אַ סך מאָל דערמאָנט ,"שי". איך ווייס שוין, אַז דאָס ריידען זיי וועגן מיר. "זי", "זי". זעט אויס, אַז מען האָט באַשלאָסן אָפּשיקן די שוואַרצע, וואָס קומט יעדן טאָר טאָן די

---

10

שטוב-אַרבעט. הײַנט האָט מיר די טאַנטע געגעבן אויסוואַשן אַ פּאָר קליידלעך, "סליפּס" (האלקעס) און זאָקן. סעלמאַס, אירע און מײַנע. די טאַנטע האָט מיר צוגעהאָלפֿן, אָבער איך האָב זיך געפֿילט, אַז איך ווער אַ דינסט אין שטוב. די אַרבעט איז מיר ניט שווער געווען, נאָר דאָס האַרץ איז געווען שווער ווי אַ שטיין. די שוואַרצע, האָט די טאַנטע געזאָגט, איז קראַנק געוואָרן, ווער ווייסט ווען זי וועט קענען קומען צו דער אַרבעט. עס וואָלט מיר גרינגער געווען אין דער היים וואַשן די שטיינער פֿון ברוק, איידער וואַשן דאָ סעלמאַס קליידלעך. און אַמאָל גיב איך אַ טראַכט — ווער ווייסט וואָס עס איז איצטער מיט מײַן היים . . . אפֿשר שטיין דאָ און וואַשן די קליידלעך אין "לאָקס" איז גאָר אַ גן עדן, ווײַל מײַן היים אין לובלין איז דאָך דער ביטערסטער גיהנום. מײַן איינציקע טרייסט איז, וואָס איך גיי אין סקול, די לערערין קומט אַלע מאָל צו צו מיר און גיט אַ קוק מײַן שרײַבן. מיר דאַכט זיך, אַז די לערערין איז אַ אידישע, אָבער פֿרעגן זי קען איך ניט, איך קען נאָך גאָרניט ריידן קיין ענגליש. אויסער אַ פּאָר ווערטער, וואָס מיר האָבן געלערנט אין סקול. ענגליש איז אַ שווערע שפּראַך, ווער ווייס צי איך וועל זיך אַמאָל אויסלערנען ריידן ענגליש?

מענדל פּושקאַרט
8-טער יאַנואַר.
די שוואַרצע איז נאָך ניט געקומען, זי איז קראַנק און ווער ווייסט, ווען זי וועט געזונט ווערן. נעכטן איז געווען אַ "קאַרט־פּאַדי" (קאָרטן-שפּיל) בײַ אונדז. דער אָנקל איז גאָר אַן אַנדער מענטש, ווען ער שפּילט אין קאָרטן. ער רעדט און וויצלט זיך. ער האָט געוווּנען אַ דאלער, מעגלעך, אַז דערפֿאַר איז ער געווען אַזוי אויפֿגעלייגט. איך האָב דערלאַנגט טיי. די טאַנטע האָט געזאָגט: "אַז אין קאָרטן שפּילסטו ניט, טאָ גיב כאָטש אַ גלאָז טיי, עפּעס דאַרף דאָך אַ מענטש טאָן." מער פֿון אַלץ האָט מיך געקרענקט מענדל פּושקאַרט. (דאָס איז זײַן אמתער נאָמען און זאָל ער טאַקע וויסן, אַז אים מיין איך עס). ער האָט אויסגעטרונקען ניט ווייניקער ווי אַ פֿינף, זעקס, אָדער מער גלעזער טיי. געגאָסן

---

11

אין זיך, ווי אין אַ פֿאַס און יעדעס מאָל צו מיר אַ ווונק געטאָן, אַז איך זאָל אים דערלאַנגען נאָך. אַזויווי ער זאָל מיר צאָלן געהאַלט, אַזוי האָט ער זיך מיט מיר געשאַפֿן. פֿאַר דעם איינעם אָוונט האָב איך אים פֿײַנט געקריגן, ווי אַ חזיר. און איך האָב אפֿילו אַ טראַכט געטאָן, מען קען ניט וויסן, וואָס מיט אַ מענטשן קען זײַן . . . אויסער דעם האָט דער מענדל פּושקאַרט דערציילט מעשׂות. ער לאָזט קיינעם אַ וואָרט ניט אויסריידן. ער רעדט נאָכאַהאָנד. און ווערטלעך שיטן זיך בײַ אים איינס נאָכן אַנדערן. ער האָט דערציילט, ווי זײַן טאָכטער האָט געקריגן אַן אויסצייכנונג פֿאַר פֿידל שפּילן, ווי מען האָט זי אויף די הענט געטראָגן נאָך אַ קאָנצערט. ווי זי איז איצט דער גרעסטער מבין אויף פֿידל שפּילעריי און אַלע פּראָפֿעסאָרן האַלטן זיך מיט איר אַן עצה, ווען עס קומט צו נגינה. דערנאָך האָט ער דערציילט, ווי זײַן טאָכטער, טאַקע די זעלבע פֿידלשפּילערקע, אַז זי פּרעגלט אָפּ "פּיטשעס" קען קיינער אַזאַ מאכל ניט צוגרייטן, און אַלע פּראָפֿעסאָרן קומען צו איר פֿאַרזוכן די "פּיטשעס" און עס איז פּשוט אַ כבוד האָר עמיצן, אַז זי לאַדט אים איין. נאָר ווען ער וואָלט איצט פֿאַרמאָגט דאָס געלט, וואָס זײַן טאָכטער האָט אים אָפּגעקאָסט לערנען, וואָלט ער איצט געווען אַ גרויסער גביר און וואָלט ניט געוווינט דאָ אויף גרענד סטריט. דערנאָך האָט ער דערציילט, ווי זײַן טאַרטער האָט מיט צוואַנציק יאָר צוריק, איידער זיי זײַנען געקומען קיין אַמעריקע, גערעדט רוסיש ווי אַ וואַסער, און זי האָט געזאָגט צו אַ גענעראַל, וואָס האָט זי געוואָלט אַרעסטירן, ווײַל זי איז געפֿאָרן אָן אַ פּאַס: "וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, אַ גוטער מענטש איז שטענדיק אַ גוטער מענטש". זי איז אַזוי געפֿעלן געוואָרן דעם גענעראַל, אַז ער האָט איר דערלאַנגט די האַנט. מענדל פּושקאַרט האָט אַזש געלויכטן און טאָפּנס שווייס זײַנען בײַ אים אַרויס אויפֿן שטערן, ווען ער האָט דערציילט די

מעשה. פֿון אָנהויב האָב איך אים געגלויבט, אָבער האָכדעם, אַז ער האָט צו מיר געוווּנקען וועגן די גלעזער טיי, האָב איך זיך דערקונדיקט וואָס פֿאַהאָ מענטש ער איז און האָב אים אַ וואָרט מער ניט געגלויבט. בײַ דער זעקסטער גלאָז טיי האָב איך מער ניט געקענט אויסהאַלטן, און אַז מענדל פּושקאַרט האָט צי מיר אַ ווּנק געטאָן, און אַ ווּנק געטאָן אויף זײַן גלאָז, ווייס איך ניט

---

12

פֿון וואַנען עס האָט זיך צו מיר גענומען אַזויפֿיל איינשטעלעניש, און איך האָב אים אַ זאָג געטאָן, ווי זײַן טאָכטער צום גענעראל: "וואַשע ערעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, גייט אַליין און נעמט אײַך טיי." אַלע האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט. די טאַנטע אַליין איז אַוועק אים אָנגיסן טיי. מענדל פּושקאַרט האָט מיך אָנגעקוקט און אַ זאָג געטאָן: "אַע, זי איז דאָך גאָרניט קיין גרינע". איך האָב געפֿילט, אַז בײַ מיר שטעלן זיך טרערן אין די אויגן, און כדי מען זאָל דאָס ניט זען בין איך אַרויס פֿון צימער און זיך געלייגט שלאָפֿן. געשלאָפֿן בין איך ניט, עס האָט מיר געזעצט אין האָרצן, ווי מיט האַמערס. די טאַנטע איז אַרײַנגעקומען, זי האָט מיר געבראַכט אַ שטיקל פּאָמעראַנץ, זי האָט געזען, ווי טרערן לויפֿן בײַ מיר פֿון די אויגן: "דאַן בי פֿוליש", האָט זי געזאָגט און איז אַרויסגעגאַנגען פֿון צימער. וואָס איז דאָס? דאָס איז אַ זידלוואָרט צי אַ טרייסט-וואָרט? ווער ווייס דאָ אין אַמעריקע.

די וועלט איז נאָך פֿאַר מיר ניט פֿאַמשלאָסן
01-טער יאַנואַר.

איך בין האָר וואָס געקומען פֿון די מוּוויס. איך האָב הײַנט אַ געפֿיל, אַז די וועלט איז נאָך ניט פֿאַרשלאָסן פֿאַר מיר. אין די מוּוויס בין איך געהאָנגען מיט סעלמאַן און מיט איר "באָי". ער האָט געבראַכט אומזיסטע בילעטן "טיקעטס" און האָט מיך געבעטן מיטגיין מיט זיי. סעלמאַ האָט שוין אויך דערנאָך צוגעלייגט אַ וואָרט : "קום, וואָס אַרט דיך". אָבער איך האָב געזען, אַז צופֿרידן איז זי ניט. אַז סעלמאַ ווערט אומצופֿרידן ווערט בײַ איר אָנגעבלאָזן אַביסל דער גוידער. דאָס פּנים פֿון אונטן ווערט ברייטער און כאָטש זי האָט געשמייכלט, האָב איך דאָס אַלץ דערקאָנט אויף איר. די טאַנטע האָט געשוויגן. מען האָט מיך גענומען פֿאַרפּוצן אויף גיין אין די מוּוויס. איך האָב אָנגעטאָן מײַן "דרעס" און סעלמאַ האָט מיר אָנגעמאָסטן איעע פֿון אירע היטעלעך. זי האָט אַ זאָג געטאָן: דו זעסט, מאַ, אפֿילו אויף רבֿקה'ן איז דאָס שיין. נאָר איך האָב זיך געמאַכט ניס הערנדיק און ניט פֿאַרשטייענדיק. איך זאָל וועלן אויף אַלץ ענטפֿערן, דאַרף איך גלײַך אײַנפּאַקן מײַנע שמאַטעס און גיין פֿון הויז. ווּהין

---

13

וועל איך גיין? קיין לובלין? צו דער מאַמען אויף יענער וועלט? דער "באָי" איז געגאַנגען אינמיטן און איך און סעלמאַ פֿון בירע דיטן. סעלמאַ האָט אים געעלטן אונטערן אָרעם. איך בין געגאַעען דערביי. דערהאָך האָט דער "באָי" מיך אויך גענומען אונטערן אָרעם. סעלמאַ האָט אַ גלאַנץ געטאָן מיט אַן אויג, אַ קוק געטאָן, נאָר גאָרניט געזאָגט. איך האָב ווידער דערזען, אַז דער גוידער ווערט בײַ איר אָנגעבלאָזן און דאָס פּנים ברייט. עס האָסט איר ניט ווען זי ווערט אַזוי, זי ווערט מיאוסער. דעם "באָי" רופֿט מען עדי. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך ענגליש און איך האָב געשוויגן די גאַנצע צײַט. נאָר עדי גיט צי מיר אַ שמייכל און זאָגט: "דו פֿאַרשטייסט ניט". אָבער ער שמייכלט זייער גוטמוטיק. סעלמאַ האָט ניט געוואָלט אַרײַן עסן אייז-קרים, זי האָט געזאָגט, אַז זי איז מיד, און מיר זײַנען געפֿאָרן אַהיים. נאָר מיר איז גראַד הײַנט לייכטער אויפֿן האַרצן. עס דאַכט זיך מיר, אַז די וועלט איז נאָך פֿאַר מיר ניט פֿאַרשלאָסן.

דעם זיידנס ײאָרצײַט
20-טער יאַנואַר.
הײַנט איז דעם זיידנס יאָרצײַט. די טאַנטע האָט אָנגעצונדן אַ ליכט אין קיך, אַ גרויסע ליכט, עס זאָל ברענען אַ גאַנצן מעתלעת. די טאַנטע איז אַרומגעגאַנגען הײַנט און געזיפֿצט, און דערמאָנט דעם טאַטן, מײַן זיידן, הייסט עס. עס קען זײַן, אַז דערפֿאַר האָב איך זיך געפֿילט צו איר נענטער און אין שטוב היימישער. זעט אויס, אַז די טאַנטע האָט עס אויך געפֿילט און האָר איין גאַנג שוין אַרויסגעלאָזט אַ טרער, וואָס מײַן מוטער איז געשטאָרבן. "אָט אַזוי", האָט זי געזאָגט, "ווערט חרוב אַ משפּחה". זי האָט געווישט די נאָז מיט אַ בלומענע נאָז-טיכל און איז געווען מער ענלעך צו אַ לובלינער פֿרוי, ווי צו אַ ניו-יאָרקער. אָבער נאָך האַלבן טאָג האָט די טאַנטע זיך פֿאַרקעמט, זיך אָנגעהאָרבט די באַקן און די ליפּן, ווי געוויינלעך, און איז אַוועק אין גאַס. איך בין געבליבן אינדערהיים אויפֿראַמען די צימערן. די שוואַרצע איז טאַקע מערניט געקומען, קראַנק געוואָרן אויף מיביק

גראָד ווען די טאַנטע איז אַוועק איז אַרײַנגעקומען

---

14

די מיסיס שאָר. עס איז שווער צו זאָגן, צי מיסיס שאָר איז אַ גיטע, אָדער אַ שלעכטע, יעדנפֿאַלס, זי איז אַ מאָדנע. — וואָס, די שוואַרצע אייערע קומט ניט מער? — ווען איך האָב איר געהאָגט, אַז די שוואַרצע איז קראַנק, האָט די מיסיס שאָר אַ פֿאַרסקע געטאָן מיט אַ פֿאַרשטיקטן געלעכטער. — נו, קריגט מען שוין ניט קיין שוואַרצע אין די יונייטעד סטייטס? גאָרניט, דיע טאַנטע וויל "פלעיך" (פּשוט) האַרשפּאָרן געלט, אַז זי האַלט אַ פֿליכטלינג אין שטוב. אַזוי האָט זי זיך אַ זאָג געטאָן און האָט אַרויסגענומען פֿון איר טאַש אַ פּאַפּיראָס און פֿאַררויכערט. די מיסיס שאָר רויכערט און לאָזט אַרויס דעם רויך שמעלעך דורך די נאָזלעכער. שוויווי איך קען ניט רויכערן האָט מיר די מיסיס שאָר געגעבן אַ "טשואינגאם" איך זאָל דאָס קייען. זי זאָגט, אַז דאָס העלפֿט באַרואיקן די נערוון אין אַ שלעכטער צײַט . . . זאָגנדיק אַזוי, האָט זי צו מיר אַ פּינטל געטאָן מיט אַן אויג, ווי אַן אויגענער מענטש. איך האָב באַמערקט, אַז די אַמעריקאַנער, אַז זיי זאָגן אײַך אַרײַן אַ ביטערן אמת, אָדער טוען גלאַט אײַך אָפּ אַ חזירײַ, האָרזיסן זיי דאָס דערנאָך מיט אַ שטיקל פּאָמעראַנץ, אָדער אַ "טשואינגאַם". אַזוי טוט די טאַנטע, אַזוי טוט אויך די מיסיס שאָר.

סעלמאַ
24־טער יאַנואַר.
סעלמאַ איז הײַנט געווען זייער נערוועז, און דער פֿעטער האָט נאָך מער געשוויגן ווי שטענדיק. דעם פֿעטער האָב איך ליבער פֿון אַלעמען אין הויז. כאָטש די טאַנטע איז דער מאַמעס עה"ש שוועסטער איז מיר דער פֿעטער נענטער צום האַרצן. ער איז ניט קיין מרוק, כאָטש ער שווײַגט כמעט שטענדיק, אויסער בײַם שפּילן אין קאָרטן. אין דערהיים, אין לובלין האָט מען געזאָגט אויף אים, אַז ער איז אַ למדן און האָט סמיכות אויף רבנות. האָר ער האָט ניט געוואָלט ווערן קיין רב און איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע. דאָ איז ער אַן אינשורענס אַגענט, נאָר מיר דאַכט זיך שטענדיק, אַז אים וואָלט זיך בעסער געפּאַסט זײַן אַ רב. סעלמאַ האָט הײַנט פלוצלינג אָנגעהויבן וויינען. ווען זי האָט זיך אָנגעטאָן אויף גיין אין גאַס, האָט זי זיך ניט געקענט קיין עצה געבן, וואָס

---

15

פֿאַראַ שיך זי זאָל אָנטאָן, צי זי זאָל אָנטאָן שוואַרצע שיך, אָדער בלויע, צי געלע. האָט דער פֿעטער אַ זאָג געטאָן: אַ שווערע מהרש"א, און ער האָט אַ שמייכל געטאָן, טאַקע ווי אַ רב. ער האָט נאָך דערצו צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַ זאָג געטאָן: "אַז דער קאָפּ איז קיין קאָפּ ניט, וועלן די שיך ניט העלפֿן." די טאַנטע האָט זיך צעשריען: "לאָז אָפּ דאָס קינד, לאָז אָפּ, עס איז ניט יוראָפּ! " סעלמאַ האָט געוויינט. איך האָרשטיי ניט דעם גאַנצן פּלאָנטער, נאָר עפּעס קומט דאָ פֿאָר אין הויז, וואָס איך ווייס ניט און וואָס האָט אַ שייכות מיט סעלמען.

פֿינף און זיבעציק סענט אַ טאָג (איך וויל וויינען)
25-סער יאַנואַר.
מאַרווין האָט האָשלאָסן זיך אויסלערנען טאַנצן אַזוויוו בעני גודמאַן. ער שטעלט אָן די ראַדיאָ און שטעלט זיך אַנטקעגן טאַנצן קען עס נעמען אַ שעה האָכאַנאַנד. ער דרייט די האָדיאָ און טאַנצט. טאַנצט און דרייט די ראַדיאָ. מיר האָט אָנגעהויבען ווײי טאָן דער קאָפּ דערפֿון. אַז ער טאַנצט דערמאָן איך זיך באַלד, אַז מײַן מאַמע איז געשטאָרבן פֿון אַ באָמבע, אַז איך ווייס ניט ווו מײַן ברודער איז אַהיעקומען, ער טאַנצט אוודאי ניט איצטער, און וואָס מיטן טאַטן איז געוואָרן ווייס איך אויך ניט. איך וואָלט אַוועק עק וועלט, אַבי ניט זען מאַרווינס טאַנצן, נאָר ווו זאָל איך גיין?
פֿאַרנ כט איז אַרײַנגעקומען די מיסיס שאָר, זי האָט מיך ווידער מכבד געווען מיט טשואינגאַם, און איך האָב שוין געוואַרט, אַז זי זאָל מיר עפּעס אַ זאָג טאָן: "ניטאָ נאָך די שוואַרצע? , — האָט זי שפּעטער אַ ווײַלע אַ פֿרעג געטאָן, — איך האָב הײַנט געטראָפֿן אײַער שוואַרצע אין גאַס, זי איז גאָרניט קראַנק, די טאַנטע וויל פֿאַרשפּאָרן פֿינף-און-זיבעציק סענט אַ טאָג, האָטס אָל (דאָס האָר). רבֿקה, אויב דו ווילסט קום צו מיר, וועל איך דיר יאָ האָצאָלן, פֿאַרואָס ניט? וועל איך האָבן אַ רואיקן קאָפּ, אַז מען טראָגט מיר ניט אַרויס פֿון שטוב גאָרניט." איך ווייס ניט, צי איך האָב זיך אָן עפּעס אַ גליטש געטאָן, צי די פֿיס האָבן בײַ מיר אַליין אַ ציטער געטאָן, איך בין פּונקט אין דער מינוט אַני-

---

16

דערגעפֿאַלן, איך האָב זיך ניט צעקלאַפּט, האָר עס האָט זיך מיר זייער געוואָלט וויינען אויפֿן קיל. די טאַנטע איז

אָעעקומען און עפּעס אַ זאָג געטאָן אויף ענגליש. מיסיס שאָר האָט באַלד אויפֿן אָרט אָפּגעבאַקט אַ ליגן : — דאַכט זיך, זי בענקט אַהיים, אייער "ניעס" (פּלימעניצע). די טאַנטע האָט געזען, אַז איך בין זייער צערודערט. זי האָט אַ טאַפּ געטאָן בײַ מיר דעם קאָפּ און האָט געזאָגט: "זי האָט אַ הייסן קאָפּ." איך האָב זיך צוגעלייגט און גענומען אַן אַספּירין. איך בין געווען דאַנקבאַר דער טאַנטע, וואָס זי האָט געזאָגט, אַז איך בין קראַנק. איך בין שוין מער הײַנט פֿון בעט ניט אויפֿגעשטאַנען.

אַ וועלט איז פֿאַרפֿעלן געוואָרן

28־טער יאַנואַר.

סעלמאַ וויינט און מאַרווין טאַנצט. איך פֿיל זיך זייער איבעריק אין שטוב. אַ נס איך גיי אַוועק פֿאַרנאַכט אויף צוויי שעה אין סקול. די לערערקע זעט אויס האָט באַמערקט, אַז איך בין זייער פֿאַרשרגט און האָט מיר הײַנט געזאָגט, זעט אויס, געוואָלט מיך טרייסטן : "יו'ר יאָנג". איך בין יונג, אָבער צרות האָב איך שוין דורכגעלעבט אַ סך. די לערערקע ווייס דאָך ניט, אַז עס איז געווען לובלין, אַ מאַמע, אַ טאַטע, ברידער, לייזער איז געווען און מען פֿלעגט גיין ש—צירן צום סאסנאָוון וואַלד, דער פֿעטער זיידל פֿלעגט קומען מיט אַ פֿערד און מיט אַ וואָגן אָדער מיט אַ שליטל. און איצט איז גאָרניטאָ. עס האָט זיך אָפּגעריסן איין מענטש פֿון אַ וועלט און די וועלט איז אים פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. וואָס זשע קען האָ העלפֿן, וואָס איך בין יונג?

עס איז נאָך דאָ לובלין

2-טער פֿעברואַר.

עס איז נאָך דאָ לובלין. הײַנט באַקומען פֿון טאַטן אַ קאַרטל. ער לעבט. דער ברודער איז אויך געזינט. וועגן דער מאַמען דערמאָנט ער ניט. און כאָטש איך האָב געוואוסט וואָס מיט דער מאַמען איז געשען, האָט זיך מיר פֿונדעסטוועגן אָפּגעריסן אין

---

17

האָדצן, אַז איך האָב פֿון דער מאַמען קיע געריס ניט געפֿונען. אָבער עס איז נאָך דאָ לובלין. די שטאָט, מיט מיץ היים, און דער וואַלד איז נאָך מסתם אויף פֿאַראַן. וועגן לייזערן שרײַבט דער טאַטע גאָרניט, איך ווייס ניט וואָס מיט לייזערן איז געוואָרן. איך באַמי זיך וועגן אים ניט טראַכטן. וואָס איז דאָ צו טראַכטן? אַז איך וועל אים שוין מסתם קיינמאָל ניט זען. איך וואָלט אָבער געוואָלט וויסן צי ער לעבט. הײַנט האָב איך ניט געהאַט קיין עגמת נפֿש וואָס מאַרווין האָט מיר ווידער אַוועקגעשטעלט די שיך זײַנע לעם מײַן בעט. אַ דאגה דאָס איז. דאָס קאַרטל איז מיר אָנגעקומען גלײַך אין דער פֿרי, האָב איך מאַרווינען אָעעפּוצט די שיך. אַבי עס איז דאָ צוריק אַ שטאָט, צוריק אַ שטיקל היים, איז נאָך דאָ אַ וועלט אויך. וועל איך נאָך פּטור ווערן פֿון מאַרווינס שיך אויך. הײַנט איז פֿרייטיק. די טאַנטע האָט געמאַכט געפֿילטע פֿיש. זי האָט אויך געבאַקט "קוקיס". פֿרייטיק איז בײַ אונדז אין שטוב מער שבת, ווי אום שבת גופֿא. אין אָוונט שפּילט מען אין קאָרטן, אָבער פֿאַראכט צינדט די טאַנטע אָן ליכט. הײַנט איז די טאַנטע פֿאַרזאָרגט וועגן סעלמאַן. סעלמאַ איז ניט געזונט, מען דאַרף איר מאַכן אַן אָפּערציע. סעלמאַ אַליין איז אויך פֿאַרזאָרגט. זעט אויס, אַ מענטש האָט מורא פֿאַר זײַן לעבן. און מײַן מאַמע? ניטאָ שוין וועגן איר גאָרניט אין קאַרטל. איך וואָלט כאָטש וועלן זען דאָס אָרט ווו זי ליגט. דעם האָמען איבערלייענען אויפֿן שטיין.

אַזעלכע אויערן האָב איך

3-טער פֿעברואַר.

די מאַמע עה"ש פֿלעגט שטענדיק שריען אויף מיר, וואָס אומעטום שטעל איך צו אַן אויער. אַ מענטש דאַרף גיט אַלץ וויסן, פֿלעגט זי זאָגן. וואָס זאָל איך טאָן, אַז אַזעלכע אויערן האָב איך, איך הער זיך ניט צי און איך הער פֿאָרט. באַשכט האָב איך געהערט, ווי דער פֿעטער אין צווייטן צימער האָט אַ זאָג געטאָן: ממזרים פֿעלן מיר נאָך אין שטוב? די טאָנטע האָט אַ שיקע געטאָן און עפּעס אַ זאָג געטאָן אויף ענגליש. און דערהאָך האָב איך ווידער געהערט זיי ריידן "שי" און "שי". נאָר דאָס מאָל

---

18

האָט מען שוין גערעדט ניט וועגן מיר, נאָר וועגן סעלמאַן. זעט אויס, ש מיט סעלמאַן איז עפּעס ניט גלאַטיק. און איר אָפּעראַציע איז אויך ניט גלאַט אַזוי אַן אָפּעראַציע. דאַכט זיך, אַז סעלמא האָט די מתע צרות . . . דערפֿאַר קומט ניט עדי. עדי איז שיין ניט געווען אַ טאָג צען. סעלמאַ איז מײַן קוזינע. איר אָמען איז אַזויווי מײַנער, שרה-רבֿקה. סעלמאַ הייסט עס אויף ענגליש. איך וואָלט וועלן אויף איר רחמנות האָבן און קען ניט. זי האָט אַזעלכע שיינע קליידער. טאַשן, שיך, אַלץ וואָס זי דאַרף, נעמט זי אַרויס פֿון אַ טאַש. פֿאַרב, פּודער, אַ פֿייִלכל

פֿאַר די נעגל, אַ קעמעלע, אַ נאָז-טיכל, אַ שפּילקע צו די האָר, אַ שפּילקע צום קלייד, אַ באַנד, אַן אַדרעס. מיר
עכט זיך, וואָס עס זאָל זיך מיט סעלמאַן ניט טרעפֿן וועט זי באַלד אַרויסנעמען פֿון טאַש אַ זאַך, וואָס וועט איר
תּיכף העלפֿן. אַ רפֿואה, אַן עצה, אַלץ איז דאָ בײַ סעלמאַן אין די שיינע טאַשן, טאָ ווי קען איך אויף איר רחמנות
האָבן? אָבער פֿונדעסטוועגן וויינט זי. הײַנט האָט זי גערעדט צו עדין אויפֿן טעלעפֿאָן. עדי, עדי, האָט זי אַ סך
מאָל אָנגערופֿן אים בײַם נאָמען. וואָס זי האָט גערעדט ווייס איך ניט. ענגליש. אָבער נאָכן ריידן איז זי אַוועק צו
זיך אין צימער, און ווידער מײַנע צרה'דיקע אויערן, איך האָב געהערט, ווי זי האָט געשניעט די נאָז, געוויינט.
בײַ דער מאַנטע אויף גרענך מטריט
5-טער פֿעברואַר.
עס איז אַ נאַרישקייט, וואָס איך טראַכט וועגן לייזערן. איך טראַכט, ווי מיר פֿלעגן גיין צוזאַמען אין סאָסנאָוון
וואַלד. האָך דעם טאַטנס קאַרטל, ווייס איך, אַז עפּעס איז נאָך דאָרט פֿאַרבליבן. מסתּם איז דער סאָסנאָווער
וואַלד אויך, אפֿשר, פֿאַראַן. און לייזער? ווּ איז ער? אַוועק מיט די פּאָליאַקן קיין רומעניע? געבליבן בײַ די
דײַטשן? אָדער אפֿשר איז ער אין לובלין? ער האָט געוואָלט האָרן קיין ארץ ישׂראל, אפֿשר איז ער אַוועקגעפֿאָרן
אַהין? אָבער צי לעבט ער? איך וועל פֿרעגן דעם טאַטן. אפֿשר וועט ער מיר ענטפֿערן. איך האָב זיך הײַנט אין
שול אויסגעלערנט נאָך עטלעכע ווערטער. איך פֿאַרשטיי שוין אַביסל

---

19

ווען מען רעדט פּאַמעלעך, אָבער, אַז מאַרווין רעדט פֿאַרשטיי איך גאָרניט.
די מיסיס שאָר איז הײַנט ווידער געקומען, ווען די טאַנטע איז ניט געווען אינדערהיים. זי וויל מיך נעמען אין דער
לובלינער לאַנדסמאַנשאַפֿט. "דו דאַרפֿסט זען מענטשן", האָט זי צו מיר געזאָגט, "וואָס ווּעסטו דאָ זיצן אויף
גרענד סטריט?" די מיסיס שאָר איז אַ מאָדנער מענטש. זי האָט בלויע אויגן, איין אויג איז בײַ איר כמעט
שטענדיק אַביסל פֿאַרזשמורעט, און עס דאַכט זיך, אַז איין אויג איז גרעסער און יך אויג קלענער. זי זעט ניט אויס
צו זײַן קיין גוטע, אָבער, אַז זי קומט אַרײַן, פֿיל איך זיך היימישער. הײַנט האָט זי צו מיר אַ זאָג געטאָן: "דו ביסט
שוין אַלט צוואַנציק יאָר? אין אַמעריקע דאַרף מען שוין חתונה האָבן. דאָ צו צוואַנציק יאָר איז מען שוין כמעט אַן
אַלטע מויד", און זי האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט. עס האָט מיך אַ קלעם געטאָן בײַם האַרצן. לייזער, האָב איך
זיך דערמאָנט, האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז מיר וועלן חתונה האָבן, ווען ער וועט אַלט זײַן פֿינף און צוואַנציק און
איך צוויי און צוואַנציק יאָר. און דאָ בין איך שוין אַן אַלטע מויד. לייזער ווייס איך ניט צי ער לעבט. לובלין איז עק
וועלט. און איך בין אין אַמעריקע בײַ דער טאַנטע אויף גרענד סטריט, פּוץ די שיך פֿאַר מאַרווינען. מען האָט
צוליב מיר אַוועקגעשיקט די שוואַרצע. אַ, איך בין אַלט אַ סך מער ווי צוואַנציק יאָר, אפֿשר דרייסיק, אפֿשר
פֿערציק. איך בין שוין זייער, זייער אַלט, כאָטש איך בין אין די זעלביקע יאָרן ווי סעלאָ. אָבער אויף סעלמאַן איז
אויך אַ רחמנות.

איך פֿאָר זען לאַנדסלײַט
11-טער פֿעברואַר.
נעכטן איז סעלמאַ צוריקגעקומען פֿון שפּיטאָל. זי איז דאָרט געווען צורי טעג. אין אָוונט איז געקומען עדי. צו מיר
האָט ער אַ זאָג געטאָן "האַלאָ גרינע" און האָט מיר אַ שאַר געטאָן מיט דער האַנט איבער די האָר. איך האָב
געזען, אַז סעלמאַן האָט עס פֿאַרדראָסן. זי האָט געשמייכלט, נאָר בײַ איר איז ווידער גרויס געוואָרן דער גוידער,
און דאָס פּנים איז געוואָרן ברייט. די

---

20

ענטע האָט זיך דעמאָנט, אַז זי דאַרף גיין אויף אַ זיצונג פֿון דער "לײדיס סאָסייעטי" (פֿרויען-געזעלשאַפֿט) פֿון
דער לאַנדסמאַנשאַפֿט. די האַנטע האָט מיך גערופֿן מיטגיע. "קום ווּעסטו זען לאַנדסלײט". איך האָב אָעעסאָן
מײַן ,אדרעס", די טאַנטע האָט מיר צוגעפֿאַסט אַ היטעלע אין סעלמאַ האָט מיר געגעבן אַ טאַש. מיר זײַנען
געפֿאָרן מיט דער סאָבוויי. איך קען זיך צו דער סאָבוויי גיט צוגעוווינען. עס ווערט מיר ניט גוט אין דער סאָבוויי.
נאָר איך האָב דער טאַנטע ניט געזאָגט וועגן דעם. שוין אַזוי אויך בין איך צופֿיל אַ "גרינע". איך בין געזעסן און
עס האָט מיר געקלונגען אין די אייערן. קוים זיך אַרויסגעכאַפּט אויף דער פֿרישער לופֿט.
— דײַן מאַמע, דיר צו לענגערע יאָר, איז אויך געווען אַ שוואַכע, — האָט די טאַנטע אַ זאָג געטאָן צו מיר, — איך
זע דו סאָפּעסט אויך פֿון דער סאָבווי. — "ניין, איך פֿיל זיך גוט," האָב איך באַלד דער טאַנטע אָפּגעטאָקט אַ
תּשובה, איך קען אליין ניט פֿאַרשטיין צוליב וואָס, ר אַזוי האָט זיך מיר געוואָלט איר ענטפֿערן. מיר זײַנען
געקומען צום מיטינג. דאָרט זײַנען געווען אַ פֿופֿציק פֿרויען, כמעט אַלע מיט גרויע קעפּ, בלויז אַ פּאָר אינגערע,
און עטלעכע מענער. די פֿרויען זײַנען געווען אויסגעפּוצט מיט שפּילקעס אין די קלירער, אַ סך מיט גאָלדענע
זייגערלעך אויף די הענט. אין דער היים האָב איך קיינמאָל ניט געזען עלטערע פֿרויען זיך אַזוי אָנטאָן. פֿאַרוואָס
זיי רופֿן דאָס "מיטינג" האָרשטיי איך ניט. דער האָנצער אָוונט איז כמעט אַוועק אויף טרינקען קאַווע און עסן

קעיק. די פֿאָרזיצערן האָט גערעדט ענגליש. איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען וועגן וואָס זי רעדט, נאָר אינמיטן דערינען פֿלעגט זי אויסשיסן אַ פּאָר אידישע ווערטער. "וועט עס ווערט ניט פֿאַלגן וועט באַצאָלן טייערער." אָדער — "לאָזט איבער די סודות אויף שפּעטער", "דעם בעסטן קעיק וולן מיר 'פּרייע' (האַלוינען) מיט אַ קוש". עס איז געוואָרן אַ פּאַטשערייַ. און מען האָט אָנגעהויבן פֿרעגן: — פֿון וועמען? פֿון וועמען אַ קוש? — די פֿאָרזיצערן האָט זיי האָך עפּעס דערקלערט אויף ענגליש און ווײַטער אויסגעשאָסן אויף אידיש: "וועט עס ווערט ענגען אַ פֿלאַש 'פֿאַלעסטיין' ורין וועט מען אים אויך ניט אַרויסטרייבן". איך האָב געמיינט, אַז מען גרייט צו די

---

21

פּורימדיקע סעודה, נאָר מען האָט מיר דערקלערט, אַז דאָס דאַרף זײַן אַ זאַמלונג פֿאַר די מלחמה קרבנות. עס איז געווען גאַנץ פֿריילעך. מען האָט זיך געחכמעט און געגעסן קעיק (טאָרט). אין אַמעריקע עסט מען זייער אַ סך "קעיק". אַבי וואָס איז "קעיק". אַ קאַרט פֿאַדהי — איז קעיק, אַ געבורטסטאָג — איז "קעיק", אַ זאַמלונג פֿאַר די מלחמה געליטענע — איז "קעיק". מען האָט מיר געזאָגט, אַז ווען עמיצער שטאַרבט, גיט מען נאָך דער לויה אויך יעדערן צו שטיקלעך קעיק, נאָר אין דעם גלויב איך ניט, סיידן איך זאָל דאָס זען מיט מײַנע אייגענע אויגן. און פֿון יעדער סאָרט ,גקעיק" האָבן די פֿרויען פֿאַרזוכט. פֿריער אַ שטיקעלע האָניקקעיק. דערנאָך אַ שטיקעלע קעז-קוכן, דערנאָך ווידער אַ שטיקל קאָפֿע קעיק און ווידער "קוקיס" — מען קייט. מען גיט אַ זיפֿץ: "אויף יענער זייט איז דאָס אַן אומגליק", און מען פֿאַרקייט עס מיט אַ שטיקל קאָפֿע קעיק. דערנאָך האָט מען געשפּילט אין קאָרטן. דאָס געווונענע געלט גייט אויף אָפּשיקן אין דער אַלטער היים, קיין לובלין. צווישן די פֿרויען האָב איך געטראָפֿן חנקע די בעקערקע. ווען איר האָב איך געהערט דערציילן אַ סך מעשיות אין דער היים. זי איז זייער אַ שיינע געווען אַמאָל. זי האָט חתונה געהאָט זייער יונג. דערהאַך האָט זי זיך גע'גט מיטן מאַן און זי איז אַרײַן אין דער חברה. זי איז געוואָרן בײַ זיי אַ רעדנערקע און אַ גאַנצע אייפֿטווערקע. מען האָט זי געכאַפּט אויף אַ פֿאַרזאַמלונג און אַוועקגעשיקט אין טורמע. זי איז אַנטלאָפֿן און איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע. צו דעם מיטינג האָט זי געבראַכט די בעסטע "קוקיס". אַז איך האָב איר געזאָגט, אַז אינדערהיים האָט מען דערציילט וועגן איר אַ סך מעשיות, האָט זי הנאה געהאַט און געזאָגט, אַז זי איז איצט אויך די בעסטע "פּאוקערקע" אין קלוב, דאָס הייסט זי שפּילט אַמבעסטן אַ קאָרטן-שפּיל אַזאַ, "פּאוקער". ווען מיר זײַנען צוריקגעקומען אַהיים איז נאָך עדי געווען. ווען איך בין געשטאַנען אָן אַ זייט און אַרינגעלייגט סעלמאָס היטעלע צוריק אין שאַכטל (סעלמאַ האַלט אַלע אירע היטעלעך אין שאַכטעלעך און בײַ איר אין צימער איז פֿאַראַן אַ ספּעציעלע פּאָליצקע פֿאַר דעם) איז צו מיר צוגעגאַנגען עדי, ער האָט צו מיר הויך געזאָגט: — נו, דו האָסט געזען דיינע לאַנדסלייט? — און שטילערהייד האָט ער צוגעגעבן, — די ביסט אַ

---

22

שיינע. — איך האָב זיך צעטומלט און מורא געהאַט די טאַנטע זאָל ניט דערהערן, אָדער סעלמאַ. געהערט האָבן זיי ניט, אָבער די טאַנטע איז פֿונדעסטוועגן צוגעגאַנגען צו אונדז און געזאָגט: — מיר האָבן זיך דאָרט זייער גוט "אַנדזשאָיעט". — פֿאַרן אַוועקגאַנג האָט מיר עדי אַ דריק געטאָן אַ פֿינגער. מיר האָט זיך דערנאָך געדאַכט, אַז דעם פֿינגער פֿיל איך אַרויס פֿון דער גאַנצער האַנט, כאָטש ער האָט מיר ניט ווי געטאָן, נאָר געברענט ביז איך בין אַנשלאָפֿן געוואָרן.

אַן אויסגעבאָרגע וועלט
14־טער פֿעברואַר.
דיער ביטער צי זײַן אויף לאַסקאַוון ברויט. סעלמאַ קוקט אויף מיר ניט אינגאַנצן. און די טאַנטע איז געוואָרן שטיוונע, שטייף. זי רעדט יע צו מיר, נאָר עפּעס אַזוי ווי מיט אַ טענה. איך זאָג זיך ניט אָפּ פֿון קיין שום אַרבעט. רייניק מאַרווינען די שיך, גרייט צו דער טאַנטע די גרינס, נאָך איידער זי הייסט מיר, נאָר פֿונדעסטוועגן דאַכט זיך מיר, אַז דאָס גאַנצע הויז איז פֿול מיט טענות צו מיר. באַנאַכט האָט זיך מיר אפילו געחלומט, אַז איך שטיי אינמיטן שטוב און אַלע שטייען אַרום מיר און שרייען: "אַרויס פֿון שטוב, אַרויס! " בײַ סעלמאַן איז געווען אַזאַ גרויסער גוידער, ווי בײַ אַ קי אַן אייטער. אַ חלום איז אַ נאַר. אויפֿגעכאַפּט זיך האָב איך געהאַט בלויז אַ קלעמעניש אין האַרצן, און בין געווען צופֿרידן, וואָס דאָס אַלץ איז בלויז אַ חלום. ווײַל ווו וועל איך גיין? ‏‏װעט אויס, אַז עפּעס האָט די טאַנטע געזאָגט דער מיסעסשאָר , ווײַל מיסיס שאָר האָט מיך געטראָפֿן אויף די שטיגן, מיר דאַרט זיך, זי האָט מיך אַפֿילו אומישנע אָפּגעוואַרט, זי האָט מיך אַרומגענומען בײַ דער טאַליע און אַרײַנגערופֿן צו זיך אין הויז. די מיסיס שאָר האָט מיך אַוועקגעזעצט אויפֿן קאַוטש און איך האָב געפֿילט, אַז זי וויל מיט מיר ריידן וועגן זייער אַ וויכטיקער זאַך. אַנקוקען מיר אויף דער וואַנט האָב איך דערזען אַ בילד פֿון אַ טערקישער פּרינצעסין מיט אַ קרוין אויפֿן קאָפּ, און אירע שטוב-מיידלעך זיצן לעבן אירע פֿיס און דערלאַנגען איר פֿרוכט.

---

23

די מיסיס שאָר האָט מיר דערלאַנגט אַ טשואינגאַם און אַליע האָט זי פֿאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס.
— הער, רבֿקהלע, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, — אַמעריקע איז אַזאַ לאַנד, וואָס דער בעסטער גוטער פֿרײַנט איז
דער דאָלאַר, און דער נענטסטער קרוב איז מען צו זיך אַליין. צי וואָס דאַרפֿסטו זיצן בײַ דײַן טאַנטע? סעלמאַ איז
אַ מיידל, דו ביסט אַ מיידל, צוויי קעץ אין איין זאַק טויגן ניט. גלייכער זוך זיך פֿאַר דיר אַרבעט. וועסט האָבן אַן
אייגענעם דאלער און די וועלט וועט זיך פֿאַר דיר עפֿענען. —
איך בין געזעסן און האָב געהערט, אין האַרצן האָט מיר געזעצט, ווי מיט האַמערס. ווו זאָל איך גיין זוכן אַרבעט?
וואָס פֿאַר אַן אַרבעט? און אַז די מיסיס שאָר האָט מיך אַרײַנגערופֿן צו זיך אין שטוב אַרײַן, כדי ריידן מיט מיר,
מסתּם ווייסט זי, וואָס זי טוט. איך האָב פּלוצלינג דערפֿילט די גאַנצע וועלט, ווי אַן אויסגעבאָרגטע. מיסיס
שאָרס קאַנאַפּע איז מיר אויסגעבאָרגט צו זיצן דאָרט אַ ווײַלע. מײַן בעט איז מיר אויסגעבאָרגט אויף שלאָפֿן
עטלעכע נעכט, אפֿילו די שטיגן זײַנען מיר אויסגעבאָרגט אויף דורכגיין עטלעכע מאָל און ניט קומען מער אויף
צוריק. אַן אויסגעבאָרגטע וועלט איז פּונקט אַזוי ביטער, ווי אַן אויסגעבאָרגט קלייד, אָדער שיך, דריי זיך דורך
אין זיי און גיב צוריק. און ווו זאָל איך גיין זוכן אַ שטענדיקע וועלט? ווו זאָל איך גיין? איך ווייס ניט, ווי לאַנג איך
בין געזעסן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט. איך האָב אפֿילו ניט באַמערקט, ווי די מיסיס שאָר איז אַוועק אין קיך און
האָט געבראַכט פֿאַר אונדז צוויי טעפּעלעך קאַווע. דערהאָך האָט זי געבראַכט "קוקיס", זי האָט מיך אַ נעם
נעטאָן פֿאַר דער נאָז און אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ אַרויף:
— זאָרג ניט, די וועלט איז גרויס.

מיסים רובין
16־טער פֿעברואַר.
איך האָב באַשלאָסן גיין פֿריער פֿון אַלץ צו מײַן מאַמעס
חברטע, צו דער מיסיס רובין. אויפֿן מיטינג, ווען איך האָב איר
געזאָגט, אַז די מאַמע מײַנע לעבט שוין ניט, האָט זי אַ וויין גע-

---

24

טאָן, פֿאָרט אַן אייגענער מענטש. די טאַנטע האָט געזען, ווי איך טו אָן די ,אדרעס" און זי האָט מיך אַ פֿרעג
געטאָן: — ווו קלייבסטו זיך עפּעס מיצקע דערינען? — פֿון איר פֿרעגן האָב איך דערפֿילט, אַז זי ווייסט ווו איך גיי,
האָר זי מאַכט זיך ניט וויסנדיק. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך וויל זיך גיין פֿאַרשרײַבן אין דער ביבליאָטעק,
נעמען ביכער.
— נעם ביכער, אַז דו ווילסט ביכער, — האָט די טאַנטע געזאָגט נאָכגיביק, נאָר קום ניט צו שפּעט.
דער מאַמעס חברטע, די מיסיס רובין, האָט אין שטוב אויסגעזען אינגאַנצן אַנדערש, ווי אויפֿן מיטינג. עשטנס
איז בײַ איר דער גאַנצער קאָפּ אויסגעשטעקט מיט מאַשינקעס אויף מאַכן געקריעלטע האָר. דער קאָפּ האָט
אויסגעזען, ווי ער זאָל האָבן אָן אַ שיעור הערנער. פֿון פֿאַרנט, פֿון הינטן און פֿון אַלע זייטן. דאָס פּנים האָט
אויסגעזען אַ סך עלטער און געגאַעען איז זי אין אַ פֿאַרטוך, וואָס האָט זי געמאַכט פֿון אויבן ביז אַראָפּ גלײַך, ווי
אַ זעקל שטרוי. אָן אַ טאַליע, אָן אַ ביוסט, אָן זייטן, אָן אַלעמען. אַ לאַנגער זאַק שטרוי, מיט הערנער פֿון אויבן
און מיט אַ פּאָר שטעקשיך פֿון אונטן. זי האָט מיך דערזען און זיך פֿאַרוווּנדערט, וואָס איך בין געקומען אַליין אָן
דער טאַנטע אינמיטן פֿרייטיק. איך האָב געוואַרט זי זאָל ווידער אָנהויבן ריידן וועגן איר חברשאַפֿט מיט מײַן
מאַמען עה"ש, איך וואָלט געהאַט מער מוט דערציילן איר, אַז איך וויל פֿון איר אַ טובה, אַז זי זאָל מיר העלפֿן
געפֿינען אַ שטעלע, נאָר פּונקט ווי אויף צו להכעיס, האָט זי וועגן דעם ניט גערעדט. זי האָט נאָר גערעדט וועגן
מײַן טאַנטע וואָס פֿאַראַ גוטע פֿרוי זי איז, און מײַן גליק, וואָס איך בין אַרײַנגעפֿאַלן אין אַזאַ הויז. איך האָב אַלץ
ניט געפֿונען די געלעגנהייט אָנהויבן מיט איר צו ריידן אָפֿנהאַרציק. עס איז זייער שווער צו ריידן ווען מען וויל
עפּעס בעטן. איך האָב געגעסן אַן עפּל, געטרונקען אַ גלאָז טיי, איך האָב אײַעעזען, אַז איך מוז שוין גיין אַהיים.
איך האָב זיך אָנגענומען מיט אַלע כחות און געזאָגט : — מיסיס רובין, איך בין צו אײַך געקומען, ווײַל איר זיינט
געווען מײַן מאַמעס עה"ש אַ חברטע, איך האַלט אײַך פֿאַר אַן אייגענעם מענטשן . . .
די מיסיס רובין איז געוואָרן ערנסט, כמעט דערשראָקן. איך

---

25

האָב וריטער ניט געוווּסט, וואָס צו זאָגן און צו מײַנע גרויסע צרות האָבן זיך מיר טרערן אָנגעקליבן אין האַלדז,
כאָטש ווער דערשטיקט. כדי ניט אָנהויבן וויינען האָב איך דערווײַל גענומען טרינקען דאָס ביסל טיי, וואָס מיר
איז געבליבן אין גלאָז. די מיסיס שאָר האָט זיך געמאַכט ניט זעענדיק, וואָס די אויגן זײַנען בײַ מיר פֿול געוואָרן,
זי האָט געשוויגן און איך האָב שטילערהייט געזופּט. דערנאָך האָב איך איר געזאָגט, אַז איך וויל אַוועקגיין פֿון
דער טאַנטע און איך ווייס ניט, וואָס איך זאָל זיך נעמען טאָן. — אַוועקגיין איז גרינג, אָבער צוריקקומען, חלילה,

איז שווער, — האָט מיר די מיסיס רובין געזאָגט, — גיי ניט אַוועק, אויב עס פֿאַרדריסט דיך עפּעס —— מאַך זיך ניט וויסנדיק. אַז מײַן הערי וועט קומען, וועל איך מיט אים איבערשמועסן, אפֿשר וועט ער זען פֿאַר דיר אַרבעט בײַ די "גלאָווס" (הענטשקעס). עס איז געווען זייער פֿײַן פֿון דער מיסיס רובין, זי האָט מיך געבעטן בלייבן אויף אָוונטברויט, אָבער איך האָב זיך געפֿילט אַזוי מיד פֿון דעם שמועס, אַז איך האָב געוואָלט וואָס פֿריער אַוועקגיין, זיך אַביסל אָפּרוען.

אינשורנס
19־טער פֿעברואַר.
דער אָנקל איז הײַנט געקומען אַהיים מיט אַ קאָפּווייטיק. אין שטוב איז געווען אַ חורבן. די מיסיס ראַבקין, וואָס האָט געזאָלט לאָזן שרײַבן אַן אינשורענס פֿאַר די קינדער האָט פּלוצלינג געקראָגן קאַלטע פֿיס, זי וויל זיי, הייסט עס, דערווײַל ניט אינשורן. און אַלץ צוליב דעם, וואָס די טאַנטע האָט ניט געשטימט פֿאַר איר פֿאַר אַ טרעזשורער אין דער "ליידיס סאָסייעטי". די טאַנטע האָט זיך געשוואָרן, אַז זי האָט האָר קיינעם גיט געשטימט, דער קאָפּ האָט זי גראד ווײ געטאָן, און זי איז געזעסן אויפֿן מיטינג, ווי אַ טויטע, און האָט ניט געהערט אפֿילו וואָס מען פּלאַפּלט דאָרטן.
— דאַרף מען דעם קאָפּ אַוועקלייגן אָן אַ זייט! גאָר אַן עסק מיט אַ קאָפּ, — האָט גע'טענה'ט דער אָנקל, — גאָר אַן עסק מיט אַ קאָפּ, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ זאַך.



די טאַנטע האָט געהאַט טענות, פֿאַר וואָס מען האָט איר ניט דערמאָנט, אַז דער אָנקל קלייבט זיך שרײַבן אַן אינשורענס בײַ די ראַבקינס, האָט דער אָנקל צוריק גע'טענה'ט, אַז זי מעג אויך געדענקען די ביזנעס אָן אַ דערמאָנונג. דער סוף איז געווען, אַז די טאַנטע איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ נאַסן האַנטאַך אויפֿן קאָפּ און גשלונגען אַספּירין, ביז עס איז אַרײַנגעקומען די מיסיס שאַר און מענדל פּושקאַרט און מען האָט געמאַכט אַ פּינאָקל. איך האָב זיך אַרומגעזען, אַז דאָס פּינאָקל ראַטעוועט דעם אָנקל פֿון אַלע צרות, און איך בין צופֿרידן, אַז דער אָנקל זעצט זיך אַוועק שפּילן, כאָטש, אַז ער פֿאַרטראַכט זיך אַ רגע, דאַכט זיך, אַז ער פּסקנ'ט אַ שאלה. א זייגער אַכט האָט מיר די טאַנטע געגעבן אַ קוואָדער און געשיקט אין די מוווים. — גיי זיך אַביסל דורך אין די מוווים, — האָט די טאַנטע געזאָגט, — וועסט זיך גיכער אויסלערנען ריידן ענגליש. — איך ווייס שוין, אַז ווען די טאַנטע שיקט מיך אַוועק אין אָוונט, הייסט עס, אַז עדי קומט. די טאַנטע וויל ניט, אַז איך זאָל זיך טרעפֿן מיט עדין. זעט אויס, אַז סעלמאַן פֿאַרדריסט זייער אַז עדי רעדט אויס צו מיר אַ וואָרט. און איך בין אויך צופֿרידן, וואָס איך טרעף זיך ניט מיט אים. אין שטוב ווערט אַזאַ שווערקייט, אַזאַ אָנגעצויגנקייט, און מיר דאַכט זיך, אַז אַלע היטן מיך, אַז איך זאָל עפּעס ניט "צונעמען". אין די מוווים האָב איך געזען אַ פֿרוי, וואָס האָט פֿאַרפֿירט פֿאַראַמאָל פֿיר מענער. אַ גוטע אַקטריסע. איך האָב זיך פֿון איר עפּעס אויסגעלערנט. איך האָב זיך אויסגעלערנט, אַז מיט מענער דאַרף מען ניט זײַן אָפֿנהאַרציק. מען דאַרף זיי נאָכאַנאַנד פֿירן אין באַד אַרײַן, צוזאָגן און ניט האַלטן וואָרט. און דאָס געפֿעלט זיי. איך מײַן, ווען אַלע פֿרויען זאָלן זיך אַזוי אויפֿפֿירן, ווי די אַקטריסע וואָלטן זיי פֿאַרפֿירט אַלע מענער. איך וועל דאָס קיינמאָל ניט קענען, ווײַל מען דאַרף זאָגן איין ליגן נאָכן אַנדערן, און אויף מיר דערקענט מען באַלד, אַז איך זאָג אַ ליגן. אָבער פֿונדעסטוועגן וואָלט איך געוואָלט זײַן אַזוי.
ווען איך בין געווען אין די מוווים, איז דאָ געקומען די מיסיס רובין. אַ שאָד, וואָס איך האָב זי ניט געטראָפֿן. זי האָט אָנגעזאָגט, איך זאָל צו זיי קומען מאָרגן. עס האָט מיר אַזש אַ זעץ געטאָן אין האַרצן, ווען די טאַנטע האָט עס מיר איבערגעגעבן,



אפֿשר וועל איך קריגן אַרבעט, אפֿשר עפֿנט זיך שוין פֿאַר מיר די וועלט.
20־טער פֿעברואַר.
איך זע זיך אַרום, אַז אינדערהיים איז דער מענטש אַ אַנדערער, ווי ווען מען זעט אים אין דער לאַנדסמאַנשאַפֿט. אין דער לאַנדסמאַנשאַפֿט איז מיסטער רובין געווען, ווי אַלע לאַנדסלייט, בײַ זיך אינדערהיים זעט ער אויס ווי אַ פּריץ. ער איז געזעסן מיט אַ ציגאַר אין מויל אין האָט מיר געגעבן עצות. אגב זײַן ציגאַר רויכערט ער אויף אַ מאָדנעם אופֿן. ער רויכערט אים כמעט גאָרניט, נאָר ווען ניט ווען, אַמאָל אין אַ יובל, גיט ער אים אַ צי, אַ פּיפּקע מיט די ליפּן און פֿון ציגאַר לויפֿן אַרויס אַ דריי, פֿיר רינגעלעך רויך. אין דערנאָך ווידער שטיל. מיסטער רובין פֿאַרציט אים ניט און דער ציגאַר רויכערט ניט. אַז איך זאָל קענען באַקומען אַרבעט בײַ אים אין דער "פֿעקטאָרי" (פֿאַבריק) פֿון די "גלאָווס" — דאָס איז אוממעגלעך, ווײַל ער נעמט ניט קיין לערנמיידלעך, און קיין אַנדער אַרבעט, זאָגט ער, וועל איך ניט קענען טאָן, ווײַל איך קען ניט קיין ענגליש. מיסטער רובין האָט נאָך דעם אַ פּיפּקע געטאָן זײַן ציגאַר, פֿון ציגאַר זײַנען אַרויסגעלאָפֿן די פֿיר רינגעלעך רויך און מיסטער רובין איז געאָלן אויף אַ פּלאַן פֿאַרמײַנעטוועגן: די גלייכסטע זאַך פֿאַר אַ מיידל אין דעם עלטער, אַז זי קומט קיין אַמעריקע —

איז חתונה האָבן, ווײַל עס איז דאָ שווערער פֿאַר אַ מיידל צו באַקומען אַרבעט איידער ווערן אַ כלה. דאָ האָט זיך שוין מיסיס רובין אַרײַנגעמישט. —" נעווער מיינד", האָט זי אַ זאָג געטאָן, "מען דאַרף פֿאַר איר קריגן אַ "דזשאָב". חתונה האָבן גאָר גיט ער איר אַן עצה" . . . איך האָב דערזען, אַז מיסיס רובין איז פֿאַרט דער מאַמעס עה"ש אַ חברטע געווען און וויל מיר ביישטיין אין אַ שלעכטער צײַט. דעמאָלט האָט מיסטער רובין ווידער אַ פּיפּקע געטאָן דעם ציגאַר און איך האָב שוין אַביסל אָפּגעצויגן דעם אָטעם, מיט די דריי רינגעלעך רויך איז טאַקע געקומען אַ שפּאָגל גייע עצה: אַזיווי דער ווייס פּרעזידענט פֿון דער געזעלשאַפֿט "הילף פֿאַר פֿליכטלינגע" איז אַליין אַ לובלינער, איז די גלייכסטע זאַך גיין צו אים

---

28

און ער וועט שוין עפּעס זען טאָן פֿאַר מיר, אָבער כדי ער זאָל וועלן טאָן — דאַרף מען אים ברענגען פֿון עמיצן אַ בריוו. מיסטער רובין האָט לאַנג געטראַכט, פֿון וועמען זאָל מען אים ברענגען אַ בריוו, דער ציגאַר האָט בײַ אים אַלע ווײַלע אַ פֿאַך געטאָן מיט עטלעכע רינגעלעך רויך און סוף כל סוף האָט מיסטער רובין אַ זאָג געטאָן: — אַזוויווי דער רב פֿינקל איז אויך אַ לובלינער, דאַרף מען בײַ אים נעמען אַ בריוו, און אַז דער ווייס פּרעזידענט וועט באַקומען אַ בריוו פֿון רב פֿינקל, וועט ער קיין ברירה ניט האָבן און וועט מוזן עפּעס טאָן פֿאַר אַ פֿליכטלינג. — ווי זשע קריגט מען דעם בריוו פֿון רב פֿינקל? פּשוט מען גייט און מען נעמט. אויף דעם איז ער דאָך אַ רב, צו אים דאַרף מען קיין פּראָטעקציע ניט האָבן. מיסטער רובין איז געווען זיכער, אַז דער פּלאַן איז דער בעסטער, ער האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס פֿון רב פֿינקל און דעם אַדרעס פֿון דעם ווייס פּרעזידענט. (אַדרעסן האָט מיסטער רובין געהאַט אפֿשר אַ מיליאָן). ער האָט די אַדרעסן פֿאַרשריבן אויף באַזונדערע פּאַפּירלעך. די מיסיס רובין האָט דערלאַנגט די זעלבע קוקיס, זי האָט דערלאַנגט אַ "קאַפּ קאָפֿע" און פֿרוכטן אויפֿן זעלבן גרינעם טעלער. ווען איך בין אַוועק פֿון די רובינס האָב איך געפֿיהלט, אַז קריגן אַרבעט איז שווערער ווי ווערן אַ כלה. די גאַס איז געווען טומלדיק, אַ מאַשין אַהין, אַ מאַשין אַהער, מענטשן יאָגן זיך, איילן זיך, אַ געדראַנג. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך דאַרף דעם גאַנצן ריזיקן עולם צעשטופּן מיט מײַנע הענט, כדי ערגעץ ווו זיך אַליין אַרײַנשטעלן, און אַליין אויך זיך נעמען ערגעץ יאָגן. איך האָב דערפֿילט אַ שוואַכקייט אין מײַנע הענט, און טאָמער וועל איך ניט קענען טאָן דאָס? ווען איך בין געקומען אַהיים און דערציילט דער טאַנטע וועגן דעם מיסטער רובינס עצות, האָט די טאַנטע אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — אייסאיד, קאַלטע פּאָטראַוועס, נאָר פּרוּוון דאַרף מען . . .

רבי פֿינעל
21־טער פֿעברואַר.
האָב איך שוין דעם בריוו פֿון רבי פֿינקל אויך געקריגן! דער רבי פֿינקל זיצט אויף אַ הויכלעכן שטול, מיר דאַכט זיך, אַז

---

29

זײַן שטול איז אַביסל העכער, ווי אַ געוויינלעכער, און עס דאַכט זיך אַז ער גייט פֿון אים קיינמאָל ניט אַראָפּ. ער זיצט און גיט עצות. אַנטקעגן אים שטייט אַ קליין ארון קודשל פֿאַרהאַנגען מיט אַ ליליא סאַמעטענעם פּרוכת, אַרומגענייט מיט זילבערנע פֿרענדזלעך. די פֿרויען פֿרעגן אָפּ די עצה און לייגן אַוועק בײַם רבין אויפֿן טיש אַ דאלאר אדער צורי. דער רבי פֿינקל נעמט ניט צי דאָס געלט, האָר שאַרט עס אַוועק אָן אַ זייט, אונטער אַ ספֿר. — וואָס פֿאַראַ עצה דאַרפֿט איר? — האָט דער רבי פֿינקל אַ פֿרעג געטאָן מיך און דער מיסיס שאָר, ווען עס איז געקומען אונער ריי און מיר זײַנען צוגעגאַנגען צו זײַן טישל. — איך האָב זיך אַביסל צעטומלט און ניט געוווּסט פֿון וואָס אָנצוהייבן, נאָר די מיסיס שאָר האָט זיך געכאַפּט און געענטפֿערט: "זי איז אַ לובלינער," האָט זי אַ ווייז געטאָן אויף מיר, "זי וויל אַ בריוו" . . .
— זאָל זי אַליין זאָגן, וועד ביסטו פֿון לובלין? — האָט מיך דער רבי אַ פֿרעג געטאָן נאָך איידער איך האָב צײַט געהאַט עפּעס אַליין זאָגן.
— איך בין שמעון זילבערג'ס אַ טאָכטער.
דער רבי האָט זיך ניט אַ ריר געטאָן פֿון אָרט. ער האָט בלויז די אויגן אַ הויב געטאָן: — דו ביסט רב מאָטיעלע זילבערג'ס אַן אייניקל? צו וועמען ווילסטו אַ בריוו?
אַז איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וויל אַ בריוו צום וויס פּרעזידענט פֿון דער געזעליטאַפֿט "הילף פֿאַר פֿליכטלינגע", האָט דער רבי איבערגעחזרט: — ווייס פּרעזידענט, ווייס פּרעזידענט . . . דו דאַרפֿסט אַ בריוו צו וועלוול כאָמוט, דעם מצה רעדלער, ווייספּרעזידענט . . . — זעט אויס, אַז מײַן זידע, רב האָטיעלע זילבערג איז געווען אַ סך חשובער בײַם רבין, ווי וועלוול דער מצה רעדלער, ווײַל ער האָט אַ קרעכץ געטאָן איידער ער האָט איינגעטונקט די פּענע אין אַ טיפֿן טינטער און האָט נאָך איינמאָל אַ הויב געטאָן די אויגן:
— וואָס ווילסטו פֿון אים, אַ טובה?
— איך זוך אַרבעט, איך וויל, אַז . . .

— אַ טובה, אַ טובה . . . — האָט מיך דער רבי איבערגעהאַקט. ער האָט אָנגעשריבן אַ לאַנגן טיטל און אַ קורצן בריוול אין גע-



שטעלט אַ העברעאישן שטעמפּל. דער רבי האָט מיר אָפּגעגעבן דעם בריוו, און איידער איך האָב אים באַוויזן צו זאָגן אַ האַנק, איז שוין בײַם טיש געשטאַנען אַ פֿרוי מיט אַ פֿעדער אין הוט, זי איז געקומען נאָך אַן עצה. אַרויסגייענדיק פֿון רב פֿינקל האָב איך איבערגעלייענט דעם בריוו, די מיסיס שאָר האָט געלייענט און איך האָב צוגעהאָלפֿן. אַ לאַנגער טיטל, אָנגעפּיקעוועט מיט העברעאישע ווערטער, וואָס מיר ביידע האָבן זיי, דעם אמת געזאָגט, ניט געקענט איבערלייענען. נאָכן לאַנגן טיטל שרײַבט דער רבי "השם יתברך זאָל געבן, אַז מיט אייער הילף זאָל אונדזער בת עיר ממשפּחת זילבערג מצליח זײַן אין אַלע אירע דרכים." און דערנאָך ווײַטער אַ שורה מיט פֿאַרשטריכלטע העברעאישע ווערטער און דערהאָך דער אונטערשריפֿט. די מיסיס שאָר איז געוועזן בייז אויפֿן רבין: — א רענדל אַ וואָרט ! — האָט זי געזאָגט. — ניט ער רעדט אַליין אַ וואָרט, און ניט ער לאָזט עמיצן אויסריידן. אַ "סטעטיו" — האָט זי אַ זאָג געטאָן און אַרײַנגעלייגט דעם בריוו צו זיך אין "פּאַקעטבוק", כדי איך זאָל אים ניט פֿאַרלירן, און האָט דעם גאַנצן וועג געטענה'ט, אַז אַזאַ רב האָט זי נאָך ניט אָנגעזען, ניט אין דער אַלטער היים און ניט אין אַמעריקע. "אַ סטעטיו און דאַטס אָל". מילא, זאָל זײַן יע אַ סטעטיו, זאָל זײַן ניט אַ סטעטיו, אַבי איך האָב שוין דעם בריוו.

מיסטער שאַמוט
23־טער פֿעברואַר.
דאַכט זיך, אַז דער טאַנטע האָט פֿאַרדראָסן, וואָס די מיסיס שאָר איז מיט מיר געגאַנגען צום רבי פֿינקל און האָט דערהאָך דערציילט פֿאַר אַלעמען, אַז דער רבי פֿינקל האָט אָנגעשריבן אַ לעמערן "שיינע מאַרײַנע", ווי דער גאַנצער בריוו איז, און הלואי זאָל אַזאַ בריוו קענען עפּעס העלפֿן.
— נו, וואָס הערט זיך עפּעס מיט דיינע ביזנעס? — האָט די טאַנטע מיך אַ פֿרעג געטאָן כמעט מיט אַ שטאָך.
— איך וועל הײַנט גיין צו דעם ווייס פּרעזידענט פֿון דער געזעלשאַפֿט "הילף פֿאַר פֿליכטלינגע", — האָב איך געענטפֿערט דער טאַנטע, — איך וועל אים געבן דעם בריוו פֿון רבי פֿינקל.



— אַבי איך האָב געמיינט, אַז דו האַלסט עס פֿאַר אַ "סיקרעט" פֿון מיר, — האָט די טאַנטע אַ זאָג געטאָן.
אַ מאָדנע זאַך: איך האָב זיך צוגעוווינט פֿאַר דער צײַט, וואָס איך בין אין דער פֿרעמד, צו דערשטיקן אין זיך יעדן בעס. עס האָט מיך אַ ברען געטאָן אין האַרצן אויף דער טאַנטע, וואָס זי האָט גאָר טענות צו מיר. זי איז דאָך די ערשטע געגאַנגען צו דער מיסיס שאָר זען עפּעס אַן עצה, ווי פּטור צו ווערן פֿון דעם "פֿליכטלינג", און איצט שטעכט זי מיך מיט "סיקרעט". אָבער דעם ברען אין האַרצן האָב איך איבערגעלאָזט פֿאַר זיך און צו דער טאַנטע האָב איך גערעדט רואיק. די טאַנטע אַליין וועט מיט מיר גיין צום ווייס פּרעזידענט, זאָגט זי. צו וואָס דאַרף מען באַמיען פֿרעמדע מענטשן? איך בין אַוועק צו דער מיסיס שאָר אָפּנעמען בײַ איר רבי פֿינקלס בריוו. די מיסיס שאָר האָט געעפֿנט איר "פּאַקעטבוק", אַרויסגענומען דעם בריוו און האָט דערבײַ צו מיר געזאָגט:
— דיין טאַנטע אַליין האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל זען העלפֿן דיר געפֿינען אַרבעט, און איצט וויל זי גאָר אַליין גיין צום ווייס פּרעזידענט . . . זי האָט מיך אַליין געבעטן . . .
די מיסיס שאָר האָט דאָס מיר אַלץ דערציילט מיט אַ שטילן קול, מיט שושקעריי, מיט איין אויג אַביסל פֿאַרזשמורעט. זעט אויס, אַז נאָך דער מעשה מיטן האַרטן קעז און מיט דער בעסאַראַבערקע, וואָס האָט בײַ איר צוגענומען דעם חתן, האָט זיך די מיסיס שאָר אויסגעלערנט אויפֿן גאַנצן לעבן, אַז מענטשן טאָר מען ניט גלויבן, אַפֿילו מײַן טאַנטע אויך ניט, און דערפֿאַר טאַקע האָלט די מיסיס שאָר שטענדיק איין אויג אַביסל פֿאַרזשמורעט. צום ווייס פּרעזידענט האָבן מיר בשלאָסן גיין אַלע זאַלבעדריט. איך, די מיסיס שאָר און די טאַנטע, אָבער מיסיס שאָרס גאַנג איז געווען אינגאַנצן אומזיסט. בײַ דעם וריס פּרעזידענט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מער ווי צווייען לאָזט מען ניט אַרײַן צו אים אין אָפֿיס. האָט די מיסיס שאָר פֿאַררויכערט אַ סיגאַרעט און איז געבליבן זיצן אין וואַרט-צימער. זי האָט אַ זאָג געטאָן אויפֿן חשבון פֿון דעם ווייס פּרעזידענט, דאָס וואָס זי האָט געהערט פֿון דעם רב פֿינקל: "וועלוול דער מצה רעדלער! אַ גאַנצער גענע-



ראַל! ער נעמט ניט אויף מער, ווי צוויי מענטשן מיטאַמאָל . . . קיילעכדיקע מצות ! " איך און די טאַנטע זײַנען אַרײַן צום ווייס פּרעזידענט. "וויליאם שאמוט" איז געווען אָנגעשריבן אויף זײַן טיר מיט גרויסע שוואַרצע אותיות

אויף אידיש און אויף ענגליש. דער ווייס-פּרעזידענט האָט געהאַט אַזאַ קיילעכדיק פּנים, אַז ער איז געווען מער ענלעך צו אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן, ווי צו אַ ווייס פּרעזידענט. ער איז געווען, זעט אויס, צופרידן פון רבי פינקעלס בריוו, און פון דעם טיטל, וואָס איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט פאַרשטריכלטע העברעאישע ווערטער. מיסטער וויליאַם שאַמוט האָט, זעט אויס, די פאַרשטריכלטע העברעאישע ווערטער ניט גוט צעקייט, ער האָט דעם בריוו אַוועקגעלייגט אויפן טיש און דעם לאַנגן טיטל אַ פּאָר מאָל אַ טאָפּ געטאָן מיט די פינגער. כ'ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר מיר האָט די גאַנצע צײַט ניט אויפגעהערט זעצן אין האַרצן, ווען כ'בין געזעסן בײַ אים אין אָפיס. דאָס איז ניט געווען קיין שרעק, נאָר אַ קלעמעניש. אָט וועט דער ווייס פּרעזידענט גאָרניט וועלן טאָן פאַר מיר, כאָטש איך בין אַ לובלינערין . . . אַז מיסטער שאַמוט איז פאַרטיק געוואָרן מיטן בריוו, האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן מיט די פינגער אָן טיש:

— וואר-זשע זייגט איר פון לובלין? פון די זילבערגס טאָקע?

און פּונקט ווי דער רב האָט קיין זאַך ניט געפרעגט און קיין זאַך ניט געוואָלט וויסן, אַזוי פאַרקערט האָט מיסטער וויליאַם שאַמוט אַלץ געפרעגט און אַלץ געוואָלט וויסן.

— איר זיינט רב מאָטיעלעס אַן אייניקל? און ווו איז אַהינגעקומען רב מאָטעליעס שיינע טאָכטער, סימעלע? סימעלע דאַכט זיך האָט זי געהייסן?

— איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין סימעלעס אַ טאָכטער, און מײַן מוטער עה"ש איז אומגעקומען, ווען די דײַטשן האָבן באָמבאַרדירט לובלין.

מיסטער שאַמוט האָט, זעט אויס, זיך שוין אָנגעהערט מיט אַ סך מעשיות וועגן די צרות פון די אידן "אויף יענער זייט", ער האָט אַפילו מיט קיין אויג ניט אַ פּינטל געטאָן וועגן מײַן מוטערס טויט.

---

33

— אַ שיין מילל געווען, — האָט ער געזאָגט. — און איר זיינט עס דאָ, הייסט עס, אַ "פליכטלינג" . . . .

מיסטער שאַמוט האָט געשמייכלט, פּונקט ווי זײַן אַ פליכטלינג וואָלט געווען זייער אַ פריילעכע זאַך. עס האָט זיך מיר אַ ווײַלע אַ דאַכט געטאָן, אַז ער איז זייער ענלעך צו אונדזער לובלינער חזנטע, און פּשוט ניט געקענט פאַרשטיין, ווי קומט עס צו אַ ווייס פּרעזידענט. איבערן צימער האָט זיך צעטראָגן אַזאַ קלינגערײַ, אַז איך האָב זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן איבער די טירן, נאָר מיסטער שאַמוט האָט גענומען רואיק דאָס טרייבל פון טעלעהאָן און האָט אַ זאָג געטאָן: "אין אַ פּאָר מינוט אַרום וועל איך זײַן פאַרטיק. יאָ, איך קום באַלד". מיר איז געוואָרן מלאָסנע בײַם האַרצן. וואָס זשע האָבן מיר געפּועלט מיט אונדזער גאַנג? מיטן בריוו פון דבי פינקלן? וואָס זשע וועט זײַן מיט מיר? מיסטער שאַמוט האָט אַ ריר געטאָן דעם זייגער, וואָס איז געלעגן אויף זײַן טיש און האָט מיך אָנגענומען בײַ דער האַנט:

— הערט, ליבינקע, איך האָב איצט אַ מיטינג און מוז האָלד גיין (מיסטער שאַמוט איז שוין געשטאַנען אויף די פיס). היינט האָבן מיר אַזוי גוט ווי פרייטיק, קומט צו מיר מאָנטיק, וועלן מיר שוין עפּעס זען, אַהין אַהער, מיר וועלן שוין עפּעס טאָן פאַר אַ לובלינער.

מיסטער שאַמוט האָט מיך ווידער גענומען בײַ דער האַנט און מיר זײַנען אַלע צוזאַמען אַרויס פון אָפיס. מיט עטלעכע טעג צוריק, אַז עדי האָט מיר אַ דריק געטאָן אַ פינגער, איידער ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט מיר דער פינגער געברענט ביז איך בין אַנטלאָפן געוואָרן און איצט, אַז מיסטער שאַמוט האָט מיך אָנגענומען בײַ דער האַנט, האָב איך דערפילט אַ פייכטקייט, און ווען איך שעם זיך ניט פאַר דער טאַנטע וואָלט איך אָפּגעווישט די האַנט מיט אַ נאָזטיכל, נאָר איך האָב זיך אַרומגעזען, אַז אַ סך זאַכן איז גלייכער צו פאַרשווײַגן און ניט האָבן קיין באַטרעף דערפון. מילא, עס וועט זיך שוין אַליין אויסטריקענען. די מיסיס שאָר איז שוין געווען אומרואיק.

— גו, וואָס האָט געזאָגט דער מצה רעדלער? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

---

34

— ש-ש-שאַ! — האָט זיך די טאַנטע צעשיקעט, — שאַ, מען דאַרף קומען מאָנטיק נאָך אַמאָל.

אין דער סאָבוויי פאָרן האָב איך זיך שוין אויסגעלערנט. עס טוט אַביסל ווייִ דער קאָפּ, אָבער איך פאָר שוין ווי אַלע פּאַסאַזשירן.

איך טרף מײַן לערער שייךפוּעוד

מאָנטיק, 26־טער פעברואַר.

דאַכט זיך מיר, אַז מיסטער רובין איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז עס איז גרינגער צו קריגן אַ התן איידער אַ דזשאָב. איך האָב זיך קוים דערוואַרט אויף מאָנטיק גיין צום ווייס-פּרעזידענט, מיסטער וויליאַם שאַמוט, הערן וואָס ער קען טאָן פונמײַנעטוועגן — ערשט איך קום היינט, ער איז ניטאָ.

"געקעטשט אַ קאָלד". ווען וועט ער זײַן צוריק? — פרעג איך דאָס מיידל וואָס נעמט אויף די באַזוכער אין וואַרטצימער. עשט דאָס מיידל גיט עפּעס אַ זאָג מיט די צונטער אָנגעפאַרבטע ליפּן אויף ענגליש, און איך

פֿאַרשטיי ניט אַ וואָרט וואָס זי רעדט. ווי קען איך אַוועקגיין, אַז איך ווייס ניט ווען איך דאַרף קומען צוריק? בלייב איך שטיין און וואַרט אפֿשר וועט זי נאָך עפּעס זאָגן. זי זיצט און איך שטיי. דערנאָך גיט זי ווידער אַ זאָג מיט די רויטע ליפּעלעך: "אַי טאָלד יו" און ווידער די פּאָר ווערטער, וואָס איך הויב זיי ניט אָן צו פֿאַרשטיין. "אַי טאָלד יו" פֿאַרשטיי איך שוין וואָס דאָס איז: איך הער דאָס בײַ אונז אינדערהיים כסדר. די טאַנטע זאָגט אפֿשר פֿופֿצן מאָל אַ טאָג "אַי טאָלד יו", סעלמאַ זאָגט אַלע ווײַלע "אַי טאָלד יו", מאַרווין זאָגט: "אַי טאָלד ייִ" (נאָר דער פֿעטער זאָגט עס קיינמאָל ניט). און כאָטש איך ווייס, אַז דאָס הייסט: איך האָב דיר געזאָגט, דאַכט זיך מיר שטענדיק, אַז דער טייטש דערפֿון איז — טשעפּע זיך אָפּ פֿון מיר. נאָר אויף דעם מיידל האָט מיר שוין פֿאַרדראָסן. זי זעט דאָך, אַז איך פֿאַרשטיי ניט, זאָגט זי צו מיר ווידער דאָס זעלביקע מיט אַ צולייג פֿון "אַי טאָלד יו". בלייב איך ווידער שטיין און גיי ניט אַוועק, ווײַל איך ווייס נאָך אַלץ ניט, ווען איך דאַרף קומען צוריק. דע-

35

מאָלט עפֿנט שוין דאָס מיידל אירע גוואַלדיק רויטע ליפּעלעך און זאָגט צו מיר אויף אידיש:
—"איך האָב דיר געזאָגן, מיסטער שאַמוט האָט געקעטשט אַ קאָלד און ער האָט נישט געזאָגן ווען ער קאָם".
דעם אמת געזאָגט, האָב איך קיין כעס צו דעם מיידל ניט געפֿילט, בלויז די ליפּן אירע זײַנען געווען צו-רויט אין מײַנע אויגן און מיר האָט זיך געוואָלט אַרויסנעמען מײַן נאָזטיכעלע און אַביסל אָפּווישן די פֿאַרב, נאָר איך האָב דאָס ניט געטאָן. עס איז זייער גוט געווען, וואָס טאַקע אין דער רגע האָט מיך עמיצער אַ רוף געטאָן בײַם נאָמען: — רבֿקה! — איך האָב גלײַך דערקענט דאָס קול. דאָס קול האָב איך אַ סך מאָל געהערט, נאָר ווער עס האָט מיך מיט דעם קול גערופֿן האָב איך זיך ניט געקענט דערמאָנען. איך האָב בשום אופֿן ניט געטראַכט דאָ טרעפֿן מײַן לערער שיינפֿעלדן. ער האָט מיר דערלאַנגט אַ האַנט. ווי גוואַלדיק עס האָבן זיך געביטן זײַנע הענט. דאָס האָט זיך מיר צום ערשטן געוואָרפֿן אין די אויגן, ווײַל איך האָב גוט געדענקט, ווי ער פֿלעגט שטיין בײַם טאָוול און צייכענען געאָמעטרישע פֿיגורן. די דרייעקן, וואָס ער פֿלעגט מאַכן, שיין און גלײַך, זיי פֿלעגן שטיין אויפֿן טאָוול מיט אַ שאַרפֿן שפּיץ אַרויף, ווי זיי זאָלן זיך קלײַבן אַוועקפֿליען. ערשט האָט ער מיר דערלאַנגט אַ האַנט מיט שוואַרצע אַרומגעפֿאַרבטע נעגל. ער איז אויך געקומען צי מיסטער שאַמוט און אויך וועגן אַרבעט, כאָטש ער האָט שוין אַ שטיקל "דזשאַב", ער וואַשט אַלטע לעפֿל אין אַ פֿאַבריק, ווו זיי ווערן איבערגעמאַכט אויף נײַע, "סעקאָנדהענדיקע" רופֿט ער זיי. ער וואַשט זיי מיט אַזאַ זאַלץ, וואָס מאַכט שוואַרץ די נעגל. דאָס האָט ער מיר געזאָגט, ווען ער האָט באַמערקט, אַז איך קוק אויף זײַנע הענט. ער וויל זיך לערנען ענגליש און האָט ניט קיין צײַט. ווען ער קומט פֿון דער אַרבעט האָט ער קיין כח ניט. "קיין יונגערמאַן איז מען שוין ניט", האָט ער געזאָגט איינפֿאַך, ווי מען רעדט פֿאַר אַ שוועסטער. און ער האָט צוגעגעבן: "אייך איז גוט, איר זיינט נאָך יונג". זאָגט ער, אַז איך בין יונג און די מיסיס שאָר זאָגט, אַז איך בין שוין אַן אַלטע מויד אין אַמעריקע און איך זאָג, אַז סײַוויסײַ איז מיר ניט גוט.

36

אַ נײַע צרה
מיטוואָך, 28-טער פֿעברואַר.
סעלמאַס "באָי", עדי, איז גאָר אַ נײַע צרה פֿאַר מײַנעטיועגן. ער איז הײַנט אַראָפּגעקומען און האָט מיך אָנגעהויבן פֿאַרהערן אין ענגליש. "האַו דו יו ספּעל אַ טעיבל", (ווי לייגסטו אויס "טעיבל"?), און "האו דו יו ספּעל אַ טשער"? (און ווי לייגסטו אויס "טשער"?). פֿון אָנהויב האָב איך אים געענטפֿערט, דערנאָך האָב איך דערזען, אַז דאָס גאַנצע הויז שטייט אין פֿלאַמען. סעלמאַ האָט געפֿייערט. זי האָט זיך גענומען זוכן עפּעס אַ שערעלע און האָט געוואָרפֿן די שאַכטלעך, די "באַקסעס" אירע מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דאָס גאַנצע הויז האָט געדונערט. די טאַנטע האָט אַלע מאָל אַרײַנגעוואָרפֿן אַ ווערטל: די "טיטשערקע" (לערערקע) וועט שוין זי אויסלערנען, "דאָן באַדהער" (עסק זיך ניט). — דערנאָך 'האָט גאָט געהאָלפֿן, אַז די מיסיס שאָר האָט מיך אַ רוף געטאָן, זי דאַרף מיך אויף עפּעס, איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט פֿון שטוב, האָב איך געפֿילט, ווי אַלע גלידער ברענען מיר אַזויווי אַ פֿייער. מסתם האָט די טאַנטע זי געבעטן, אַז זי זאָל מיך אַוועקרופֿן, ווײַל איך האָב געהערט, ווי די טאַנטע האָט געקלאַפּט מיט די טירן. אַז די מיסיס שאָר האָט מיך אַ רוף געטאָן, האָב איך באַמערקט, אַז עדי איז געבליבן אַן אָפּגעקאָכטער, ער האָט אַ דריי געטאָן די ראַדיאָ, און די ראַדיאָ האָט- אָנגעהויבן קוויטשען און זיך איבעררייסן. דער פֿעטער, וואָס האָט געלייענט די צײַטונג און האָט גענומען זײַן "ושקישאָך" (וואַקאַציע) אויף שווײַגן — האָט אַ קרעכץ געטאָן, און מיך האָט עס אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן, כאָטש טיף האָט מיר הנאה געטאָן, וואָס עדי וויל ניט, אַז איך זאָל אַוועקגיין. די מיסיס שאָר האָט מיך באַדאַרפֿט אויף גאָרניט מיט גאָרניט. זי האָט מיר געזאָגט, אַז מאָרגן גייט זי קויפֿן אויף אַ "סייל" (אויספֿאַרקויף), זאָל איך מיט איר מיטגיין און צוריקגייענדיק וועלן מיר זען, צי מיסטער שאַמיט איז שוין אין אָפֿיס. די מיסיס שאָר האָט אַ זאָג געטאָן — זיץ אַביסל, — און אַליין איז זי אַרין אין קיך, זיך דאָרט בײַ עפּעס אַ ווײַלע געפּאָרעט. איך בין געבליבן זיצן אַנטקעגן דער טערקישער פּרינצעסן מיט

37

דער קרוין, וואָס הייגנט בײַ דער מיסיס שאָר אויפֿן וואַרט. מי.ר דאַכט זיך, אַז די טערקישע פּרינצעסן מיט דער קרוין קומט מיר שטענדיק פֿאַר די אויגן, ווען מיר איז ניט גוט אויפֿן האַרצן, און זי טרייסט מיך, אַז זי זיצט אויך געפֿאַנגען בײַ דער מיסיס שאָר אין הויז.
די מיסיס שאָר איז אַרײַנגעקומען פֿון קיך מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל, זי האָט אַביסל, ווי געוויינטלעך, אַ זשמורע געטאָן איין אויג און האָט אַ זאָג געטאָן, מיר האָט זיך געדאכט, מיט אַ בעטנדיקער שטים:
— רבֿקהלע, מאַך ניט קיין איבעריקע עסקים מיט עדין.
— אָט האָסטו זיך אַ נײַעם גוט שבת, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. און די מיסיס שאָר האָט זיך גע.רעדט ווײַטער: — ער איז אַ "דזשיריבאָג", עדי, זאָלסט וויסן זײַן, הײַנט שפּרינגט ער אַהער און מאָרגן שפּרינגט ער אַהין, דו קענסט נאָך ניט די היגע "באָיעס".
מיר איז הייס געוואָרן אין פּנים און איבערן גאַנצן לײַב זײַנען מיר דורכגעלאָפֿן כוואַליעס. וואָס בין איך שולדיק, אויב עדי וויל מיך לערנען "ספּעלינג"? — וואָס הייסט אַ "דזשיריבאָג? " — האָב איך אַ פֿרעג געטאָן די מיסיס שאָר. — פֿרעג ניט, — האָט זי געזאָגט, — דאָס איז ניט קיין צדיק, אַ דזשיריבאָג איז אַ דזשיריבאָג. — מער פֿרעגן האָט מיר ניט געפּאַסט, נאָר איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז קיין גוטע זאַך איז דאָס ניט, און אַז פֿון חבר'ן זיך מיט אַ "דזשיריבאָג" קומט קיין גוטס ניט אַרויס. איך ווייס ניט, צי בין איך אין כעס אויף דע.ר מיסיס שאָר, צי ניט, נאָר איך ווייס, אַז עס איז מיר ענג אין האַרצן און אויף דער וועלט. וואָס איך טו טויג ניט. און דער עדי איז גאָר אַ נײַער צושלאָג צו מײַנע צרות. פֿונדעסטוועגן, וואָלט איך זייער וועלן וויסן, וואָס הייסט אַ "דזשיריבאָג"?

זיך געדרייט, געדרייט און אין קונע פֿאַרדרייט
דאָנעשטיק 29־טער פֿעברואַר.
אָט דאָס הייסט אַ משוגענער טאָג. מיסטער שאַמוט איז שוין גאָט צו דאַנקען געזונט געוואָרן. די מיסיס שאָר איז מיט מיר גע-

38

גאַנגען צו אים. מיסטער שאַמוט האָט אַליין אַן עפֿן געטאָן די טיר פֿון זײַן אָפֿיס און האָט מיך אַ רוף געטאָן מיט אַ פֿינגער, איז די מיסיס שאָר געבליבן זיצן, דערנאָך האָט זי זיך אויך אַ הויב געטאָן, דערנאָך האָט זי זיך ווידער צוגעזעצט. — קומט, קומט ביידע אַרײַן, — האָט זי מיסטער שאַמוט אויך אַ רוף געטאָן, אין מיר זײַנען ביידע אַרײַן צו מיסטער שאַמוט אין אָפֿיס. מיסטער שאַמוט האָט מיר געוויזן אויפֿן האַלדז — אַ "קאָלד", נאָך באַדאַרפֿט בלייבן זיצן אַ טאָג אינדערהיים, נאָר מ'קען ניט... דאָ... — ער האָט אַ וויז געטאָן מיט דער האַנט אויפֿן אָפֿיס. די ערשטע זאַך האָט מיסטער שאַמוט אָפּגערופֿן צום רב פֿינקל. צום רב האָט מיסטער שאַמוט גערעדט מיט העברעאישע ווערטער: — אייער שליח'טע איז דאָ, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — רב מאָטיע'לע זילבערגס איניקל . . . איך וועל זי שיקן צו פֿינט הערשן, דעם קצבס, יע . . . יע, ער איז שטיין רייך . . . ער האָט אַ פֿעקטאָרי פֿון גלאָזוס. איך וויל, רבי, אַז איר זאָלט זיך מטריח זײַן צו אים אויך אָפּרופֿן. יע . . . אויפֿן טעלעפֿאָן. ער וועט פֿאַר אײַך דרך ארץ האָבן . . . איך וועל אים אָנשרײַבן אַ בריוו . . . הלוואי זאָל מצליח זײַן . . . נו, דער רבי פֿינקל וועט אויך העלפֿן, — האָט מיסטער שאַמוט צו מיר געזאָגט, — און איר ווייסט צו וועמען מיר שיקן אייך? אויך טאַקע אַ לובלינער . .
אַ דבר אחר איינער אין דער וועלט . . . אַ קצב יונג, איז דאָ געוואָרן שטיין רייך . . . איר הערט, — מיסטער שאַמוט האָט מיך אָנגענומען בײַ דער האַנט, ער האָט אָנגעהויבן לאַכן אויפֿן קול, און לאַכנדיק האָט ער אַ ריר געטאָן דעם זייגער, וואָס ליגט בײַ אים אויפֿן טיש (ער האָט נאָך הייסט עס צײַט). — איר הערט. . . אָט-דעם פּנחס הערש, וואָס מיר שיקן אײַך צו אים, האָט מען גערופֿן אין לובלין "פּנחס הערש מיט דער אוגערקע". — מיסיס שאָר האָט אָנגעהויבן לאַכן, זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר מיסטער שאַמוט האָט זי ניט געלאָזט. ער האָט וריטער דערציילט און האָט דערבײַ אַליין געלאַכט. — מען האָט אים איינמאָל געכאַפּט אין שפּייכלער טאַנצנדיק מיט אַן אוגערקע. מער האָט מען אין לובלין ניט געדאַרפֿט . . . — די מיסיס שאָר האָטי ווידער געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר מיסטער שאַמוט האָט זי ווידער ניט געלאָזט —

39

אין לובלין איז געווען אַ שיין מירל, חנקע מאָסטאָווליאַנסקי. אַ קירזשנערס אַ טאָכטער, אָבער אַ קראַסאַוויצע, זי האָט! ליב געעט טאַנצן אַ פּאָלקע מאַזורקע. און דער פּנחס הערש האָט געפּגרט פֿאַר איר. האָט ער זיך געוואָלט אויסלערנען אַ פּאָלקע מאַזורקע און טאַנצן מיט חנקע מאָסטאָווליאַנסקי. אווינמאָל פֿרייטיק צו נאַכט, צו דער וועטשערע, שיקט מען פּנחס הערשן אין שפּייכלער ברענגען אַ זויערע אוגערקע צום פֿליש. זיצט מען בײַם טיש, דער טאַטע זײַנער שמעון דוד דער קצב, און די מאַמע זײַנע, פֿאַרגעסן ווי זי האָט געהייסן, הינדע . . .

יע, הינדע האָט זי געהייסן. זיצט מען אַלע און מען וואַרט אויף דער אוגערקע. דאָס פֿליט ווערט קאַלט און שמעון דוד איז הונגעריק, און פּנחס העש מיט דער אוגערקע איז ניטאָ. גיט אַ שפּרונג זײַן שוועסטערל ציפּקע און כאַפּט זיך אַרײַן אין שפּייכלער און דערזעט . . . וואָס מיינט איר? ווי פּנחס הערשט האַלט אין האַנט אַן אוגערקע און טאַנצט מיט איר . . . אַ פּאָלקע מאַזורקע. און גראָד אין דער רגע, ווען ציפּקע איז אַרײַן האָט פּנחס הערשט זייער איידל געהאַלטן די אוגערקע און האָט זיך געדרייט מיט איר אַרום דער פּאָס. ציפּקע האָט די מעשה צעקלונגען איבער דער גאַנצער שטאָט, אַז פּנחס הערש האַט געטאַנצט מיט אַ זויערער אוגערקע אַ פּאָלקע מאַזורקע. האָך דער מעשה האָט חנקע מאָסטאָוויליאַנסקי ניט געוואָלט אַ קוק טאָן אין זײַן זייט, און די גאַנצע שטאָט האָט אים אַ נאָמען געגעבן "פּנחס הערש מיט דער אוגערקע". דער יונג האָט געמוזט עוקר זײַן קיין אַמעריקע, און דאָ איז ער נעבאַך געוואָרן שטיין ריך און מען רופֿט אים מיסטער רובין, און ער האָט אַ פֿעקטאָרי פֿון גלאָזוס . . . — מיר האָט אַזש פֿאַרכאַפּט דער אָטעם. מען שיקט מיך, הייסט עס, צוריק צו דעם זעלבן מיסטער רובין . . . מיסטער שאַמוט האָט אַרײַנגערופֿן דאָס מיידל מיט די צונטער רויטע ליפּעלעך, ער האָטי צו איר געזאָגט אַ פּאָר ווערטער אויף ענגליש. איך האָב געהערט מײַן נאָמען און מיסטער רובינס נאָמען. פֿאַר די אויגן האָט זיך מיר געדרייט אַ קאַראַהאָד : רבי פֿינקל, מיסטער שאַמוט, פּנחס הערש מיט דער אוגערקע . . זעט אויס, אַז איך האָב זיך אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט. די מיסיס שאָר האָט מיך אַ ריר געטאָן בײַם אַקסל. מיסטער שאַמוט איז שוין געשטאַנען, ער האָט מיר געזאָגט,

---

40

אַז דאָס מיידל וועט אונדז שוין געבן דעם בריוו צו מיסטער רובין. ער האָט אונדז אַרויסבאַגלייט צו דער טי.ר און האָט אַ רוף געטאָן: — נעקסט ! — צו אים אין אָפֿיס איז אַרײַן אַ איד מיט אַ באָרד, מיט רחמנתדיקע אויגן, וואָס איך קען זיי ניט פֿאַרגעסן. ווער ווייס? אפֿשר האָב איך אויך געהאַט אַזעלכע רחמנותדיקע אויגן, ווען איך בין אַרויס פֿון מיסטער שאַמוטס אָפֿיס? דאָס מיידל מיט די רויטע ליפּעלעך האָט אונדז דערלאַנגט דעם בריוו. מיסיס שאָר האָט איר געזאָגט "דענק יו". איך בין געווען צומישט. איך טראָג שוין גאָט צו דאַנקען צוריק אַ בריוו, און דאָס מאָל פֿון ווייס פּרעזידענט צו מיסטער רובין . . . זיך געדרייט, געדרייט און אין קונע פֿאַרדרייט. מאָרגן וועל איך פֿונדעסטוועגן גיין צו מיסטער רובין מיטן בריוו. וואָס דען דאַרף אַ "פֿליכטלינג" פֿיס?

חלומות

2־טער מערץ.

דער בריוו צו מיסטער רובין ליגט בײַ מיר אין טאַש און איך ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט אים. מיסיס שאָר און די טאַנטע זאָגן, אַז איך מעג דעם בריוו גלײַך אַרויסשרפֿן און זוכן אַרבעט ערגעץ אַנדערש. און דער אָנקל האָט אַ זאָג געטאָן: — זאָל זי גיין, מען קען ניט וויסן, אפֿשר קען עס געהאָד העלפֿן . . . — ער האָט דערבײַ אַ מאָדנעם שמייכל געטאָן, איך ווייס ניט צי פֿון מיר מיט מײַנע בריוו, צי פֿון עמיצן אַנדערש. מאָרגן וועל איך מיטן בריוו, פֿונדעסטוועגן, זיך לאָזן צו מיסטער רובינען. אמת איז, אַז אַלץ וואָס איך טו ליגט מיר גאָרניט אין זינען. הײַנט געזען אין צײַטונג, וואָס מען מאַכט פֿון די אידן אין לובלין. נאָר איך האָב דאָס נאָך פֿריער געוווּסט, מיר האָט זיך נעכטן געחולמט, אַז איך זע מיע ברודער, מיכלען, שטיין טויט ווייס, און אינמיטן דערינען האָט ער געטאָן אַזאַ ווילדן שפּרונג, ווי פֿון אַ גרויסן ווייטיק. בײַ מיר האָט זיך אָפּגעריסן דאָס האַרץ, און איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט. טרערן זײַנען בײַ מיר געלאָפֿן אַזוי שנעל, אַז איך האָב זיי ניט געקענט אָפּשטעלן, איך האָב געעפֿנט מײַן טאַש, געוואָלט נעמען מײַן נאָזטיכעלע און איך האָב דערזען מיסטער שאַמוטס בריוו.

---

41

— גיי צום טייוול! — האָט זיך בײַ מיר אַרויסגעכאַפּט, קוקנדיק אויפֿן בריוו.

איך בין ניט געווען אין כעס, נאָר דער בריוו איז מיר אין דער רגע געווען זייער איבעריק, כאָטש נעם און וואָרף אים אַרויס פֿון טאַש. זעט אויס, אַז עס זײַנען ניטאָ קיין שטילע טרערן. די טאַנטע האָט דערהערט, אַז איך וויין (כאָטש מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך וויין זייער שטיל) האָט זי פֿון איר צימער שטיל אַ שעפּשע געטאָן צו מיר: — שלאָף, רבֿקה, שלאָף, קענסט גאָרניט העלפֿן. שלאָף בעסער! — אַז די טאַנטע האָט עס צו מיר געזאָגט, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די מאַמע עה"ש רעדט עס צו מיר, און אַז איך בין שפּעטער איינגעשלאָפֿן, האָב איך טאַקע געזען די מאַמע עה"ש ווי זי זיצט לעבן מײַן בעט און זי זאָגט: — שלאָף, רבֿקהלע, שלאָף, קענסט גאָרניט העלפֿן, שלאָף בעסער! — עס איז גוט כאָטש אין חלום צו זען דער מאַמען, עס איז מערניט אַ גרויסער שאָד, וואָס אַ חלום אַנטלויפֿט.

די מזלדיקע בלום

זונטיק, 3-טער מערץ.

סעלמאַ איז הײַנט. געשטאַנען צוויי מיט אַ האַלבע שעה בײַם שפּיגל. (מיר זײַנען הײַנט געגאַנגען צום פֿעטערס ברודערס טאָכטער אויף דער חתונה). די טאַנטע איז געשטאַנען בײַם שפּיגל בלויז איין האַלבע שעה. סעלמאַ

האָט אַ נאַטור צו אויספּרובירן די האָר, "טו טריי". האָט זי פֿריער געמאַכט דעם שרונט אינמיטן, איז אַרײַנגעקומען די מיסיס שאָר און האָט געזאָגט, אַז דער שרונט אינמיטן מאַכט זי עלטער אפֿשר אויף פֿינף יאָר. האָט סעלמאַ געמאַכט דעם שרונט אָן אַ זייט — האָט די טאַנטע געזאָגט, אַז זי זעט אויס, ווי די בראָנזווילער רבצין. האָט סעלמאַ געגעבן אַ שמיץ דעם קעמל און איז אַוועק איבעראַנייס אין ביוטי-פּאַרלאָר (כאָטש אינדערפֿרי איז זי דאָרט אָפּגעזעסן צוויי שעה). זי איז געקומען צוריק מיט דריי שטאָק גרייזלעך איינס איבערן אַנדערן און אויפֿן דריטן שטאָק איז געווען אַרײַנגעשעקט אַ רויז. אַלע האָבן געזאָגט: "ווערי נייס" (זייער שיין) און סעלמאַ האָט געגו-

---

42

מען אָנטאָן די "דרעס" (דאָס קלייד). איך האָב אויך אָנגעטאָן מיע "דרעס" און איך האָב פֿאַרלייגט די צעפּ אַרום קאָפּ. (איך טראָג מײַנע צעפּ, איך האָב פֿײַנט גיין געשאָרן). די מיסיס שאָר האָט אַ זאָג געטאָן: — "בעליוו מי" (גלויב מיר), רבֿקה, דאַרף ניט קיין ביוטי-פּאַרלאָר. — סעלמאַ האָט זיך אָנגעצונדן, זי האָט עפּעס געזאָגט אויף ענגליש, און די מיסיס שאָר האָט זיך אַזוי פֿאַרענטפֿערט : — "סטייליש" (מאָדיש) איז דאָס ניט "סטייליש". — סעלמאַ און מאַרווין זײַנען אַוועק פֿריער. צו מיר האָט סעלמאַ געזאָגט: — "דו וועסט גיין מיט די טאַטע". — די טאַנטע האָט מיר דערקלערט: — זי וויל ניט קומען מיט קיין "באָנטש" (חברה). — דער אָנקל האָט אַ זאָג געטאָן: — אַ סך ווייס זי וואָס זי וויל . . . טאַטע-מאַמע איז אַ "באָנטש"! — די טאַנטע האָט עפּעס געזאָגט אויף ענגליש, זעט אויס פֿאַרענטפֿערן סעלמאַן. די מיסיס שאָר איז אַוועק צו זיך און האָט געבראַכט פֿאַר מיר אַ ליליא סאַמעטענע בלום. — דאָס איז אַ מזלדיקע בלום, איין מיידל איז שוין צוליב דער בלום געוואָרן אַ כלה. — איך האָב געזען, אַז די מיסיס שאָר איז טאַקע גוט צו מיר, און די בלום, וואָס זי האָט מיר געגעבן איז טאַקע געווען מזלדיק. אויף דער חתונה איז געקומען עדי אייך. ווען סעלמאַ האָט געטאַנצט מיט מאַרווינען איז ער צוגעגאַנגען צו מיר און האָט געזאָגט: — "אַי לאַיק יו מאָר" (איך האָב דיך ליבער . . . ) — ער האָט זיך פֿאַרהאַקט און דערנאָך צוגעגעבן — "דען עני וואָן" (ווי עמיצן אַנדערש). — די טאַנטע איז צוגעקומען, די טאַנטע קומט שטענדיק צו, ווען איך רייד מיט עדין. עדי איז אַוועק טאַנצן מיט סעלמאַן, איך האָב מיט קיינעם ניט געטאַנצט, גענוג פֿאַר מיר, אַז איך בין געגאַנגען אויף אַ חתונה. עס איז נאָך קיין יאָר ניטאָ, אַז די מאַמע עה"ש איז אַוועק. זי איז מיר פֿון קאָפּ ניט אַרויס דעם גאַנצן אָוונט. עדיס חבר, "רעד", האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט, אַז איך זאָל טרינקען מיט אים פֿון איין גלעזל. איך האָב פֿאַרזוכט אַביסל ווײַן פֿון זײַן גלעזל, און ער האָט עפּעס געזאָגט צו מיר אויף ענגליש. די טאַנטע האָט מיר פֿאַרטײַטשט., אַז איצט דאַרף איך אים אַלץ פֿאָלגן, דעם "רעד", ווײַל איך האָב פֿאַרזוכט פֿון זײַן גלעזל. איך האָב זיך דערמאָנט פֿון דער אַקטריסע, ווי זי פֿירט

---

43

די מענער אין באָד אַרײַן, און ווען די טאַנטע איז אַוועק זאָגן מזל טוב דער מחותנתטע, האָב איך געזאָגט צו "רעדן" דאָס זעלביקע, וואָס עדי האָט מיר געזאָגט: "אַי לאַיק יו מאָר, דען עני וואָן". "רעד" איז געווען זייער צופֿרידן, און איך האָב געזען, ווי עדי האָט אויף אונדז געקוקט, כאָטש ער האָט געטאַנצט מיט סעלמאַן, און בײַ סעלמאַן איז געווען אָנגעבלאָזן דער גוידער. איך בין צוגעגאַנגען צום שפּיגל, און דערזען דער מיסיס שאָרס מזלדיקע בלום, וואָס מען ווערט מיט איר אַ כלה . . . דער אָנקל האָט מיר געבראַכט אַ סענדוויטש און אַביסל ווײַן, ער האָט געזאָגט., — שעם זיך ניט, עס, איך האָב זיי דערלאַנגט 15 טאָלער אין אַן ענוועלאָפּ. — דער אָנקל איז אַ גוטער, ער רעדט ניט קיין סך, נאָר איך ווייס, אַז ער געדענקט וועגן מיר, כאָטש די טאַנטע איז דער מאַמעס עה"ש שוועסטער. דער "רעד" האָט מיר געזאָגט, אַן ער וועט מיך אויסלערנען ריידן ענגליש. איך ווייס, אַז דאָס איז צוליב מיסיס שאָרס מזלדיקער בלום.

ענגליש

דינסטיק, 4־טער מערץ.

אויף אַזאַ זאַך האָב איך זיך אינגאַנצן ניט געריכט. מיסטער רובין האָט: גאַנץ אויפֿמערקזאַם איבערגעלייענט דעם בריוו פֿון דעם וויס-פּרעזידענט, מיסטער שאַמוט, וואָס איך האָב צו אים געבראַכט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז רבי פֿינקל האָט אים אויך אָפּגערופֿן אויפֿן טעלעפֿאָן, און מיסטער רובין האָט אים צוגעזאָגטן עפּעס טאָן פֿון מיינטוועגן. — וואָס איך וועל מיט אײַך טאָן איז אסור אויב איך ווייס, אָבער צוגעזאָגט איז צוגעזאָגט, — האָט איבערגעחזרט אַ פּאָר מאָל מיסטער רובין. — רבי פֿינקל איז באַשטאַנען, אַז איך זאָל אים מבטיח זײַן, וואָס קען מען טאָן? צוגעזאָגט איז צוגעזאָגט . . . אין צוויי וואָכן אַרום האָט חתונה דאָס מיידל, וואָס קלייבט די "פּיסעס" אין דער פֿעקטרי, צען דאָלער אַ וואָך מאַכט זי דערפֿון נאָר מען מוז קענען ענגליש. אַז איינע, אַן אַפּרייטערקע גיט אַ רוף : "קאַם אָווער היר" (קום אַהער), מוז מען וויסן וואָס דאָס מיינט, און אַז אַ צווייטע גיט אַ רוף "טעיק איט עווע" (נעם עס אַוועק! ), מוז מען וויסן וואָס זי מיינט. און אַז אַן אַפּרייטערקע

---

44

איז "נוירוועז" (נערוועז) און צעשרייט זיך: "אַם סיק ענד טיערד אָף דע דאָסט! " (איך בין טויט מיד פֿון דעם שטויב), מוז מען אויך פֿאַרשטיין וואָס דאָס מיינט. — עס איז געבליבן, אַז איך מוז זיך שטאַרק נעמען לערנען ענגליש און וואַרטן אַז דאָס מיידל, וואָס קלייבט די שטיקלעך בײַ מיסטער רובין אין דער פֿעקטאָרי זאָל אם ירצה השם חתונה האָבן, און חס וחלילה ניט אָפּלייגן די חתונה. מיסטער רובין האָט דעם ציגאַר זײַנעם אינגאַנצן ניט געפּיפּקעט. זעט אויס, אַז דער ציגאַר זײַנער האָט זיך אויסגעלאָשן, בלויז אַ גרוי רייפֿעלע אַש איז געווען אויפֿן שפּיץ, אָבער קיין סימן ניט פֿון קיין גלי. דער מיסטער רובין האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און האָט געזאָגט: — דערווײַל קאָסט מיר שוין דער עסק אַ 25-ער, איידער וואָס, איידער ווען. אָפּגערופֿן האָט מיך דער רבי פֿינקל וועגן דיר, אָבער דערווײַל האָט ער שוין פֿאַרוואָרפֿן אַ וואָרט וועגן דער ישיבה. די ישיבה האָט איצט אויסצוהאַלטן אַ נײַעם רבי, אויך אַ פֿליכטלינג, דעם נאָוואָטעפּליצערס אַ זון, נו, האָב איך געזאָגט, ער זאָל צושיקן דעם שמש וועל איך אים געבן אַ 25-ער. מיינסטו דער שמש האָט אָפּגעלייגט חלילה אויף מאָרגן? הויבט זיך ניט אָן, ער איז באַלד געקומען אַזוי מיט אַן עראָפּלאַן . . . האָב איך אים אויסגעשריבן דעם טשעק. צוגעזאָגט איז צוגעזאָגט . .

די מיסיס רובין איז הײַנט אויך אַרומגעגאַנגען מיט די מאַשינקעס אין קאָפּ אויף גרייזלען די האָר. זי איז געווען פֿאַרטאָן מיט איבערוואַשן דאָס גלאָזוואַרג. זי איז געווען אויפֿגעלייגט, האָט הנאה געהאַט פֿון עפּעס און האָט אַלע ווײַלע אַ זאָג געטאָן: — פֿאַרוואָס זאָלן זיי בײַ דיר ניט. נעמען? בײַ וועמען דען זאָל מען נעמען‌ביי בײַ דעם וואָס האָט ניט? — און צו מיר האָט די מיסיס רובין אַ זאָג געטאָן: — רבֿקה, איך האָב פֿאַר דיר סאַפּער (וועטשערע), וועסט עסן מיט אונדז. — ווען די מיסיס רובין האָט דערלאַנגט רייז פּודינג האָט זי אַ אך געטאָן: — אין לובלין האָט מען קיין ריע פּודינג ניט געגעסן . . . און קיין רייז פּודינג מיט דזשעלע אוודאי ניט. — מיסטער רובין האָט זיך, זעט אויס, אָן עפּעסדערמאָנט : — קיין רייז פּודינג מיט דזשעלע האָט מען טאַקע אין לובלין ניט געגעסן, אָבער שיינע מיידלעך זײַנען אין לובלין געווען קראַסאַוויצעס . . .

---

45

איך האָב זיך דערמאָנט וועגן חנקע מאָסטאָווליאַנסקי, וואָס פּנחס הערש, מיסטער רובין הייסט עס, האָט צוליב איר געטאַנצט אַ פּאָלקע מאַזורקע מיט אַן אוגערקע . . . איך האָב זיך קוים אײַנגעהאַלטן פֿון געלעכטער, נאָר צו מײַן גרויסער פֿאַרוווּנדערונג האָט מיסטער רובין אַליין דערמאָנט די חנקע מאָסטאָווליאַנסקי. — געווען אין לובלין דעם קירזשנערס אַ טאָכטער, חנקע, איז אין ניו-יאָרק ניטאָ אַזאַ שיין מיידל . . . — פֿאַרן אַוועקגיין האָט מיר די מיסיס רובין אַ זאָג געטאָן: — דו זוך פֿונדעסטוועגן דערווײַל אַ דזשאַב, ווײַל קיין גרויסע מציאה איז ניט קלײַבן די "פּיסעס" בײַ מײַן מאַן אין פֿעקטאָרי. — אינדערהיים האָב איך געפֿונען אויפֿן בעט אַן ענגלישן "רידינג בוק" (אַ כרעסטאָמאַטיע). זעט אויס, אַז דער "רעד" איז געקומען מיך לערנען ענגליש, נאָר קיינער האָט מיר ניט געזאָגט וועגן דעם, אין איך האָב ניט גערעדט איבערפֿרעגן. מען קען נאָך מײַנען, אַז איך לויף נאָך נאָך אים. נאָר ווער דען האָ.ט מיר געקענט איבערלאָזן דעם "רידינג בוק" אויפֿן בעט? נישט אַנדעש ווי "רעד".

דער ערשטער דאָלאַר

מיטוואָך, 5־טער מערץ.

מײַן ווײנען, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן, איז פּראָסטפּשוט אַן אומגליק. דער אָנקל האָט הײַנט געבראַכט פֿאַר מיר אַ קעסטל זאָקן. ער איז געווען בײַ זײַנעם אַ קאָסטאָמער (אַ קונה) און בײַ יענעם איז גראַד געווען אַ סעיל (אויספֿאַרקויף) פֿון זאָקן, האָט ער גענומען דריי קעסטלעך: איינס פֿאַר דער טאַנטע, איינס פֿאַר סעלמען און איינס פֿאַר מיר. וואָס איז דאָ פֿאַראַן צו וויינען? סעלמאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף די זאָקן און האָט אַ זאָג געטאָן: — "טענקס, פּאַ! " —— די טאַנטע האָט זיך געכאַפּט בײַם קאָפּ, וואָס דער פֿעטער האָט: אויסגעגעבן אַזויפֿיל געלט אויף זאָקן. — אַ זאָקן-יאַריד, — האָט די טאַנטע געזאָגט, — דריי קעסטלעך זאָקן . . . אַ נס וואָס עס איז דאָרט ניט געווען קיין סעיל אויף ווייבער . . . אַבעטשע (איך קען זיך וועטן), דו וואָלסטאַראָפּגעבראַכט אַראָפּגעבראַכט אַ האַלבע טוץ אידענעס אין שטוב אַרײַן . — —

---

46

און אַז דער אָנקל האָט מיר דערלאַנגט מײַן קעסטל זאָקן און איך האָב אים געוואָלט זאָגן אַ דאַנק, האָבן זיך טרערן אַ שפּאַר געטאָן אין האַלדז אַרײַן און איך האָב אָנגעהויבן וויינען.

— ווען איך ווייס אַז דו דאַרפֿסט די זאָקן באַוויינען, — האָט דער פֿעטער אַ לאַך געטאָן, — וואָלט איך דיר שוין געקויפֿט צוויי "באַקסלעד" מיטאַמאָל, וואָלט כאָטש געווען כדאי די טירחה . . . די טאַנטע האָט אָנגעהויבן לאַכן, און איך האָב אויך וויינענדיק אַ לאַך געטאָן, און ס'איז אַרויסגעקומען ניט געוויינט און ניט געלאַכט, פּשוט אַ חרפּה. אין אָוונט איז געקומען "רעד" און די טאַנטע האָט אים דערציילט, אַז איך האָב שוין אַ "דזשאַב", קלײַבן

די "פּיסעס" אין רובינס פֿעקטאָרי, נאָר סע פֿעלט מיר ענגליש. דער "רעד" האָט גלײַך אָנגעהויבן לערנען מיט מיר דעם ענגליש, וואָס איך געברויך פֿאַר מײַן דזשאָב. "קאַם אָווער היר" ,— "קום היר", — האָט ער גלײַך פֿאַרטייטשט אויף זײַן אידיש. — "דאָנ'ט בי לעיזי" — זיי ניט אַ לייזי (פֿויל), — האָט דער "רעד" מיט מיר ווײַטער געקנעלט, — "טעיק איט איזי" — נעם דאָס איזי (גרינג), — האָט "רעד" געטייטשט אויף אידיש. אינמיטן דער "לעקציע" איז געקומען עדי. זיי האָבן ביידע מיך אָנגעהויבן לערנען "ספּעלן" (אויסלייגן). בין איך געזעסן אינמיטן מיט אַ שטיקל פּאַפּיר און מיט אַ בלײַפֿעדער אין האַנט, און ביידע רבײַם מײַנע פֿון ביידע זײַטן. — אַ גאַנצער חדר, — האָט די טאַנטע געשפּאַסט, נאָר סעלמאַ איז געוווען אָנגעבלאָזן, — "דאַטס פֿוליש " (דאָס איז נאַריש), — האָט זי געזאָגט. איך ווייס שוין, אַז סעלמאַ זאָגט: "דאַטס פֿוליש", איז אַ סימן, אַז זי איז אין כעס, נאָר וואָס האָב איך געקענט טאָן, אַז זיי האָבן מיך פֿאַרט געוואָלט לערנען "ספּעלינג"? גאָט צו דאַנקען, וואָס אינמיטן דערינען איז געקומען מענדל פֿהשקאַרט און אָנגעקומען איז ער מיט אַזאַ אימפּעט, מיט אַ האַסטיקייט: ער האָט פֿאַר מיר אַ "דזשאַב"! — אַ "דזשאַב"! — אַלע האָבן זיך צו אים אַ שאָט געטאָן. — יע, אַ דזשאַב, דערווײַל אויף איין נאַכט. דער לאָנדרימאַן האָט זיך פֿאַרקילט די "בעק" (פּלייצע) און ליגט אין בעט. די לאָנדריניטשקע דאַרף מאָרגן אָפּשיקן וועש צו די "קאָסטאָמערס" (קונים) און מען דאַרף בינדן די פּעקלעך. קום! גרינע, איך וועל דיך צו-

---



פֿירן צו דער לאָנדריניטשקע, ווּעסט פֿאַרדינען אַ דאלאר מיט אַ האַלבן. אין אַמעריקע, קוים מען פֿאַרדינט דעם ערשטן דאָלער, איז מען שוין אַ היגער, מען איז שוין אַ סיטיזן (בירגער). — איך האָב אַרויפֿגעכאַפּט דעם מאַנטל און בין אַוועק מיט מענדל פּושקאַרט צו דער לאָנדריניטשקע פֿאַרדינען דעם ערשטן דאלער אין אַמעריקע און ווערן אַ סיטיזן. — אָט איז זי די גרינע, — האָט מיך מענדל פּושקאַרט פֿאָרגעשטעלט גלײַך בײַ דער טיר און אַליין איז ער אַוועק צוריק שפּילן מיט! דער טאַנטע און מיט דער מיסיס שאָר אַ פּינאָקל. די לאָנדריניטשקע האָט מיר געוויזן ווי צו מאַכן די פּעקלעך און ווי צו פֿאַרשרײַבן. — צייל אויס די שוירטס (העמדער) און שטעל אַ "פֿיגור" (אַ ציפֿער), צייל אויס די טאַולס (האַנטעכער) און שטעל אַ "פֿיגור". — איבער דער נאַכט האָב איך זיך אויסגעלערנט, אַז שווירטס — הייסט העמדער, טאַולס — הייסט האַנטעכער, און שיטס הייסט ליילעכער. די לאָנדריניטשקע האָט געפּרעסט און איך האָב געבונדן די פּעקלעך און געשטעלט די "פֿיגורס". פֿון אָנהויב אָוונט האָט די לאָנדריניטשקע געשוויגן. זי האָט מיר שווײַגנדיקערהייט געוויזן, ווי מען שטעלט אַרײַן די ברעטלאַך אין אַ העמד, עס זאָל זײַן שטייף, עס זאָלן ניט ווערן קיין קנייטשן. — מאַך ניט קיין קנייטשן, — האָט זי געזאָגט, — אַ קנייטש איז בײַ זיי ערגער ווי אַלץ, אַ קנייטש איז דער "בלעק האַרס" אין די לאָנדרי ביזנעס. — אין אַ פּאָר שעה אַרום, ווען עס איז שוין געווען אינמיטן נאַכט האָט זיך די לאָנדריניטשקע צערעדט. אינדערהיים האָט זי זיך געלערנט פֿאַר אַ דענטיסטקע. זי האָט שוין "פּראַקטיקירט", זי איז געווען אַ סטודענטקע אין שימאַנאָווסקעס זובאָוראַטשעבנע שקאָלע אין וואַרשע, און דאָ איז זי געוואָרן אַ לאָנדרילײדי (אַ באַלעבאָסטע פֿון אַ װעשעריי), מען פּרעסט אונטערוועש און אַזוי פֿטר'ט מען אַוועק אַ לעבן . . . די לאָנדריניטשקע האָט פֿאַרענדיקט איר מעשה, וואָס ציט זיך פֿון פֿאַר דרייסיק יאָרן אָן . . . זי האָט שטיל פֿאַר זיך געזונגען אַ רוסיש לידל: "ושט מטשיטיסיאַ טראָיקאַ אודאַלאַיאַ" . . . דאָס לידל האָב איך שוין אַמאָל געהערט און אפֿילו געוווּסט דעם ניגון. דער פֿעטער זיידל אין לובלין, אַז ער פֿלעגט אונדז אַמאָל פֿירן "קוליק"

---



מיט זײַן שליטעלע, פֿלעגט ער זינגען דאָס זעלביקע ליד. און איצט זיצנדיק באַנאַכט מיט דער לאָנדריניטשקע האָט זיך מיר געהאָכט, אַז איך הער ביידן זינגען : אויף דעם פֿעטער זיידל אין לובלין. געקומען אַהיים בין איך פֿאַרטאָג. די טאַנטע האָט מיר געעפֿנט די טיר : — נו, ביסט שוין געוואָרן אַ סיטיזן? — האָט זי מיך אַ פֿרעג געטאָן. איך האָב איר געוויזן די דריי זילבערנע האַלבע דאלאר, וואָס די לאָנדריניטשקע האָט: מיר געגעבן. — איע האַלבן דאלאר באַהאַלט, — האָט מיר די טאַנטע געזאָגט, — מען האַלט, אַז די ערשטע פֿאַרדינטע זילבערנע מטבע איז מזלדיק. — אַז איך האָב זיך געלייגט: שלאָפֿן האָב איך זיך דערמאָנט פֿון מענדל פּושקאַרט. ער איז גאָרניט קיין שלעכטער מענטש, און ער איז געווען גערעכט, איך האָב זיך טאַקע געפֿילט פֿאַר אַ "סיטיזן" היינט אין דעם פֿאַרטאָג, ווען איך האָב פֿאַרדינט דעם ערשטן דאלער אין אַמעריקע.

די לאָנדריניטשקע
7־טער מערץ.
באַנאַכט איז עפּעס אַנדעש און באַטאָג איז ווידער עפּעסאַנדערש , ווי מענטשן זאָגן — ס'איז אַ חילוק ווי צווישן טאָג און נאַכט. באַטאָג איז די לאָנדריניטשקע גאָר אַן אַנדער מענטש, ווי באַנאַכט. באַטאָג קאָמאַנדעוועט זי. זי שטייט אין דער לאָנדרי און קאָמאַנדעוועט: זי שיקט די "באָיעס" (אינגלעך) נאָך די פּעקלעך וועש, זי שיקט: זיי מיט פֿאַרטיקע פּעקלעך פֿאַנאַנדערטראָגן, זי נעמט געלט און גיט רעשטע, זי פּרעסט און פּרעסנדיק שרייט זי

אויף דער שוואַרצער, אַז זי זאָל די צײַט ניט פּטר'ן, זי גיטי אַלע ווײַלע אַ קוק צו מיר אויך, צי איך שטעל ריכטיק
די "פֿיגורס" (ציפֿערן), בקיצור, אַ "גענעראַל". זי האָט, זעט אויס, אינגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז זי האָט מיר דערציילט
באַנאַכט, ווי זי איז געווען אַ "דענטיסט" און האָט "פּראַקטיקירט" בײַ שימאַנאָווסקען אין דער זובאָווראַטשעבנע
שקאָלע, זי האָט פֿאַרגעסן "וואָט מטשיטסיאַ טראָיקאַ אודאַלאַיאַ". ביינאַכט איז געווען אַן אַנדער
לאָנדריניטשקע און בײַטאָג איז פֿון איר קיין זכר ניט געבליבן. פֿאַרנאַכט האָט זי מיר געגעבן אַ דאָלער און אַ
זאָג געטאָן : קומט אַרויף צו מיר

---

49

"אַפּסטעז" (אינדערהויד) טרינקען אַ קאָפּ קאָפֿע (אַ טעפּעלע קאַווע). — די מבֿדריניטשקע ושוינט אין זעלביקן
הויז, ווו די וועשעריי געפֿינט זיך, מיט איין שטאָק העכער. אַרויפֿגעקומען "אַפּסטעז", אָנגעצונדן די עלעקטסרי,
איז די לאָנדריניטשקע ווידער געוואָרן אַ "באַנאַכטיקע". זי האָט מיר געוויזן, אַז לעוו טאָלסטאָי הענגט בײַ איר
אויפֿן וואַנט, אויסגערעמט אין אַ זילבערנע ראַם, און איבערן בילד אַ גרינע צווייג.
— דער גרעסטער מענטש אויף דער וועלט-, — האָט די לאָנדריניטשקע געזאָגט.
— זי האָט אַן עפֿן געטאָן אַ סך שופֿלאָדן איינעם האָכן אַנדערן, לסוף אַרויסגענומען אַ ברוינעם פּאָרטפֿעל מיט
פֿאָשגראַפֿיעס. די לאָנדריניטשקע האָט אַרויסגענומען איין פֿאָטאָגראַפֿיע, אַ גרופּע מיידלעך און יונגע לייט.
— אָט דאָס בין איד, — האָט די לאָנדריניטשקע געוויזן אויף איין מידל, — און דער-אָ, — די אנדריניטשקע האָט
געוויזן אויף אַ יונגנמאַן מיט אַ באָרד, — דער האָט פּערזענלעך גערעדט מיט לעוו טאָלסטאָיען.
זי האָט די פֿאָטאָגראַפֿיע צוריק אַרײַנגעלייגט אין דעם פּאָרטפֿעל, דעם פּאָרטפֿעל אין אַ שופֿלאָד, זי האָט
פֿאַרמאַכט אַלע שופֿלאָדן און האָט די קאָמאָד צוגעדעקט מיט אַ סערוועט און אַוועקגעשטעלט אויפֿן קאַמאָד
די באַזעגלטע מעיפֿלאָוער. ער לאָנדרימען איז געשלאָפֿן. מיר האָבן אויסגעטרונקען צו טעפּעלעך קאַפֿע, איך
האָב געגעסן אַ "סענדוויטש", וואָס די לאָנדריניטשקע האָט מיר פֿאָרגעלייגט. עסן אַ "סענדוויטש" איז פֿאַר מיר
ניט פֿון די גרינגע זאַכן. ווי נאָר איך פּרוּוו אים צוטראָגן צום מויל, אַזוי פֿאַלט באַלד אַרויס דער קעז, אָדער די
וווּרשט, וואָס עס ליגט דאָרטן. בײַ די אַמעריקאַנער איז אַ "סענדוויטש" איין גאַנצע זאַך, בײַ מיר איז עס דרי זאַכן
און יעדעס האַלט זיך באַזונדער. ווען מיר האָבן געגעסן די סענדוויטשעס האָט מיר די לאָנדריניטשקע געזאָגט:
— מיסטער פּושקאַרט האָט מיר געזאָגט, אַז איר האָט אינדערהיים געענדיקט גימנאַזיע און דערפֿאַר האָב איך
אײַך געוויזן די אַלע זאַכן . . . — איך האָב זיך געשעמט זאָגן דער טאַנטע, אַז איך האָב געגעסן בײַ דער
לאָנדריניטשקע אַ סענדוויטש.

---

50

פֿאַרוואָס איך האָב זיך געשעמט, ווייס איך אַליין ניט, נאָר איך האָב איר גיט געזאָגט. עפּעס האָט זיך מיר
געדאכט, אַז עס איז ניט שיין פֿאַר מיר צו עסן ברויט: פֿון אַ סך אויוונס. אינדערהיים האָב איך געטראָפֿן מענדל
פּושקאַרט און צום ערשטן מאָל פֿאַר מײַן זײַן, אויך די פּושקאַרטע. עדי איז געווען און "רעד". מענדל פּושקאַרט
האָט מיך אַ פֿרעג געטאָן: — נו, ווי גייט. דיין נײַער "דזשאַב"? ביסט שוין געוואָרן ראָקפֿעלער? די צרה איז, —
האָט ער צוגעגעבן, — וואָס דער "בעק" (פּלייצע) בײַ דעם לאָנדרימען ווערט דאָך איבערגיין, און דו וועסט מוזן
וואַרטן אויף מיסטער רובינס "פֿעקטאָרי" מיט: די "פּיסעס". — "רעד" איז געקומען מיך לערנען ענגליש. ער
האָט אפֿילו געבראַכט אַ בוך מיט בילדער, אונטער יעדן בילד אונטערגעשריבן ווי די זאַך הייסט אויף ענגליש,
נאָר אַנשטאָט מיך לערנען האָבן זיי גאָר אָנגעהויבן ריידן צווישן זיך, "רעד", עדי און סעלמאַ, זיי האָבן זיך
אָנגעהויבן קריגן, ווער איז דער גרעסטער סטאַר אין אַמעריקע. סעלמאַ האָט געזאָגט, קלאַרק געיבל, "רעד"
האָט געזאָגט, עדי קענטאָר, און עדי האָט געזאָגט — ער גלויבט אין גלען מילער דעם "דזשיריבאָג". איך האָב
געהערט ווי זיי האָבן עטלעכע מאָל דערמאָנט "דזשיריבאָג", און איך טראַכט, אַז מיסיס שאָר איז טאַקע
גערעכט, און עדי מוז טאַקע זײַן אַ "דזשיריבאָג" און עס איז אַ רחמנות אויף סעלמאַן. וואָס זיי האָבן אַלץ
גערעדט האָב איך כמעט .גאָרניט פֿאַרשטאַנען. איך האָב בלויז געזען, אַז אַלע זײַנען רויט, אַלע זײַנען בייז, אַלע
ברענען ווי פֿייער. מיר האָט זיך געדאכט, אַז זיי קריגן זיך גאָר וועגן אַנדערע זאַכן, וואָס ליגן זיי טיפֿער אין
האַרצן, ווי עדי קענטאָר און גלען מילער. ווער ווייס? און אפֿשר ליגט זיי טאַקע גלען מילער אַזוי טיף אין דער
נשמה? וואָס קען מען וויסן, אַז זיי ריידן ענגליש? אַ נס, וואָס די עלטערע ריידן כאָטש אַביסל אידיש און איך קען
זיי פֿאַרשטיין. מענדל פּושקאַרטס פֿרוי האָט דערציילט דער טאַנטע וועגן אירע דאָקטוירים. איך האָב
באַמערקט, אַז דאָ רעדט מען אַ סך וועגן "דייעט" (דיעטעס). אויב אַ מענטש וויל זײַן געזונט — האָט געזאָגט
מענדל פּושקאַרטס פֿרוי — מוז ער האָבן זײַן "דייעט", פּונקט, ווי יעדער מענטש מוז האָבן זײַן קלייד און זײַנע
שיך — אַזוי מוז ער האָבן

---

51

זײַן "דייעט". מענדל פּושקאַרט, וואָס האָט דערוויַיל אויסגעמייסטרעוועט פֿאַר זיך אַ גלעזל טיי, האָט איבערגעשלאָגן זײַן ווייב : אַז איך בין הונגעריק, עס איך אויף מײַן "דייעט" און עס האָט נאָך מיר קיינמאָל ניט פֿאַרשאַדט . . . — אינמיטן די קריגערייען האָט "רעד" אַ זאָג געטאָן צו מיר: — "קאָם אַן איך וועל דיך טיטשן (לערנען) ענגליש". — ער האָט עס געזאָגט אַזוי, אַז עס איז קלאָר געווען, אַז צוליב דעם איז ער געקומען. מיר איז געוואָרן גרינג אויפֿן האַרצן, איך האָב דערפֿילט, אַז איך האָב אַ גוטן פֿרײַנט אין אַמעריקע —— דעם "רעד".

דור פֿעטור דערציילט מעשות

8־טער מערץ.

מוחל דעם עפּל און מוחל דעם וואָרעם אין אים, — אַזוי פֿלעגט זאָגן די מאַמע עה"ש און אַזוי קומט עס אויס מיט מענדל פּושקאַרט. אַלע פֿרייטיק צו נאַכט כאַפּט ער זיך אַריע צו אונדז שפּילן אין פּינאָקל, דערציילן זײַנע מעשות און שיקן מיך נאָך טיי, נאָר הײַנט איז ער געווען אַזוי צעשמעלקעט, אַז איך האָב נאָך אים קיינמאָל אַזוי ניט געזען. מיך האָט ער גערופֿן "גרינינקע", "גרינע" איז שוין, זעט אויס, ווייניק. "נאָך טיי", האָט ער צו מיר צוגעוווּנקען געוויס אַמאָל אַכט. דאָס לעצטע גלאָז טיי האָט ער שוין ניט געקענט אויסטרינקען און האָט עס איבערגעלאָזן קאַלט אויפֿן טיש. איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז ער אַזוי בגילופֿין, ווײַל ער האָט מיך געפֿירט אויפֿן דזשאָב צו דער לאָנדרינישקע, דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אויפֿגעטאָן אַ גרעסערע זאַך: ער האָט געבראַכט די מיס פּאַלעי צו אונדז אין שטוב אַרײַן זיך אינשורן בײַם אָנקל. די מיס פּאַלעי האָט אויך געשפּילט אַ פּינאָקל. דער אָנקל האָט: מיט איר געשפּילט זייער פֿאָרזיכטיק און געלאָסן, מענדל פּושקאַרט האָט אים פֿון פֿריער אָנגעוווּנקען, אַז זי איז אַ "קאָסטאָמער". איך האָב הײַנט צום ערשטן מאָל געהערט, ווי דער אָנקל קען שיין דערציילן מעשות. ער האָט דערציילט אַ סך מעשות דער מיס פּאַלעי, טאַקע וועגן אינשורענס, און אינשורענס אַגענטן. דער אָנקל האָט אַרויסגענומען פֿון זײַן



פֿאָרטפֿעל אָן אַ שיעור בויגנס, צעטלען, געדרוקטע און געשריבענע, ביכעלעך מיט פֿאַרשידענע חשבונות: — אָט לאָמיר אַ קוק טאָן, אין דער גמראַ'לע, — און ער האָט געבראַכט דאָס ביכל, ווו עס שטייען לאַנגע רייען מיט רעכענונגען, וויפֿל מען דאַרף אויסצאָלן אין פֿאַל פֿון אַן "עקצידענט", חלילה.

— אין דער גמראַ'לע געפֿינען מיר, אַז צאָלן דאַרף מען סך הכל 86 טאָלער אַ יאָר, דערפֿאַר אין פֿאַל פֿון אַן "עקצידענט" חלילה, קריגט מען 1 טאָלער "אימידיעיטלי" (תּיכף) און דערנאָך 40 טאָלער אַ חודש ביז מען ווערט געזונט. אין דעם מחרר'ל שטייט נאָך עפּעס, — און דער אָנקל האָט געזאָגט, וואָס עס שטייט אין דעם מחזר'ל. די מיס פּאַלעי איז אַ "נוירס" (קראַנקנשוועסטער) אין אַ שפּיטאָל, זי האָט פֿאַרבראַכט אַ יאָר אין ארץ ישראל און האָט זייער המה געהאַט פֿון דעם אָנקלס גמראַ'לעך מיט די מחזרים'לעד. דער אָנקל האָט אויסגעפֿרעגט די מיס פּאַלעי וועגן דעם כּתל מערבי, און וועגן דעם הר הכרמל, און האָט געזאָגט, אַז ווי נאָר ער וועט: זיך אַביסל באַפֿרייען פֿון די "ביזנעס" וועט ער אַליין אויך אַרויספֿאָרן אויף אַ יאָר צײַט קיין ארץ ישראל.

— יעדער מענטש, —— האָט דער אָנקל געזאָגט, — מוז זײַן כאָטש איין יאָר אין ארץ ישראל. — דער אָנקל האָט: דערציילט דער מיס פּאַלעי ווי וויכטיק עס איז צו האָבן אַן אינשורענס, ניט כדי עס זאָל חלילה טרעפֿן אַן "עקצידענט", נאָר פּונקט פֿאַרקערט, עס זאָל ניט טרעפֿן, און די בעססטע גאַראַנטיע איז דאָס גוטע מזל פֿון דער רייכער אינשורענס קאָמפּאַני. דער אָנקל האָט אויך דערציילט אַ מעשה פֿון איינעם זײַנעם אַ קליענט, מיסטער מעלאַמעד, וואָס איז געווען רייך ווי קורח. ער האָט געהאַט הייזער און אַ פֿאַרם, און אַ האָטעל און אַנדערע ביזנעס און האָט זיך ניט געוואָלט אינשורן. אויף וואָס דאַרף ער, זאָגט ער, ער איז אַזוי אויך אינשורט. האָט דער מיסטער מעלאַמעד געהאַט אויסער אַלע פֿאַרמעגנס אַן אַלטע טאַנטע. און די אַלטע טאַנטע האָט געהאַט אַ טבע אַ צי טאָן מיט דער נאָז, ווען זי האָט גערעדט, געזאָגט אַ פּאָר ווערטער און אַ צי מיט דער נאָז. געזאָגט נאָך אַ פּאָר ווערטער און ווידער אַ צי מיט דער נאָז. מיסטער מעלאַמעד האָט



ליב געהאַט די טאַנטע ווי אַן אייגענע מאַמע, נאָר ער האָט ניט געקענט פֿאַרלירן, ווי זי ציט מיט דער האָז. אַלצדינג וואָלט ער איר נאָכגעגעבן, אַבי זי זאָל אויפֿהערן רעדן און אויפֿהערן ציען מיט דער נאָז. איז איינמאָל קומט צו דעם מיסטער מעלאַמעד די טאַנטע אין זאָגט צו אים ניט מער און ניט ווייניקער: ער זאָל זיך גלײַך גיין אינשורן, כאָטש אויף צען טויזנט דאלער, ובכן זי האָט געזען א חלום ווי אַלע זײַנע הייזער זײַנען צעגאַנגען פּונקט ווי זיי זאָלן זײַן פֿון שניי חס וחלילה. ניט געברענט אויפֿן פֿיער, נאָר פּשוט צעגאַנגען ווי שניי. אַפֿריער צעגייט דער דאַך, און דערנאָך די טירן מיט די פֿענצטער און דערנאָך די ווענט . . . און אפֿילו די שוועלן. די טאַנטע האָט עס אַלץ דערציילט און די גאַנצע צײַט ניט אויפֿגעהערט צו ציען מיט דער נאָז. און וואָס מער די טאַנטע איז אַרײַן אין ברען פֿון דערציילן די מעשה, איז אַלץ דאָס שמאָרעניש מיט דער נאָז געוואָרן אָפֿטער און שטאַרקער. מיסטער מעלאַמעד האָט מער ניט געקענט אויסהאַלטן, און האָט געשיקט נאָך אַן אינשורענס אַגענט, נאָבן אָנקל

טאַקע, הייסט עס, און האָט געהייסן שרײַבן אַן אינשורענס, ווי די טאַנטע זײַנע האָט געוואָלט, אויף צען טויזנט דאָלער. מאַכט זיך אַ מעשה און בײַ דעם מיסטער מעלאַמעד ברענט אָפּ אַ הויז. רייך איז ער נאָך סײווי געווען גענוג. ווילצלט ער זיך מיט דער טאַנטע: איר האָט געזאָגט, אַז די הייזער וועלן צעגיין, דער סוף ברענען זיי גאָר . . . — איך ווינטש דיר חלילה ניט קיין שלעכטס, האָט די טאַנטע געזאָגט, נאָר זיי וועלן נאָך צעגיין אויך . . . איך ווינטש דיר ניט חלילה קיין שום בייז . . . — דער סוף איז געווען, אַז זיי זײַנען טאַקע צעגאַנגען . . . עס איז געקומען דער קראַך, דער האָטעל האָט באַנקראָטירט, די הייזער האָבן צוגענומען די שוואַרציאָרן, די מאָרטגעיטשיערס, און מײַן מיסטער מעלאַמעד איז געבליבן בײַ די צען טויזנט דאָלער, ניט פֿאַר קיין אָרימאַן געדאַכט, און יעדער מענטש מוז זיך אינשורן טאַקע אַז קיין "עקצידענט" זאָל ניט פּאַסירן . . . — האָט דער אָנקל פֿאַרענדיקט די געשיכטע קעגן דער לאָגיק. איך האָב געמיינט, אַז נאָר ווען דער אָנקל שפּילט אַ פּינאָקל ווערט ער אַ לעבעדיקער, איצט האָב איך געזען ווי שיין ער האָט דערציילט די מעשות דער מיס פּאלעי. די מיס

---

54

פּאלעי האָט אמת הנאה געהאַט. זי האָט געלאַכט פֿון די גמרא'לער מיט די מחזרים'לעך מיט די קליענטן, און זי האָט געבעטן, אַז אין אַ דריי טעג אַרום זאָל ער אַרײַנקומען צו איר שרײַבן אַן אינשורענס. איצט קען זי ניט, זי קען ניט: פֿאַר אַלעמען אויסזאָגן ווי אַלט זי איז . . . אַלע האָבן געלאַכט, מענדל פּושקאַרט האָט איר צוגעזאָגט, אַז אַזאַ אינשורענס אַגענט וועט זי ניט קריגן. אין די קאָרטן האָט מיס פֿאלעי געוווּנען זיבעציק סענט, מענדל פּושקאַרט האָט אויסגעטרונקען זיבן גלאָז טיי און די אַכטע האָט ער איבערגעלאָזן אַ קאַלטע שטיין אויפֿן טיש. איך האָב געזען און געהערט ווי דער אָנקל קען שיין דערציילן מעשות. אַ שאָד מערניט, וואָס ווען ער קומט אַהיים נעמט ער זיך אַ "וואַקיישן" אויף שווײַגן. ווען איך בין געגאַנגען שלאָפֿן האָב איך צו מײַן גרעסטער פֿאַרוווּנדערונג געפֿונען אַ צעטעלע בײַ מיר אונטערן קישן: "אַי לאַיק יו מאָר דען עניוואָן. ע." עס האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין האַרצן, וואָס דער עדי וויל פֿון מיר פֿאַרשטיי איך ניט. ער איז דאָך אַוועק מיט סעלמאַן אין די מוּווּיס, איז וואָס וויל ער נאָך פֿון מיר? זעט אויס ער וויל איך זאָל מוזן אַנטלויפֿן פֿון שטוב און לויפֿן גלײַך קיין לובלין, ווײַל קיין אַנדער אָרט האָב איך דערווײַל ניט.

אַ בריוו פֿון לייזערן
9-טער מערץ.
— איין שמחה מאַכט זיס אַלע צרות, — פֿלעגט זאָגן די מאַמע עה"ש. הײַנט באַקומען אַ בריוו פֿון לייזערן. לייזער איז אין ארץ ישראל! לייזער לעבט! און עס איז אַזוי מאָדנע אַרויסגעקומען. איך בין גראַד אַראָפּ אַ קוק טאָן צי בריוו זײַנען דאָ, און דער בריווטרעגער איז אָנגעקומען. איך האָב אים געזאָגט מײַן נאָמען: זילבערג, און ער האָט מיר גלײַך דערלאַנגט אַ בריוו, אַזוויי ער זאָל אים האַלטן אָנגעגרייט פֿאַר מיר. איך בין געווען אַזוי איבעראַשט פֿון דעם בריוו, אַז איך האָב ניט געוואָלט אַרויפֿגיין אין שטוב אים לייענען, איך בין אַרויס אויף דער גאַס און געעפֿנט דעם בריוו. "גאָלדענע רבֿקה'לע", אַזוי שרײַבט מיר לייזער. לייזער פֿלעגט מיך רופֿן אַזוי אַמאָל . . . ער איז אין ארץ ישראל, לייזער. ער איז געקומען מיט אַ גריכישער שיף.

---

55

ווי קומט לייזער צו אַ גריכישער שיף? ווי אַזוי איז ער אַוועק פֿון לובלין? ווער קען וויסן? "נסים", שרײַבט לייער, "נסים זײַנען מיט מיר געשען . . . " ער שרײַבט, אַז ער וועט מיך אויך אַריבערנעמען קיין ארץ ישאל. "צוליב דעם בין איך געפֿאָרן", שרײַבט ער. איך האָב אַליין ניט באַמערקט, ווי ליענענדיק דעם בריוו האָב איך זיך פֿאַרדרייט אויף אַן אַנדער גאַס, זיך אומגעקערט צוריק. דער בריוו און אפֿילו דער בלויער קאָנווערט זײַנען געווען אַזאַ ווּנדער אין מײַנע אויגן. ווען איך האָב זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן ווּ איך בין, איז אומגעריכטן אָנגעקומען די מיסיס שאָר: "האַלאָ," האָט זי אַ זאָג געטאָן, "ווּ בלאָנדזשעסטו?" אַלץ זעט זי די מיסיס שאָר, זי האָט ערקאָנט, אַז איך בלאָנדזשע, נאָך גוט וואָס זי האָט דעם בריוו ניט בשערקט. איך האָב אים שוין געהאַלטן אויפֿגעלייגט אין אָנט.. איך בין אַוועק מיט דער מיסיס שאָר צו אונדזער הויז.
— ווייסט, רבֿקה'לע, דער "רעד" האָט עפּעס אָנגעהויבן אַרײַנקומען צו אײַך זייער אָפֿט? ער פֿלעגט פֿריער ניט קומען, — האָט די מיסיס שאָר געזאָגט.
מיר איז געווען איצט: גרינג אויפֿן האַרצן. מיט לייזערס בריוו אין טאַש האָב איך שוין אפֿילו געקענט שפּאַסן.
— דאָס איז צוליב אייער ליליא סאַמעטענער בלום, וואָס איר האָט מיר געגעבן, ווען איך בין געגאַנגען צו דער חתונה . . . — האָב איך אַ זאָג געטאָן צו דער מיסיס שאָר. — עס איז, זעט אויס, טאַקע אַ מזלדיקע בלום.
— ניין, איך מײַן, אַז דאָס איז צוליב דיינע צעפּ, די "באָיעס" זײַנען שוין דערעסן געוואָרן די געסטריזשעטע מיילעך, — האָט די מיסיס שאָר, ווי געוויינלעך, אַ זשמורע געטאָן מיט אַן אויג.
אַ גאַנצן טאָג ביז איך געווען עפּעס אַזוי ווי אין אַ הינערפּלעט. איך האָב אַ גאַנצן טאָג געפֿילט ליעערס בריוו אין טאַש. לייזער לעבט און לייזער איז ניט אין לובלין. צו וואָס טויג איצט דאָרט דער סאָסנאָווער וואַלד, ווּ מיר פֿלעגן גיין שפּאַצירן? איצט איז שוין דער וואַלד גאָר ניט. מער. ליסער איז אין ארץ ישראל. ווי זעט אויס ארץ

ישראל? ער שרײַבט, ער איז אין אַ בית פּרטי. איך בין אין ניו-יאָרק בײַ דער טאַנטע, די מאַמע

---

56

עה"ש איז שוין אינגאַנצן ניטאָ. דער טאַטע איז אין לובלין. פֿון ברוער מיכל ווייס איך ניט ווּ ער איז. איך ווייס
בלויז, אַז ער לעבט. "צעזייט און צעשפּרייט", פֿלעגט זאָגן די מאַמע עה"ש. פֿון קאָפּ איז מיר ניט אַרויס די
"גריכישע שיף". ווי זעט עס אויס אַ גריכישע שיף? אַ סך זאַכן האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום מיר און איך וריס
ניט ווי זיי זעען אויס. דער טאַנטע האָב איך וועגן דעם בריוו ניט דערציילט, עטש איך וואָלט: זייער וועלן עמיצן
דערציילן וועגן דעם בריוו, האָר מיר דאַכט זיך — גלייכער די טאַנטע זאָל ניט וויסן. דעם "רעד" וועל איך אויך
ניט דערציילן. וואָס ווייס דער "רעד" פֿון לייזערן? איך וועל גיין זען מײַן לערער שיינפֿעלדן. איך וועל אים
דערציילן פֿון לייזערס בריוו. שיינפֿעלד קען לייזערן. ליקער איז געווען זײַנער אַ שילער. שיינפֿעלד האָט גערעדט
צו מיר, ווי צו אַ שוועסטער. ער האָט מיר געזאָגט, אַז זײַנע נעגל זײַנען שוואַרץ געוואָרן פֿון דעם זאַלץ, וואָס מען
וואַשט מיט דעם די אַלטע לעפֿל אין דער "פֿעקטאָרי", ואו ער אַרבעט. מאָנטיק, נאָך דער אַרבעט: וועל איך
אַרויפֿגיין "אַפּסטעז" בײַ דער לאָנדריניטשקע און וועל ענטפֿערן לייזערן אויפֿן בריוו. ער איז אַזוי ווייט, לייזער. און
לובלין איז ווייט. אַלץ איז ווייט, ווייט, ווייט.

זכות אַבֿות זיינען מיר בײַגעשטאַנען
10־טער מערץ.
זינט דער "רעד" האָט אָנגעהויבן אַרײַנקומען צו אונדז האָט שוין אַ צוויי האָל אָפּגערופֿן רוט. רוט האָב איך געזען
אויף דער חתונה. זי איז סעלמאַס אַ חברטע. אַ הויכע. זי איז אַ "מאָדל". די טאַנטע האָט מיר געזאָגט, אַז כדי
אָנקומען פֿאַר אַ "מאָדל" דאַרף מען זײַן אַ שיינע. פֿון אַזאַ פּרנסה הער איך גאָר צום ערשטן מאָל, צום ערשטן
מאָל אויף מײַן גאַנץ לעבן. אין לובלין איז מסתם קיין איין מילעל קיין "מאָדל" ניט געווען. אַ מאָדנע אַרבעט : אַ
גאַנצן טאָג גיע אָבגעטאָן פֿרעמדע נײַע קליידער, מען זאָל קוקן אויף זיי. אויף די קליידער הייסט עס זאָל מען
קוקן, ניט אויפֿן מענטשן . . . אַזאַן אַרבעט איז צען מאָל ערגער, ווי בינדן פּעקלעך וועש בײַ דער
לאָנדריניטשקע.

---

57

רוט האָט הײַנט אויך אָפּגערופֿן. גערעדט מיט סעלמאַן. עדי האָט אָפּגערופֿן. מאַרווינס חבר, אייב, האָט
אָפּגערופֿן, עס איז הײַנט געווען אַ גאַנצן טאָג אַ רופֿעניש אויפֿן טעלעפֿאָן. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז גלען
מילער, וואָס עדי האָלט אים פֿאַרן גרעסטן "סטאַר" אין אַמעריקע איז אַראָפּגעקומען מיט זיע "בענד". זיי וועלן
הײַנט געבן אַ קאָנצערט. סעלמאַ גייט, עדי גייט, רוט גייט, מאַרווין גייט., אייב גייט. דער אָנקל האָט אַ זאַר
געטאָן : מען גייט צום רבין. מיר האָט סעלמאַ גאָרניט געזאָגט וועגן דעם "בענד". וואָס האַלט זי זיך אַזוי גרויס
סעלמאַ אַנטקעגן מיר? ווען איך וואָלט געבאָרן געוואָרן אין ניו יאָרק וואָלט איך אויך געקענט ריידן ענגליש. און
ווען זי וואָלט געבאָרן געוואָרן אין לובלין וואָלט זי קיין ענגליש אויך ניט געקענט. און וואָס איז דאָס אין דער
אמתן פֿאַר אַן עוולה, אַז מען ווערט געבאָרן אין לובלין? עס איז נאָך גוט געווען, וואָס איך האָב געוווּסט, אַז בײַ
מיר אין טאַש ליגט לייזערס בריוו. און לייזער איז אויך געבאָרן געוואָרן אין לובלין.
סעלמאַ איז שוין הײַנט ווידער גשטאַנען בײַם שפּיגל. זי האָט געמאַכט די האָר אַזוי ווי דעמאָלט צו ער חתונה.
דריי שטאָק גרייזלעך, איין שטאָק אויפֿן אַנדערן און אויפֿן דריטן שטאָק אַ רויז. איך ווייס ניט פֿאַרוואָס איך האָב
דערפֿילט, אַז מען פֿאַרשעמט מיד. אַלע גייען צום "בענד" און איך? אַזוי ווי איך זאָל גאָר אין שטיוב ניט זײַן. אַזוי
ווי איך זאָל גאָר אויף דער וועלט ניט זײַן. פֿאַרהאָכט האָט ווידער אַ פּאָר מאָל געקלונגען דער טעלעפֿאָן. מען
האָט גערעדט וועגן "בענד". עדי איז געקומען. ער האָט זיך אינגאַנצן ניט וויסנדיק געמאַכט וועגן דעם צעטעלע,
וואָס ער האָט מיר איבערגעלאָזן אונטערן קישן. ער האָט זיך אַ דריי געטאָן איבערן שטוב. ער האָט געזען, אַז
סעלמאַ איז אָנגעהאָן און איך ניט. איך האָב געזען, אַז ער האָט עס באַמערקט. ער האָט .מיר געוואָלט עפּעס
זאָגן, האָר סעלמאַ האָט געהאַלטן אין איין ריידן צו אים. כדי זיך מאַכן אינגאַנצן ניט וויסנדיק, האָב איך
אָנגעהויבן צו איבערשרײַבן די ענגלישע ווערטער פֿון דעם ביכל מיט בילדער, וואָס "רעד" האָט מיר געבראַכט.
איך האָב זיך געזעצט מיטן פּלייצע צום צימער און איך האָב זיך

---

58

געטראַכט : איך האָב אײַך אין "קאָטוך", גייט אײַך צום "בענד". אין לובלין ווערן אויך געבאָרן פֿיינע מענטשן,
כאָטש איר שעמט זיך גיין מיט מיר צו אייער "בענד" . . .
פּלוצלינג האָט דאָס האַרץ בײַ מיר אַזוי אָנגעהויבן זעצן, אַז איך האָב אויפֿגעהערט צו זען די ענגלישע ווערטער,
וואָס איך האָב איבערגעשריבן. איך האָב דערהערט "רעדס" שטים : האלאָ רבֿקה, האָט ער אַ רוף געטאָן, און

האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן צו מיר אויף ענגליש. איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען. ער האָט מיר אַ ווייז געטאָן צוויי בילעטן : פֿאָר יו ענד מי. קוויק, קוויק, (פֿאַר דיר און פֿאַר מיר, שנעל). קוויק ווייס איך שוין וואָס דאָס הייסט. איך האָב אין דער רגע אַ טראַכט געטאָן אַזאַ נאַרישקייט, וואָס קיין גרעסערע קען גאָר אויף דער וועלט ניט זײַן. "זכות אבות זײַנען מיר בייגעשטאַנען" האָב איך אַ טראַכט געטאָן, "וואָס דער "רעד" איז געקומען מיט די בילעטן. נישט געלאָזט מיך פֿאַרשעמען אַנטקעגן סעלמאַן און אַנטקעגן אַלעמען". איך גיי צום "בענד", איך גיי צום "בענד", האָב איך די גאַנצע צײַט געט'ראַכט, גייענדיק, איך ווייס אַליין ניט פֿאַרוואָס דאָס האָט מיר אַזוי הנאה געטאָן.

דער "קאָנצערט" איז מיר ניט געפֿעלן. אַזאַ טראַסקערײ, ווי שדים האָלן טאַנצן, נישט מער עס האָט מיר הנאה געטאָן, וואָס איך האָב אויסגעפֿירט. נאָכן קאָנצערט איז צו אונז צוגעגאַנגען רוט. "רעד" האָט אונז באַקענט : "האַו דו יו דו" (וואָס מאַכט איר), האָט רוט אויסגעזונגען, דער לעצטער "דו" איז בײַ איר אַרויסגעקומען מיט אַ קוויטש, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי בייזערט זיך. דאָס "האַו דו יו דו" קען מען, זעט אויס, זאָגן ווי מען וויל. אַז עדי גיט מיר אַ זאָג "האַו דו יו דו", גיט ער עס אַ כאַפּ אָפּ, עס דאַכט זיך, אַז ער וויל מיר נאָך עפּעס זאָגן און ער פֿאַ-האַקט זיך. אויף דער ראַדיאָ האָב איך געהערט, ווי איינער זאָגט "האַו דו יו דו" לייגט ער אַרײַן דאָס גאַנצע האַרץ אין דעם ערשטן "דו" און עס קומט בײַ אים אויס : "האַו דו-ו-ו יו דו"... "רעד" זאָגט מיר פּשוט : וואָס מאַכסטו? ער רעדט צו מיר אידיש, ניט קיין אידיש אינגאַנצן, נאָר אידישלעך . . . ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט אַמאָל געלערנט אין אַ תּלמוד תּורה, און ער האָט טאַקע ניט געלאָזט זיך בעטן און האָט פֿאַר מיר אויס-

59

געלייגט וואָס ער קען : דוד המלך, שלמה דהי חכם און יוסף הצדיק. בעסער פֿון אַלץ האָט ער געדענקט וועגן שלמה דהי חכם, און ער האָט מיר איבערדערציילט די מעשה מיט "די צוויי ווימען און די קיד" (צוויי פֿרויען און אַ קינד). געוויס קען לייזער מער פֿון אים . . . "איך גלײַך די אידישע סטאָריס" — האָט מיר "רעד" געזאָגט, — איך גלויב אים, כאָטש אין דער היים פֿלעגט מען זאָגן, אַז אַ געלער איז אַ רמאי, אָבער אַז איך זע "רעדן" דאַכט זיך מיר, אַז עס איז ניט אַזוי, און ער איז ניט קיין אָפּנאַרער. אַז ער האָט היינט געבראַכט די "טיקעטס" צום קאָנצערט האָט זיך מיר אים געוואָלט אַ קוש טאָן, נאָר מער וואָלט מיר ניט געפֿעלט . . . ווען לייזער זאָל ויסן, וואָס איך שרייב איצט? ער וואָלט געוויס געטראַכט, אַז איך בין אַן אויסוואורף.

בעת'ן קאָנצערט, ווען עס איז געוואָרן פֿינצטער אין זאַל האָט מיך "רעד" אַ קוש געטאָן. דאַכט זיך, אַז די מיסיס שאָר איז געווען גערעכט, אַז די "באַיעס" געפֿעלן מײַנע צעפּ, ווײַל "רעד" האָט מיך טאַקע אַ קוש געטאָן פֿריער אין האַלדז און דערנאָך אין די האָר. איך מײַן, אַז קיינער האָט עס ניט געזען. מער פֿעלט מיר ניט . . . איך האָב געמיינט, אַז מען קען שטענדיק זאָגן דעם אמת, זע איך אַז נישט : לייזערן וועל איך ניט שרײַבן וועגן "רעד"ן, איך קען דאָס ניט, און "רעד"ן וועל איך ניט דערציילן וועגן לייזערס בריוו. זעט אויס, אַז דאָס האָב איך זיך אויסגעלערנט פֿון דער אַקטריסע, זי טוט טאַקע אַזוי.

ווען סעלמאַ האָט פֿאַרן שלאָפֿן מיך אַ פֿרעג געטאָן : "ווי גלייכסטו דעם קאָנצערט? " "מיר איז דאָס זייער געפֿעלן, איך וועל שוין שטענדיק גיין" , — האָב איך איר אָפּגעצאַצקעט מײַן ענטפֿער, כאָטש פֿון דער "טראַסקערײ" האָט מיר אַזש ווי געטאָן דער קאָפּ, נאָר זאָל סעלמאַ ניט מײַנען, אַז די וועלט איז באַשאַפֿן געוואָרן בלויז פֿאַר איר.

אונטער דער "מעיפֿלאָוער"
11־טער מערץ.
דער לאָנדרימאַן איז נאָך קראַנק. ער איז אַריבערגעפֿאָרן צו זײַן שוועסטער צוויי בלאָק ווײַטער פֿון דער וועשערײ, די

60

שוועסטער זאָל אויף אים אַכטונג געבן, ווײַל די לאָנדרינישקע איז פֿאַרנומען. מענדל פּושקאַרט זאָגט, אַז אויף מײַן מזל איז געקומען זײַן שלימזל. די לאָנדרינישקע גיט מיר אַלע טאָג אַ דאָלער און זי רופֿט מיך אַרויף "אַפּסטעס" אויף אַ "קאַפּ קאַפֿע" און אַ סענדוויטש. זעט אויס, אַז דאָס רעכנט זי צו צו מײַן געהאַלט, צו די "ווייזשעס", ווײַל זי דערלאַנגט עס מיר, ניט ווי מען דערלאַנגט אַ גאַסט, נאָר ווי אַ פֿאַרדינטע זאַך. איך האָב אויפֿגעהערט צו עסן אָוונט-ברוט אינדערהיים. איך ענטפֿער דער טאַנטע : "אַ דאַנק, איך האָב שוין געגעסן" און דאָס איז מיר אַנגענעם. אויסער דעם "קאַפּ קאַפֿע" און דעם סענדוויטש וויעט מיר די לאָנדרינישקע פֿאָטאָגראַפֿיעס. די שופֿלאָדן פֿון דער קאַמאָדע, וווּ עס שטייט די "מעיפֿלאַוער" זײַנען זעט אויס אָעעפּיקעווועט מיט פֿאָטאָגראַפֿיעס. אַז זי דאַרף מיר עפּעס ווייזן עפֿנט זי אייך שופֿלאַד, און אַ צווייטן און אַ דריטן, זי גיט אַ צעעפֿן אַלע שופֿלאָדן, די קאַמאָדע בלייבט שטיין מיט אָפֿענע פֿליגל, און די לאָנדרינישקע געפֿינט די פֿאָטאָגראַפֿיע, וואָס זי האָט געזוכט. הײַנט האָט זי אַרויסגענומען אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון אַ יונגמאַן, ער איז פֿאָטאָגראַפֿירט אין אַ סטונדענטישער היטל מיט אַ קאָקאַרדע פֿון פֿאָרנט, מיט קנעפּלעך אויף דער

מאַרינאַרקע.
— דאָס איז אַבראַשאַ, האָט זי אַ זאָג געטאָן, אַבראַשאַ. זי איז מיט אים אַרומגעגאַנגען אַכט יאָר. זי איז געווען אין דער זובאָוואַבעטשעבנע שקאָלע און ער אין דער טעכנישער שול. ער האָט געקענט גיט זינגען. אַז ער פֿלעגט אָנהויבן זינגען "וואָט מטשיסטאַ טראַיקאַ אודאַלאַיאַ", פֿלעגט ווערן שוואַרץ אונטער די פֿענצטער, אַלע פֿלעגן זיך אָפּשטעלן, עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע לעבן וועט אַזוי זײַן, און ווער איז געווען גלײַך צו באַשקע ליכט?

"איינמאָל בין איך מיט אַבראַשען געקומען אין וואָלאָדעווע, אַהיים, זומער . . . ווען ער האָט אָנגעהויבן זינגען בײַ אונדז אין הויז — האָט די גאַנצע גאַס צעעפֿנט די פֿענצטער : — באַשקע ליכט'ס חתן זינגט, דער סטודענט, דער טעכניקער. די מאַמע מײַנע, זי לעבט שוין ניט, האָט זיך געבעטן בײַ אים, ער זאָל אויפֿהערן זינגען, מענטשן וועלן זי נעמען אויף די ציין . . . עס

---

61

איז איר צו-גוט. אין אַ יאָר אַרום איז אַבראַשאַ קראַנק געוואָרן אויף די לונגען. ער איז אַוועקגעפֿאָרן קיין אָטוואָצק. אין איין יאָר האָט מען אים ניט געקענט דערקענען, דאַר געוואָרן, האָט געהוסט. די מאַמע מײַנע האָט מורא געהאַט איך זאָל זיך ניט אָנשטעקן. זי האָט מיך "אַרויסגעכאַפּט פֿון פֿייער" און אַוועקגעשיקט צו איר שוועסטער קיין אַמעריקע. אַבראַשאַ האָט מיר קיין איין בריוו ניט אָנגעשריבן. איך האָב אים אפֿשר הונדערט בריוו געשיקט, ער האָט מיר אויף קיין איינעם ניט געענטפֿערט. איך האָב געהערט, אַז ער האָט נאָך געלעבט עטלעכע יאָר און האָט נאָך אַפֿילו צוגעהאָלפֿן זײַן ברודער אין אַפּטייק. מײַן מוטער האָט געמיינט, אַז פֿאַר מיר זאָל זײַן בעסער, נאָר איך האָב דאָס גאַנצע לעבן חרטה, וואָס איך בין אַוועקגעפֿאָרן. ניט שטענדיק דאַרף מען פֿאָלגן עלטערן . . . דאָ האָב איך חתונה געהאַט, האָב אַ פֿיין הויז, אַ פֿיינע טאָכטער, אַ גוטן מאַן זאָל ער מיר נאָר געזונט ווערן, האַר באַשקע ליכט איז ניטאָ. עס לעבט בווירדי שליווקע, און איך זאָג אייך, אַז באַשקע ליכטס איין טאָג איז מער ווערט ווי בווירדי שליווקעס אַלע יאָרען" . . . דאָס האָט די לאָנדרינישקע געזאָגט, ווען זי האָט שוין אַלע פֿליגלען פֿון דער קאַמאָדע צוגעמאַכט און האָט שוין אַוועקגעשטעלט אינדערהויך די צעזעגלטע מעיפֿלאַוער. און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אונטער דער מעיפֿלאַוער ליגן באַהאַלטן אַ סך אומעטיקע מעשׂות. ווען זי האָט עס מיר דערציילט האָב איך געטראַכט פֿון זיך און פֿון לייזערן. זאָל כאָטש די מעשׂה פֿון באַשקע ליכט ניט זײַן פֿאַר מיר קיין שלעכטער אָנזאָג. ווער ווייס? אָט זאָגט מען מיר אויך, אַז איך זאָל בייטן מײַן נאָמען אויף רוט. "רוט" איז אַ ריכטיקער נאָמען, זאָגן זיי. אפֿשר וועט רבֿקה זילבערג אויך ניט ווערן, און עס וועט ווערן "רוט? " — "רוט" — ווי נאָך? מיר האָט זיך דערמאָנט דעם "רעדס" פֿאַמיליע — לעוויט . . . "רוט לעוויט? " און מיר האָט שטאַרק אָנגעהויבן קלאַפּן אין האַרצן, שלאָגן, שלאָגן . . . און לייזער וועט מיר אויף קיין בריוו ניט ענטפֿערן? איך האָב אַ קוק געטאָן צי לייזערס בריוו ליגט אין שש? דערזען דעם בלויעם קאָנווערט און זיך באַרואיקט.
דער "רעד" איז הײַנט אויך געקומען. ער האָט זיך גענומען

---

62

מיך לערנען "ספּעלינג" און אין עטלעכע מינוט אַרום האָט רוט אָפּגערופֿן אויפֿן טעלעפֿאָן. זי האָט גערעדט מיט סעלמאַן. דער "רעד" האָט אַ זאָג געטאָן : "גריטינגס" און האָט ווידער מיר געוויזן ווי מען שרײַבט — "פֿאַטהער" (פֿאָטער). די טאַנט.ע האָט געשפּאַסט : אַ מלמד געוואָרן . . . נאָר איך זע, אַז דער "רעד" האָט זיך פֿאַרלייגט מיך אויסצולערנען ענגליש און איך טראַכט, אַז לייזער וואָלט אויך אַזוי געטאָן . . . איך זע איין אַז דאָס וואָס מען זאָגט אינדערהיים, אַז אַ געלער איז אַ רמאי איז ניט ריכטיק. עס קען ניט זײַן, אַז "רעד" זאָל מיך וועלן אָפּנאַרן. ער איז דאָך ניט קיין "דזשיריבאָג" און אפֿשר?

דרײַ מזל טובֿס
21-טער מערץ.
הײַנט איז אַ טאָג פֿון סאַמע מזל-טובֿ'ס. ערשטנס האָט די מיסיס ראַבקין באַשלאָסן צו אינשורן אירע קינדער. פֿאַרן מיטינג אין דער טאַנטעס "ליידיס סאָסייעטי" האָט די מיסיס ראַבקין אָפּגערופֿן די טאַנטע אָן אַ זייט און האָט זיך מיט איר בעראַטן : — איך קען ניט "דעסיידן" (באַשליסן), האָט זי געזאָגט, צי זאָל איך "אינשורן" (פֿאַרזיכערן) די קינדער צי ניט? די טאַנטע דערציילט די מעשׂה און דאָס גאַנצע פּנים לויכט בײַ איר פֿון גלעכטער : "איך האָב אויך בײַ מײַן מאַמען קיין שטרוי ניט געקייט — זאָג איך צו מיסיס ראַבקין, — לאָזט עס איבער, מיסיס ראַבקין, נאָכן מיטינג וועט זײַן מער צײַט" . . . און איך האָב זי נאָמינירט פֿאַר ווייס פּרעזידענטין . . . איך האָב געזאָגט צו די פֿרויען, אַז מיסיס ראַבקין איז שוין צוועלף יאָר אַ מעמבער (מיט-גליד) אין דער סאָסייעטי און עס איז ניט מער ווי רעכט, זי זאָל זײַן בײַ אונדז ווייס-פּרעזידענטין. אייניקע האָבן אפֿילו ניט געוואָלט ליידן, אָבער די פֿרויען האָבן זיך אָנגעכאַפּט, עס איז שוין געווען שפּעט, אַבי מען גייט אַהיים, און מען האָט זי געמאַכט פֿאַר ווייס פּרעזידענטין. די מיסיס ראַבקין איז אַזוי צעשמאָלצן געוואָרן, אַז זי איז צו מיר

צוגעגאַנגען און האָט געזאָגט : "אַי נעווער ניו יו'ר סאָטש אַ נייס ווומען (איך האָב גאָר קיינמאָל ניט געוווּסט, אַז איר זיינט אַזאַ פֿיינע פֿרוי)" . . . דער אָנקל האָט געשמייכלט : גם

---

63

אתם, האָסטו איר באַדאַרפֿט האָגן... און די טאַנטע פֿאַרענדיקט די מעשה : בקיצור זי האָט "דעסירעט" צו אינשורן די קינדער. דער אָנקל, אַז ער הויבט אָן שמייכלען ווייס איך קיינמאָל ניט צי ער שפּאַסט, צי ער רעדט ערנסט. לאַכן לאַכט ער ניט, נאָר ער שמייכלט. אַזוי איז היינט טאַקע געווען נאָך אַמאָל אויך, ווען מאַרווין איז אַראָפּגעקומען מיט אַ שמחה : מען האָט: אים באַשטימט פֿאַר דעם פֿירער פֿון די "געימס" (שפּילן) אין זײַן קלוב "העפּי אַור" און ער וועט קריגן דערפֿאַר פֿינף דאָלאַר אַ וואָך. דער אָנקל האָט אויך געשמייכלט און האָט אַ זאָג געטאָן :

— איידע, אונדזער קדיש האָבן מיר שוין באַזאָרגט . . .

די טאַנטע האָט זיך אַ בייזער געטאָן : נו, טאַקע, פֿאַרוואָס ניט? אין אַמעריקע איז אַלץ אַ ביזנעס . . . מאַרווין האָט פֿאַר גרויס פֿרייד אָפּגעגעסן פֿריער פֿון אַלעמען אָוונט ברויט און איז אַוועק אין די מוּוויס זען "געימס". ער קען ניט זיצן אין שטוב ליידיק"

דער דריטער מזל טוב איז וואָס דער לאָנדרימאַן איז שוין געזונט געוואָרן. ער וועטי שוין אַליין בינדן די פּעקלעך און שטעלן די "פֿיגורס". איך וועל מוזן גיין צו מיסטער רובין זען, ווען דאָס מיידל, וואָס קלייבט די "פּיסעס" (שטיקלעך) אין זײַן פֿעקטאָרי וועט חתונה האָבן. — "לאָז דאָס ניט אָפּ האָט מיך געראָטן די מיסיס שאָר, גיי אַרײַן צו דעם מיסטער רובין, ווײַל דאָס מיידל, אַז זי האָט אַ "דזשאַב" קען אַמאָל אינגאַנצן ניט וועלן חתונה האָבן" . . . דאָס האָט שוין די מיסיס שאָר געזאָגט מיט אַ זשמורע פֿון אויג. די מיסיס שאָר איז גערעכט, מאָרגן וועל איך אַרײַנגיין צו מיסטער רובין. די לאָנדריניטשקע האָט, געזעגענענדיק זיך מיט מיר, געזאָגט : גלויב מיר, ביסט בײַ מיר ווי אַ שוועסטער, נאָר גאָט צו דאַנקען, וואָס מײַן מאַן איז שוין געזונט געוואָרן. און זי האָט מיר אַן עצה געגעבן אַרײַנגיין אין דעם "קאָונסל אָוו דזשואיש טשאַריטי וויטען", זיי פֿאַרנעמען זיך איצט אַ סך מיט די פֿליכטלינגע און זי איז "שור" (זיכער), אַז איך וועל דורך זיי קריגן אַרבעט. די לאָנדריניטשקע האָט מיר געגעבן זייער אַדרעס און האָט מיר צוגעגעבן מוט : — אַז מען זוכט געפֿינט מען. די לעצטע צײַט צוליב מײַן אַרבעט אין דער וועשערייִ האָב איך

---

64

האָרזען די שול. מאָרגן וועל איך צוריק אָנהויבן גיע לערנען, איך וועל צוריק זען די גוטע מיס שוואַרץ, וואָס גיט אַלע ווײַלע אַ בליק אויף מײַן שרײַבן, און וואַרפֿט אַ פֿרינדלעכן בליק אויך אין מײַן האַרץ : יו'ר יאָע ! (ביסט יונג ! ) און אַגב וועל איך זיך אַביסל אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ דעם "רעד". ער איז מיך היינט געקומען אָפּנעמען פֿון דער אַרבעט. ווען איך בין אַרויס פֿון דער לאָנדרי, זע איך "רעד" שטייט. ער איז געשטאַנען און האָט געוואַרט אויף מיר. איך האָב געזען, אַז ער וויל מיר עפּעס זאָגן, נאָר ער לייגט עס אָפּ אויף שפּעטער. ווען מיר זײַנען שוין געווען נאָענט פֿון הויז, האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן :

— קום לאָמיר "נעמען אַ וואָק" (גיין שפּאַצירן), איך וועל דיר ווייזן דעם איסט ריווער, און אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער מיך אַ פֿרעג געטאָן

רבֿקה, דו זאָגסט אַמאָל אַ "ליג"?

— אַ ליגן?

— יע, אַ ליגן, מײַן איך . . . דו זאָגסט אַמאָל?

— פֿאַרוואָס ניט? האָב איך גאָר פּלוצלינג אויסגעשאָסן און אָנגעהויבן לאַכן . . . "רעד" האָט אויך אָנגעהויבן לאַכן און איך האָב געזען, אַז ער פֿרעגט מיך שוין ניט: דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט פֿרעגן. איך האָב צען חרטות געהאַט, וואָס איך האָב אים אַזוי אָפּגעענטפֿערט, נאָר וואָס האָב איך שוין געקענט טאָן? און אפֿשר איז גלייכער ער זאָל מיך ניט פֿרעגן . . . אפֿשר ווייסט ער עפּעס וועגן לייזערן . . . אַרום איסטז ריווער האָבן געברענט אַ סך פֿייערן. עס איז געווען זייער ליכטיק. און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין אין לובלין און עס איז ליכטיק געוואָרן דער סאָסנאָווער וואַלד. אין דערהיים האָבן מיר געטראָפֿן עדין און אַביסל שפּעטער האָט זיך גאָר פּלוצלינג אַרײַנגעשטעלט רוט. זי איז געקומען אויסגעפּוצט. אין אַ בלויעם זשאַקעטעלע מיט אַכט זילבערנע קנעפּ. די מיסיס שאָר איז גראָד אַרײַנגעקומען און האָט אַ זאָג געטאָן צו דער טאַנטע, און דערבײַ אַ פֿינטל געטאָן מיטן אויג אויף רוט'ן :

— "די "גרינע" האָט עס אַ רודער געטאָן די מוידן" . . נאָר זי האָט זיך פֿאַרכאַפּט, זי האָט זיך, זעט אויס, דערמאָנט אָן

---

65

סעלמאַן. רוט האָט נאָכאַנד געשמייכלט: צו דער טאַנטע, צו סעלמאַן, צו עדין, צו "רעד"ן און אַפּילו צו מיר. צו מיר זײַנען אירע שמייכלען געווען קורצע, אָפּגעריסענע. וואָס זײַנען זיי אַלע אין כעס אויף מיר פֿאַרשטיי איך ניט? סעלמאַ "היט" עדין, און רוט בלאָזט זיך פֿאַר "רעד"ן, די מיסיס שאָר האָט מיר געזאָגט : רוט איז "קרייזי" פֿאַר אים. איך ווייס שוין גאָר גוט, וואָס "קרייזי" איז. אין לובלין וואָלט מען געזאָגט, אַז איך בין "קריעי" פֿאַר ליקערן און לייזער איז "קריזי" פֿאַר מיר, נאָר אין לובלין קען מען קיין ענגליש ניט ריידן.
אין לובלין זאָגט מען "אַרומגיין". רבֿקה גייט אַרום מיט לייזערן, האָט מען געזאָגט אין לובלין, זי וועט דערגיין צו דער חופּה. און ווו דערגייטי מען, אַז מען איז "קרייזי"? דאָס ווייס איך נאָך ניט. דאָס וועל איך פֿרעגן בײַ "רעד"ן. זעט אויס, אַז "רעד" האָט זיך געוואָלט אַרויסדריען פֿון רוסן און ער איז אַוועק זייער פֿרי. "א'ם ביזי" (איך בין פֿאַרנומען), האָט ער געזאָגט און איז אַוועקגעגאַנגען. און אפֿשר האָט ער שוין גלאַט געוואָלט אַוועקגיין? און אפֿשר האָט אים פֿאַרדראָסן, וואָס איך האָב זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט? דער אומגליק איז, וואָס איך האָב געזען די אַקטריסע אין די מוּוויס און איך האָב זיך אויסגעלערנט אירע שפּיצלעך . . . איך וואָלט עס פֿריער אין לובלין קיינמאָל ניט געטאָן. עס וואָלט געווען זייער גוט, ווען איך וואָלט עס אַלץ געקענט דערציילן לייזערן און הערן, וואָס ער וואָלט מיר געזאָגט אויף דעם.

מיסטער רובין זוכט אַ "שׂונא"
13-טער מערץ.
עס איז טאַקע זייער גוט, וואָס איך האָב פֿאַרדינט עטלעכע דאָלער אין דער וועשעריי, האָב איך זיך הײַנט געקויפֿט אַ פּאָר נײַע שיך. מײַנע שיך, וואָס דער ברודער האָט מיר געקויפֿט אין אַנטווערפּן, זײַנען שוין זייער אָפּגעטראָגן, אויסער דעם זײַנען זיי מיט לאַנגלעכע שפּיצן און זיי זײַנען דאָ ניט "סטייליש" (מאָדיש). די נײַע וואָס איך האָב געקויפֿט זײַנען מיט אויסגעשניטענע לעכעלעך און זיי זײַנען זייער שיין אויפֿן פֿוס.

---



אויף אַ יונגן פֿוס איז אַלץ שיין, האָט געזאָגט די מיסיס שאָר, אַלץ איז שיין און אַלץ איז גוט. די שווערסטע זאַך איז טאַקע צו קריגן די "יונגע פֿיס". מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די מיסיס שאָר איז אומעטיקלעך געווען, ווען זי האָט עס געזאָגט, ווײַל זי האָט אַפּילו מיטן אויג ניט אַ זשמורע געגעבן, ווי זי טוט עס געוויינלעך. ווען איך האָב געבראַכט אַהיים די שיך האָט סעלמאַ אויף זיי אַ קוק געטאָן און האָט אַ מורמל געטאָן זיי זײַנען "טשיפּ" (ביליק). סעלמאַ האָט עס ניט באַדאַרפֿט זאָגן, ווײַל זי ווייס דאָך, אַז איך האָב ניט קיין געלט. די טאַנטע האָט זיך אַ בייזער געטאָן אויף איר : "טשיפּ-שמיפּ, וואָס דען, ווי דײַנע משוגעת'ן? אַ שוך איז אַ שוך, אַבי ער איז גאַנץ". איך האָב אָנגעטאָן אַ פּאָר נײַע זאָקן, וואָס דער אָנקל האָט מיר געבראַכט, און די נײַע שיך און איך בין אַוועק צום מיסטער רובין פֿרעגן, צי דאָס מיידל, וואָס קלייבט די "פּיסעס" בײַ אים אין "-פֿעקטאָרי" קלייבט זיך שוין חתונה האָבן.
דער מיסטער רובין איז הײַנט געווען עפּעס גאָר אַן אַנדער
מיסטער רובין. איך האָב צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן געהערט אַ מענטשן רירן ווי ער האָט הוינט גערעדט צו דעם יונגן מאַן, וואָס איז געווען בײַ זיי אין הויז. ווען איך בין געקומען האָט דער מיסטער רובין אַ זאָג געטאָן צו מיר : "האַלאָ" און האָט ווײַטער געשריען, אקעע פּשוט כמעט געשריען צום יונגן מאַן : "נו, איר ווילט דאָך ראַטעווען די וועלט? זעט, וואָס איר האָט אויפֿגעטאָן? מלחמות האָט איר געבראַכט, צרות, מען טרײַבט ייִדן . . . אַלץ אייער אַרבעט . . . ווער בעט אײַך ראַטעווען די וועלט? וועמעס דאגה איז דאָס? " דער יונגערמאַן, וואָס האָט געבראַכט אויף דער וועלט די מלחמות מיט די צרות האָט געוואָלט עפּעס ענטפֿערן, נאָר מיסטער רובין האָט אים ניט געלאָזט : "וואַרפֿט אײַך אַרויס פֿון קאָפּ די האָרישקייטן, האָט ער זיך געביעערט, וואַרפֿט אײַך אַרויס פֿון קאָפּ די ראַטונקעס פֿון דער וועלט . . . אין כל חדש תּחת השמש — די וועלט איז אַן אייביקע זאַך. און איר מיט אירע געשיכטעס, אָרעם-רייך שמייך-גלײַך, האָט- דערפֿירט צו אַלע אומגליקן, ביז דער *מח שמו איז געקומען".
דער יונגערמאַן, אַ דינינקער און אַ קליינער, מיט דאַרע הענט,

---



האָט געוואָלט אַרײַנכאַפּן זאָגן אַ וואָרט : "איך האָב געבראַכט די מלחמה? — האָט ער זיך פֿאַרענטפֿערט — וואָס רעדט. איר מיסטער רובין? מיר ווילן בלויז דעם מענטשן בעסער מאַכן"... מיסטער רובין איז אַזש אונטערגעשפּרונגען : — אָט, אָט, אָטאָ, דאָס איז די גאַנצע צרה . . . דערציילט ניט קיין מעשׂות... ווער בעט אײַך אַ נײַע וועלט? ווער עס האָט שכל מאַכט אַ לעבן אַזוי אויך, און ווער עס איז אַ שוטה לויפֿט נאָך נאָכן וואָגן, און די רעדער קלאַפּן אים איבער די פֿיס . . .
דער יונגערמאַן האָט זיך אַ ריס געטאָן, האָר עס האָט אים גאָרניט. געהאָלפֿן, ער האָט בלויז באַווײַזן אויסשרייען : "ווער האָט אײַך געזאָגט?" . . . דער גליק איז געווען, וואָס די מיסיס רובין איז אַרײַנגעקומען פֿון קיך מיט אַ טעלער לאַטקעס און מיסטער רובין האָט אויפֿגעלויכטן. ער האָט אַ נעם געטאָן אַ גאָפּל און האָט זיך צוגעזעצט

צום טעלער. דער יונגערמאַן האָט כמעט ניט געגעסן. זעט אויס, אַז ער האָט נאָך געהאַט אַ סך זאַכן צו ענטפֿערן, און די ניט אַרויסגעבראַכטע ענטפֿערס האָבן בײַ אים צוגענומען דעם אַפּעטיט. עסנדיק די לאַטקעס, האָט מיסטער רובין מיר געזאָגט, אַז דאָס מיידל וואָס קלייבט די „פּיסעס" אין דער פֿאַבריק וועט אינגיכן חתונה האָבן. "איר פֿאַרשטייט דאָך, האָט ער מיר געזאָגט, אַרויסטרייבן קען איך זי ניט, אָבער זי קלייבט זיך חתונה האָבן" . . . כ'האָב אפֿילו זייער געוואָלט אים איבערפֿרעגן, וואָס הייסט "אינגיכן", אָבער כ'האָב קיין מוט ניט געהאַט. מיסטער רובין און דער יונגערמאַן, וואָס ברייינגט די מלחמות אייף דער וועלט, זײַנען נאָכן אָפּעסן די לאַטיקעס אַוועקגעגאַנגען, און איך בין נאָך געבליבן אַ ווײַלע מיט דער מיסיס רובין.

— אַז אויף מײַן הערין קומט אָן אַ משוגענער טאָג, איז אים ניט קיין נפֿקא מינה מיט וועמען ער קריגט זיך . . . פּשוט, ער זוכט אַ "שונא", און אַבי ער כאַפּט עמיצן קריגט ער זיך מיט אים. אַז קיינער איז ניטאָ איז רעכט זיך קריגן מיט מיר אויך... ווען ניט איך, זאָגט ער, מיט מײַנע עצות, וואָלט ער געווען ראַקעפֿעלער, נאָר איך לאָז אים ניט: ווערן רייך . . . די מיסיס רובין האָט אָנגעהויבן לאַכן . . . — ווייסט איר וואָס איך טו דעמאָלט? איך באַק לאַטקעס ! מײַן הערי האָט זייער ליב לאַטקעס. ווי שטאַרק

---



ער זאָל זיך ניט כעס'ן, אַז איך ברייננג אַרײַן די לאַטקעס בעט ער זיך איבער מיטן "שונא". איך ווייס טאַקע ניט ווי וואָלט מען געקענט לעבן, ווען אויף דער וועלט וואָלטן קיין לאַטקעס ניט געווען? . . אָט דער יונגער מאַן איז מיסטער רובינס אַ "נעפּיו" (פּלימעניק), זײַן ברודערס אַ זון. האָט ער זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ אַרײַן, אַז ער איז אַן אַרטיסט (אַ קינסטלער) . . . ער קלעפּט מענטשן . . . הענט, פֿיס קלעפּט ער, קיין לעבן מאַכט ער ניט . . . איז ער גראַד היינט אָנגעקומען, און הערי האָט זיך געכאַפּט מיט אים קריגן. אָבער אין דער אמת'ן איז הערי אַ גוטער מענטש, האָט אַ אידיש האַרץ, נאָר יעדערער האָט זײַנע פֿאַרדרייענישען . . . .

איך האָב אויסגעהערט די מיסיס רובין און געטראַכט, אַז דאָס ערגסטע איז, וואָס דאָס מיידל פֿון די "פּיסעס" קלייבט זיך אַביסל צו לאַנג צו דער חתונה . "רעדט" איז היינט ניט געווען. עס האָט מיר זייער באַנג געטאָן, וואָס איך האָב פֿון אים געלאַכט. אפֿשר האָט ער זיך אויף מיר באַליידיקט? איך האָב אַ גאַנצן אָוונט גאָרניט געקענט טאָן . . . וואָס מיט מיר איז געוואָרן ווייס איך ניט . . . "רעדט" איז דאָך ניט לייזער, וואָס איך דאַרף וועגן אים איבערטראַכטן.

וואָס האָסטו געהערט בײַ דער מיסיס רובין? האָט מיך די טאַנטע אַ פֿרעג געטאָן.

זעט אויס, אַז די טאַנטע האָט געוואָלט וויסן וועגן מײַן "דזשאַב", נאָר זי האָט ניט געוואָלט וועגן דעם פֿרעגן גלײַך, און האָט געפֿרעגט "וואָס הערט זיך".

— מיסטער רובין האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס מיידל קלייבט זיך אינגיכן חתונה האָבן, וועל איך האָבן דעם "דזשאַב" . . . האָב איך געענטפֿערט דער טאַנטע. זעט אויס, אַז טאַקע דאָס האָט די טאַנטע געוואָלט וויסן, ווײַל מער האָט זי מיך שוין גאָרניט געפֿרעגט. איך האָב געזאָגט דער טאַנטע, אַז די לאַנדריניטשקע האָט מיך געראַטן אַרײַן צו דעם "קאָונסיל אָוו דזשואיש טשאַריטי ווימען" און זי האָט מיר געזאָגט, אַז זיי לייגן דאָס לעבן פֿאַר די פּליכטלינגע. סעלמאַ האָט אַרײַנגעשטעלט אַ וואָרט : יעס, זיי ט'ועןן אַ "לאָט אָוו טינגס" (אַ סך זאַכן). עדי איז היינט געווען

---



זייער אומעטיק. ער האָט כמעט גאָרניט גערעדט. איך האָב באַמערקט, ווי ער און סעלמאַ האָבן זיך איבערגעוואָרפֿן מיט שטעכווערטלעך. איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען וועגן וואָס זיי ריידן, נאָר לויט עדיס טאָן, און פֿון סעלמאַס פּנים האָב איך געזען, אַז עפּעס קנעפּלט זיך ניט בײַ זיי. אַבי איך בין ניט שולדיק אין דעם. מער פֿעלט מיר ניט צו אַלע מײַנע צרות.

אַביסל שרעק
14־טער מערץ.

באַשערט מיר היינט געווען צו האָבן אַביסל שרעק. אַבי עס האָט זיך אויסגעלאָזן צו גוטן. דער עלעווייטער, וואָס פֿירט אַרויף צו דעם "קאָונסיל אָוו דזשואיש טשאַריטי ווימען" פֿליט אַזוי שנעל, אַז מיר האָט אַ קיל געטאָן אין האַרצן, ווען ער האָט זיך אַ הויב געטאָן. אין גיהנום, חלילה, מוז מען אויך מסתם אַזוי שנעל פֿליען. און אַז איך בין געקומען אינדערהויך האָב איך דערזען, אַז איך האָב געמאַכט אַ טעות : אויף אַלע ווענט הענגען דײַטשישע און ענגלישע אויפֿשריפֿטן און אַלע ריידן דײַטש, און ענגליש. זעט אויס, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז איך האָב פֿאַרפֿלאָנטערט דעם אַדרעס . . איך בין גאָר פֿאַרקראָכן ערגעץ אין אַ דײַטשישער געזעלשאַפֿט, ווער ווייס ווּהין. הינטער מיר אין דער ריי איז געשטאַנען אַ פֿרוי מיט זייער העלע אויגן, ניט קיין אידישע אויגן, און אַז איך האָב זי אַ פֿרעג געטאָן, ווי עס הייסט די געזעלשאַפֿט, האָט זי מיר געענטפֿערט : "איהר פֿאַרשטעהע זי ניהכט". אָט האָסטו זיך, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, זי רעדט מיט אַזויפֿיל "הייען" אין "כאַפֿן", אַז עס קען ניט זײַן זי זאָל שטאַמען פֿון אידן. איך האָב זיך שוין געוואָלט אַרויסרוקן און גיין זוכן מײַן אמת'ן אַדרעס. דערווײַל צו

מײַן גליק איז דורכגעגאַנגען אַ דינינקע מיידל, מיט צוויי בלאָנדע הערנערלעך אויפֿן שטערן, און בײַ איר אויפֿן האַלדז איז געהאַנגען אַ זילבערנער מגן דוד און אין מגן דוד האָט זיך געהוידעט אַ "ציון" מיט אַ בריליאַנטעלע. איך האָב זיך דערפֿרייט און זיך אַ לאָז געטאָן צום מיידל : זייט אַזוי גוט און זאָגט מיר, ווו קען איך זיך דערוויסן וועגן אַרבעט?

---



דאָס מיידל מיטן מגן דוד האָט אויף מיר בלויז איין קוק געטאָן און האָט מיר געזאָגט : "אין טהי לײַן פּליז", איך האָב זיך געשטעלט וואַרטן אין דער ריי. און צו מײַן מזל, אַז איך בין צו צום טישל און אָנגעהויבן ריידן אידיש, האָט דאָס מיידל זייער זיס אַ שמייכל געטאָן, האָט אויפֿגעלייגט די ליפּן ווי אַ דודעטשקע און האָט מיר געזאָגט : "סאָרי, אַי דאָן אָנדערסטענד יו" (איך פֿאַרשטיי ניט), וואָס טוט מען? איך האָב איר געזאָגט, אַז איך וויל ריידן מיט עמיצן אידיש, איך קען ניט קיין ענגליש . . . דאָס מיידל האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן צו איר שכנטע בײַם צווייטן טישל, יענע האָט אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען, זיי האָבן זיך ביידע איבערגעקוקט און זי האָט מיר דערלאַנגט אַ צעטעלע מיטן נאָמען "אייכענבוים", און איך בין אַוועק זוכן די מיס אייכענבוים ; מיס אייכענבוים האָט צו מיר אויך געשמייכלט און האָט מיך אָפּגעשיקט צו מיס ראַבינאָוויטש, די מיס ראַבינאָוויטש האָט אויך געשמייכלט און האָט מיך אָפּגעשיקט צו מיס קאַשער, און מיס קאַשער האָט איבערגעלייענט אַלע נעמען וואָס זײַנען געווען אָנגעשריבן בײַ מיר אויפֿן צעטעלע, איך האָב געזען, אַז זי וויל אָנהויבן לאַכן, נאָר זי האָט זיך בלויז באַנוגנט מיט אַ שמייכל. זי האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן "ווייט אַ מינוט" (וואַרט אַ ווײַלע) . . . און זי איז אַוועק זוכן איינע וואָס רעדט אידיש. זי האָט מיר געבראַכט אַ געדרוקטע קאַרטל מיטן נאָמען : מיסיס מאַיאָפֿעס. די מיסיס מאַיאָפֿעס האָט מיך אויסגעפֿרעגט און פֿאַרשריבן, ווי מײַן טאַטע הייסט, און ווי מײַן מאַמע עה"ש האָט געהייסן, און וויפֿיל ברידער איך האָב און ווער זײַנען מײַנע קרובים אין ניו-יאָרק. זי האָט אָנגעשריבן אַ גאַנצן צעטל און דערנאָך מיך געפֿרעגט מײַן "פּראָפֿעשן" (פֿאַך). איך האָב איר ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן. אין לובלין האָב איך זיך געלערנט אין אַ מיטל שול . . . און דאָ? איך האָב אַ טראַכט געטאָן און איר געזאָגט, אַז איך האָב געאַרבעט אין אַ וועשערײַ אַ וואָך צײַט. די מיסיס מאַיאָפֿעס האָט זיך אָנגעכאַפּט, זי האָט זיך כמעט דערפֿרייט און האָט אָנגעשריבן : פּראָפֿעשאָן — לאָונדרי וואָירקער . . . זי האָט מיך אַזוי אַרום געקרוינט מיט אַ "פּראָפֿעשן", אונטערגעשטראָכן מיט אַ רויטן בלייפֿעדער מײַן אַדרעס און האָט מיר געזאָגט, אַז זיי וועלן מיר "מײלן אַ לעטער" (שיקן

---



אַ בריוו). ווען איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט פֿון דער "אידישער" דאַמע האָב איך זיך זייער דערפֿרייט, איך האָב געטראָפֿן מײַן לערער שיינפֿעלדן. — רבֿקה, איך זיינט אויך דאָ? האָט ער מיך אַ רוף געטאָן — זיי האָבן אײַך אויך געזאָגט, אַז זיי וועלן אויך "מײלן אַ לעטער? " . . . ער האָט אַ לאַך געטאָן. און איך האָב דערזען, אַז דאָס פּנים איז בײַ אים דאַר. — איך האָב שוין אויסגעוואַשן אַלע לעפֿל, האָט ער אַ זאָג געטאָן, און איצט איז ווייניק אַרבעט אין אונדזער "פֿעקטאָרי" . . . עס איז ערגער ווי שלעכט, האָט ער צוגעגעבן . . . און מײַן פֿרוי בעט איך זאָל זי אַריבערנעמען . . . איך בין געווען שוין אין אַלע געזעלשאַפֿטן... זיי שפּילן גוט אויף די שרייב-מאַשינקעס, האָט ער אַ זאָג געטאָן און האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. איך האָב אים געוואָלט דערציילן וועגן לייזערס בריוו, נאָר איך האָב געזען, אַז ער איז צו פֿיל פֿאַרזאָרגט און אים ניט געוואָלט טומלען דעם קאָפּ מיט לייזערן און מיט זײַן בריוו . . .

— וואָס זאָגט אײַך אונזער לאַנדסמאַן, מיסטער שאַמוט? — האָב איך אים אַ פֿרעג געטאָן.

— אָ, איך האָב אײַך גאָר פֿאַרגעסן דערציילן, מיסטער שאַמוט האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט אײַך געגעבן אַ "דזשאַב" און האָט מיר אַגב דערציילט, אַז איר האָט געהאַט זייער אַ שיינע מאַמע . . . איך האָב געענטפֿערט, אַז דעם "דזשאַב" וועל איך האָבן ווען אַ שיקסל וועט חתונה האָבן בײַ מיסטער רובינען אין פֿעקטאָרי, און מײַן מאַמע איז שוין אויף דער אמתער וועלט, די שיינע מאַמע מײַנע . . . איך האָב גענומען בײַ שיינפֿעלדן זײַן אַדרעס און בין אַראָפּ אין דער סאָבוועי. איך האָב געטראָפֿן אין סאָבוועי עדין. ער האָט זיך מיט מיר זייער דערפֿרייט.

— רבֿקה, האָט ער צו מיר גערעדט מיט אַ גויאישן לשון אַזוי ווי פּאַן סטעפֿאַנאָווסקי, רבֿקה, אַי לאַיק יו מאָר, דען יור קאָזין... ער האָט ניט אויסגערעדט סעלמאַס האָמען, נאָר איך האָב געוווּסט וועגן וועמען ער רעדט. "טו בעד" (אַ שאָד), האָט ער געזאָגט, וואָס דו ביסט געקומען אַזוי שפּעט. עדי האָט מיך געבעטן אַרײַן מיט אים אין אַ מוווי, נאָר כ'האָב זיך דערמאָנט וועגן סעלמאס אָנגעבלאָזענעם גוידער, וועגן דער טאַנטע און וועגן דעם אָנקל, ווי

---

עד שוויַגט און שמייכלט, ווען עפּעס געפֿעלט אים ניט, און כ'האָב געזאָגט צו עדין : — עדי, האַק ניט קיין טשאַיניק . . . "האַק ניט קיין טשאַיניק" איז טאַקע עדיס אַ ווערטל. האָס קען ער זאָגן אויף אידיש ניט ווי פּאָן סטעפֿאַנאָווסקי, נאָר ווי אַלע אידן אין לובלין און אין ניו יאָרק. עדי האָט אָנגעהויבן לאַכן. ער האָט מיך אַרומגענומען בײַם האַלדז און האָט אַ זאָג געטאָן : "יו'ר א גוד גערל, רבֿקה" (ביסט אַ וווּל מיידל). "אַי לאַיק יו סאָ מאַטש" (איך האָב דיך אַזוי ליב). זעט אויס, אַז עדי האָט ניט געוואָלט אַרײַן מיט מיר צוזאַמען אין שטוב. ער איז אַוועקגעפֿאָרן מיט איין סטאַנציע ווײַטער, ער האָט געזאָגט, אַז ער דאַרף דאָרט עפּעס. "אַ'ל סי יו לייטער" (איך וועל דיר זען שפּעטער), האָט ער געזאָגט און האָט אַ הויב געטאָן צו מיר די האַנט דורכן פֿענצטער פֿון דער באַן. די האַנט האָט ער ניט אַראָפּגעלאָזט ביז איך בין דורכגעגאַנגען. ווען סעלמאַ זאָל דאָס וויסן? ווען די טאַנטע זאָל דאָס וויסן? ווען דער אָנקל זאָל האָס וויסן? און ווען לייזער זאָל דאָס וויסן? און "רעד"? "רעד"ן וואָלט עס געאַרט צי ניין? דאָס וואָלט איך געוואָלט וויסן . . .

"רעד", רוט און איך
15־טער מערץ.
רוט האָט אָנגעהויבן קומען כמעט אַלע אָוונט. זי קומט אַרײַן, שמייכלט, דרייט זיך אַרום און טאַנצט מיט מאַרווינען. דערפֿאַר האָט "רעד" אויפֿגעהערט קומען. ער איז שוין אַ פּאָר טעג ניט געווען. די מיסיס שאָר רופֿט רוטן — די "כלה". די "כלה" איז שוין דאָ, זאָגט די מיסיס שאָר, ווען זי זעט רוטן אַרײַנקומען. בײַ רוטן פֿלאַמען די באַקן און די אויגן זײַנען בײַ איר אָנגעצונדן מיט גרויע פֿייערן. "דאַכט זיך, אַ גאַנץ שיינע מויד, נאָר די "באָיעס" קלעפּן זיך ניט צו איר" — אַזוי רעדט וועגן איר ד מיסיס שאָר. פֿון דער מיסיס שאָרס רייד זע איך, אַז זי איז מיר אַן אמתר גוטער פֿרײַנט, און דער עיקר, זי וויל, אַז איך זאָל זיך אויסזוכן אַ "באָי". זי האַלט מיר אין איין דערמאָנען, אַז איך בין שוין צוואַנציק יאָר אַלט. "און ווי מען כאַפּט זיך אַריבער די צוואַנציק, זאָגט זי, זעט מען זיך אַפֿילו ניט אַרום, ווי מען ווערט אַן אַלטע מויד".

---



וווער ווייס אפֿשר איז די מיסיס שאָר גערעכט? נאָר הײַנט איז "רעד" געקומען, אָבער ניט אין אָוונט, נאָר בײַטאָג. ער האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אָן אַ מאַנטל, בלויז מיט אַ וואַרימען סוועדער. מיר געפֿעלט, וואָס "רעד" מאַכט ניט קיין סוד דערפֿון, אַז ער קומט צו מיר. אַז "רעד" איז אַרײַן, האָט מיר אָנגעהויבן קלאַפּן אין האַרצן. ,רעד" האָט גייענדיק איבערן צימער מיטגענומען אַ בענקל און האָט זיך געזעצט לעבן מיר. — רבֿקה, האָט "רעד" אַ זאָג געטאָן, דו גייסט אפֿשר הײַנט אין סקול (שול)?
— יע איך קלייב זיך טאַקע, איך האָב לעצטנס אַ סך דורכגעלאָזן.
— גוט רבֿקה, איך וועל קומען צו דיר אין "סקול".
"רעד האָט עס אַלץ אָפּגערעדט אַזוי גיך, אַז די טאַנטע האָט נאָך אַפֿילו ניט באַוויזן צוקומען צו אונדז, און אַז זי איז צוגעגאַנגען האָט "רעד" געזאָגט :
— איך בין דאָ געווען אין "נעיבאָרהוד" (אין דער געגנט), בין איך אַרײַן זאָגן "האַלאָ".
"רעד" איז נאָך געשטאַנען אַ ווײַלע, עפּעס געשמועסט מיט דער טאַנטע אויף ענגליש און איז אַוועק. זײַן שטול איז געבליבן שטיין לעבן מיר, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז נאָך אַלץ אין צימער. פֿאַרנאַכט בין איך אַוועק אין סקול. אויף די שטיגן האָב איך געטראָפֿן רוט. זי האָט געטראָגן אַ קליין רויט היטעלע מיט אַ הויכן פֿעדער.
— ווו גייסטו? האָט מיך רוט אַ פֿרעג געטאָן.
— זוכן אַ דזשאַב, האָב איך איר געענטפֿערט און זיך געכאַפּט, אַז איך זאָג ווידער אַ ליגן. מאָדנע, ווי די ליגנס האָבן זיך צו מיר צוגעקלעפּט. איך קען דאָס גאָרניט פֿאַרשטיין. פֿאַרוואָס האָב איך רוטן ניט געזאָגט דעם אמת? צו וואָס האָב איך זי אָפּגענאַרט? נאָר מיר דאַכט זיך, אַז עס איז גלייכער, אַז רוט זאָל ניט וויסן, וווּהין איך גיי. אין סקול האָט אויף מיר געוואַרט "רעד". ער האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל מיט אים גיין "נעמען אַ וואָק".
— איך וויל דיר פֿרעגן "סאַמטינג" (עפּעס) — האָט "רעד" צו מיר געזאָגט. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז "רעד" וויל מיך פֿרעגן די זעלבע זאַך, וואָס ער האָט מיך דעמאָלט ניט

---



געפֿרעגט, ווײַל איך האָב אָנגעהויבן לאַכן. מיר זײַנען אַוועק צום איסט ריווער. שיפֿן זײַנען געשוווּמען באַלויכטענע און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז הײַזער שווימען אַרום מיט ליכטיקע פֿענצטער. אין די הייזער וווינען גליקלעכע מענטשן. זיי גייען קיינמאָל ניט אַראָפּ פֿון שיף. און איך מיט "רעד"ן וועלן אויך באַלד צוגיין צו אַזאַ ליכטיק הויז. מיר איז געווען גרינג אויפֿן האַרצן, גוט און גרינג צו גיין שפּאַצירן מיט "רעד"ן, "נעמען אַ וואָק". איך האָב אַ טראַכט געטאָן פֿון לייזערן. לייזער וואָלט עס געוווּסט, וואָלט אים פֿאַרדראָסן . . .
— זאָג, רבֿקה, "דהי טרו" (דעם אמת) האָסט געמאַכט אַ "דעיט" (באַגעגעניש) מיט עדין?
— נאַרישקייטן, האָב איך געזאָגט, עדי איז דאָך סעלמאַס חתן, און אויסער דעם איז עדי אַ "דזשיריבאָג".

"רעד" האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט. ער האָט געלאַכט הויך און האָט אַ פּאָר מאָל איבערגע'חזר'ט — עדי איז אַ "דזשיריבאָג" . . . זעט אויס, אַז דאָס האָט אים אויסגעזען זייער לעכערלעך, ווײַל ער האָט דערנאָך צוגעגעבן :
"סאָ פֿאָני". שפּעטער האָט "רעד" צו מיר געזאָגט :
— "יו נאָו" (ווייסט), רבֿקה, עדי האָט מיר געזאָגט, אַז דו האָסט מיט אים געמאַכט אַ "דעיט" אין דער סאָבוויי און ער האָט דיך אַ קוש געטאָן . . .
מיר האָט זייער פֿאַרדראָסן, וואָס "רעד" האָט גערעדט מיט עדין וועגן מיר און פֿאַרדראָסן האָט מיר גאָר אויף "רעד"ן, מער ווי אויף עדין.
— נו, און וואָס האָסטו אים געזאָגט?
"אַי טאָלד הים" (איך האָב אים געזאָגט), דאָס איז אַ ליגן.
מיר איז זייער אומעטיק געוואָרן. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז לייזער וואָלט מיך קיינמאָל ניט געפֿרעגט וועגן אַזעלכע זאַכן, ער וואָלט מיך קיינמאָל ניט גענומען אויף אַזאַ נאַרישן פֿאַרהער... פֿאַר פֿאַרדראָס האָט זיך מיר געוואָלט וויינען. איך האָב זייער חרטה געהאַט, וואָס איך בין געגאַנגען צום איסט ריווער, און ניט געבליבן בעסער אין "סקול" לערנען. גלייכער וואָלט געווען איך זאָל ניט גיין . . . האָב איך געטראַכט. "רעד" האָט, זעט אויס, באַמערקט,

---

75

אַז מיר איז אומעטיק געוואָרן. ער האָט זיך געפּרוווט פֿאַרענטפֿערן :
— "אַי נאָו, דאַטס א לאַי, אַי נאָו" (איך ווייס, אַז דאָס איז אַ ליגן, איך ווייס), נאָר איך האָב דיך געוואָלט פֿרעגן . . .
צי זאָל איך זאָגן "רעד"ן צי ניט זאָגן, אַז מיר פֿאַרדריסט אינגאַנצן דער הײַנטיקער שפּאַציר? אַז לייזער וואָלט מיך קיינמאָל ניט געפֿרעגט אַזוי . . . זאָל איך אים זאָגן, צי ניין? יע, צי ניין?
"רעד" האָט געזען, אַז איך וויל אים עפּעס זאָגן און איך שווײַג.
— רבֿקה, "וואַט עבאַוט דו יו טינק? " וועגן וואָס טראַכסטו)?
— "רעד" איך וויל דיך עפּעס בעטן, האָב איך אים געענטפֿערט, איך וויל דיך עפּעס בעטן . . .
— וואָס, רבֿקה?
— דו זאָלסט מיך קיינמאָל ניט פֿרעגן אַזעלכע זאַכן . . .
— וואואַי (פֿאַרוואָס), רבֿקהלע?
—איך ווייס ניט "וואואַי", נאָר דו זאָלסט מיך ניט פֿרעגן...
— און "איף" (אויב) איך וועל וועלן פֿרעגן?
— זאָלסטו מיך אויך ניט פֿרעגן.
— און "איף" איך וועל ווילן וויסן? . . .
— זאָלסטו מיך אויך ניט פֿרעגן . . . און "איף" אַפֿילו דו וועסט חלשן, זאָלסטו מיך אויך ניט פֿרעגן, און "איף" אַפֿילו דו וועסט טאַנצן ווי אַ "דזשיריבאָג", זאָלסטו מיך אויך ניט פֿרעגן . . . "רעד" האָט זיך צעלאַכט און איך אויך. דער פֿאַרדראָס איז בײַ מיר אַריבער, נאָר עפּעס איז בײַ מיר פֿאָרט געבליבן אין האַרצן, אַז לייזער וואָלט אַזוי ניט געטאָן . . . "רעד" האָט ניט געוואָלט אַרײַן אין הויז. איך בין אַרויף אַליין. אויף די שטיגן האָב איך געטראָפֿן רוטן און עדין.
— האָסט געקראָגן אַ "דזשאַב"? האָט מיך רוט אַ פֿרעג געטאָן און האָט געשמייכלט.
— איך האָב ניט געזוכט קיין "דזשאַב", האָב איך איר

---

76

געענטפֿערט און אויך געשמייכלט. זאָל זי כאָטש איינמאָל הערן דעם אמת . . . צו וואָס זאָל איך איר איצט ליגן זאָגן?
— גוד נאַיט ! — האָט רוט אויסגעזונגען און אָלץ געשמייכלט. זעט אויס, אַז שמייכלען איז דאָ אַ מנהג, און מען דאַרף שמייכלען ווען מען וויל און ווען מען וויל ניט. איך וועל זיך אויך דאַרפֿן דערצו צוגעוווינען.
עדין האָב איך גאָרניט געזאָגט, נאָר איך ווייס, אַז ער האָט דערפֿילט, אַז איך האָב אַ האַרץ אויף אים.
— גוד נאַיט, רבֿקה ! — האָט עדי געזאָגט און האָט אויף מיר קיין קוק ניט געטאָן.
גוד נאַיט . . .
איך טראַכט, אָט בין איך געקומען אַהער. איך האָב ניט קיין היים, איך האָב ניט קיין אַרבעט, איך קען ניט די שפּראַך, איך האָב ניט קיין סענט געלט... וואָס זשע זײַנען אויף מיר אַלע אָנגעברוגזט? אי סעלמאַ, אי די טאַנטע, אי עדי, אי רוט . . . די מיסיס שאָר זאָגט, אַז אַלץ צוליב מײַנע צעפּ... אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי ניו יאָרק איז זיי ענג צוליב מײַנע צוויי צעפּ. אַ מאָדנע שטאָט ניו-יאָרק, אַ מאָדנע שטאָט . . .

מיסיס קאָשעס

17־טער מערץ.
אַזעלכע טעג, ווי דער הײַנטיקער מעגן זיך מער ניט אומקערן ! פֿון אַ סך אַזעלכע טעג קען מען פֿאַרן יונגערהייט צום רבונו של עולם. דער טאַטע שרײַבט, אַז ער וווינט בײַ קראַסוליען, און קראַסוליע איז שוין ניטאָ. דעם בריוו האָב איך באַקומען אינדערפֿרי, איך האָב אים איבערגעלייענט אינדערהויך פֿאַר דער טאַנטע און פֿאַרן אָנקל.
— נו, גאָט צו דאַנקען, אַבי זיי האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ ! האָט געזאָגט די טאַנטע. די טאַנטע האָט געמיינט, אַז קראַסוליע איז אַ נאָמען. ווען איך האָב זיי אָבער געזאָגט, אַז קראַסוליע הייסט אונדזער קו, און אַז דער טאַטע מיטן ברודער וואַלגערן זיך אין שטאַל בײַ קראַסוליען, האָט שוין די טאַנטע מער ניט געדאַנקט גאָט. די טאַנטע האָט אפֿילו אויפֿגעהערט זיפֿן די מאָן, וואָס זי

---

77

גרייט אויף פּורים, און דער אָנקל האָט אַ זיפֿץ געטאָן : ערגער ווי בײַ פּרעהן אין מצרים . . . האָט ער געזאָגט, מענטשן זאָלן זיך וואַלגערן אין אַ שטאַל . . . ווינטער.
איך האָב זיך גוט אויסגעוויינט, דער בריוו איז אַרויס יאַנואַר, אין די פֿרעסט. ווי לעבן זיי דאָרטן? און וואָס איז מיט אונדזער שטוב? אָפּגעברענט? אָדער די דײַטשן האָבן צוגענומען ווער ווייסט? אַלע האָר אין קאָפּ האָבן מיר געשטאָכן און איך האָב געטראַכט, אַז ווען איך זאָל קענען איצט אַוועקגיין צופֿוס אַהיים, וואָלט איך אַוועק... נאָר ווי לאַנג קען אַ מענטש וויינען? איך מוז אויך אַ זוך טאָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. און אַלע דעכער פֿון ניו-יאָרק האָבן זיך מיר אויף אַ ווײַלע אויסגעוויזן אָפֿענע, און דורך אַלע קומט אַרײַן דער דרויסן און דורך אַלע קומט אַרײַן די שלעכטע בשורה וואָס יאָגט נאָך דעם עלנטן. נאָר ווי לאַנג קען איך וויינען? איך האָב אָנגעטאָן די נײַע זאָקן און די נײַע שיך און בין אַוועק אין גאַס. ערשטנס, צעטרײַבן די מרה שחורה, און צווייטנס, ווער ווייס וואָס צו טאָן צווייטנס? אפֿשר וועט עפּעס זײַן אַ צווייטנס אויך. כ'האָב זיך געלאָזט גיין צו מײַן לערער שיינפֿעלדן, טאָמער וועט ער מיר עפּעס געבן אַן עצה, וואָס צו טאָן מיט זיך, און ווי צו העלפֿן דעם טאַטן. פֿון שיינפֿעלדן האָב איך גערעכנט גיין צו מיסטער שאַמוט, אפֿשר וועט ער פֿאַר מיר עפּעס קענען טאָן. וואָס איז די פּעולה פֿון זיצן אין שטוב? און ווי לאַנג אין דער אמתן קען מען זיצן בײַ דער טאַנטע? עס איז הײַנט, צום גליק, געווען אַזאַ שיינער וועטער, כמעט פֿרילינג. ווי שלעכט עס זאָל ניט זײַן אויפֿן האַרצן ווערט פֿאָרט גרינגער, אַז די זון גיט אַ וואַרים די באַקן. אין גאַס איז מיר טאַקע פֿריילעכער געוואָרן. אַגב זע איך דאָך, עס לעבן אַזויפֿיל מענטשן, איך האָב דאָך אויך הענט און פֿיס און אויגן, מסתם וועל איך אויך לעבן. איך האָב אַליין ניט באמערקט, ווי איך בין אַוועקגעגאַנגען מיט דער גרענד סטריט ביז בראָדוועי. איך האָב ניט באַמערקט ווי איך בין שטיין געבליבן בײַ אַ שויפֿענצטער. עס רעדט זיך אַזוי אַ שויפֿענצטער ! אין דער אמתן איז עס געווען אַ פּשוט פֿענצטער, און פֿון אינעווייניק זײַנען געווען אויסגעלייגט געהאָפֿטענע טישטעכלעך, האַנטעכער, נאָזטיכלעך,

---

78

קראַגעלעך. אין פֿענצטער איז געשטאַנען אַ שילד "הענד מעיד" (האַנט אַרבעט). איך האָב אַ טראַכט געטאָן : אפֿשר? אפֿשר זאָל איך אַהער אַרײַן? איך קען גוט אויסנייען. די מאַמע עה"ש האָט געקענט האַנט אַרבעט, און איך האָב דאָס פֿון איר איבערגענומען. אפֿשר וועל איך דאָ קריגן אַרבעט? פֿאַרוואָס ניט? מיט וואָס איז דאָס ערגער ווי אַ וועשעריי? אָדער ווי שייערן אַלטע לעפֿל, ווי מײַן לערער שיינפֿעלד טוט? אָדער ווי קלײַבן "פּיסעס" בײַ מיסטער רובינען אין פֿאַבריק? אויפֿן טיר איז געווען אַ שילדל מיט אַ נאָמען : בעטיע קאָשעס. קאָשעס איז געוויס אַ אידישער נאָמען. בעטיע איז אַ נאָמען פֿון אַ פֿרוי. איך וועל אַרײַן האָב איך געטראַכט. איך וועל אַרײַן און איך וועל פּרווון. איך האָב אַן עפֿן געטאָן די טיר, האָט זיך די טיר פֿאַנאַנדערגעקלונגען, ווי אַ באַטאַליאָן גנבים זאָל מען דאַרפֿן כאַפּן. פֿון אַ טיר מיט דריי טרעפּעלעך, וואָס פֿירן ערגעץ אַרויף, איז אַרויס אַן אַלטע פֿרוי, אַ גרויע, זי איז געגאַנגען אָנגעשפּאַרט אַביסל אויף אַ שטעקן. מסתם ווײַל אין צימער איז געווען טונקל האָב איך אַ טראַכט געטאָן וועגן דער אַלטער : "מכשפֿה" און איך האָב זיך אַליין דערשראָקן, וואָס איך טראַכט אַזעלכע ווילדע זאַכן וועגן דער אַלטער פֿרוי.
— האַו דו יו דו ! האָט די אַלטע געזאָגט, האָט מיך אָנגעקוקט און געשמייכלט. און איך האָב דערזען, אַז זי איז גאָרניט קיין מכשפֿה. זי האָט קלוגע אידישע אויגן. זייער אידישע. זי איז זייער געלאַסן. זי אײַלט ניט, זי שטייט און וואַרט ביז מען וועט איר זאָגן וואָס מען דאַרף.
— איך וויל זען מיסיס קאָשעס, האָב איך געזאָגט, ווײַל איך האָב ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן.
— אויף וואָס דאַרפֿסטו די מיסיס קאָשעס? האָט מיך די אַלטע איבערגעפֿרעגט און זי איז ווײַטער געשטאַנען זייער געלאַסן און האָט געוואַרט, וואָס איך וועל איר ענטפֿערן.
— וואָס זאָל איך איר זאָגן? האָב איך געטראַכט . . .
— איך בין די מיסיס קאָשעס, האָט זי דערווײַלע געזאָגט.
— איך קען די אַרבעט, האָב איך איר געוויזן אויף די האַנטעכלעך מיט די קעלנערלעך, מיט די קישן דעקלעך,

וואָס זײַנען געלעגן אויפֿן פֿענצטער.

---

79

— איך קען אויסנייען, איך בין אַ "פֿליכטלינג", איך זוך אַרבעט . . . ווען איך האָב שוין די אַלע רייד אָפּגעזאָגט פֿאַראַמאָל, בין איך שטיין געבליבן און געוואַרט. די מיסיס קאָשעס האָט צוגעהונקען צו דער וואַנט. איך האָב איצט דערזען, אַז זי הינקט טאַקע, ניט בלויז זי שפּאַרט זיך אָן אויפֿן שטעקל, ווי מיר האָט זיך פֿריער געדאַכט. זי האָט מיר צוגעשאַרט אַ בענקל און זי האָט זיך אַליין אויך געזעצט.
— וואָס קענסטו? — האָט זי מיך געפֿרעגט — ווײַסע אַרבעט, צי מיט "קאָלאָרס"?
— איך קען ביידע, — האָב איך געזאָגט, — איך קען גוט אויסנייען.
איך האָב אַרויסגענומען פֿון מײַן טעשעלע אַ נאָז טיכעלע, וואָס איך האָב געבראַכט פֿון לובלין. אויפֿן נאָז טיכעלע איז געווען אויסגעהאָפֿטן מײַן נאָמען, אונטערן נאָמען אַ צווײַגעלע מיט בלעטלעך און איבערן נאָמען אַ קרוין.
— דאָס איז מײַן אַרבעט, — האָב איך געוויזן דער מיסיס קאָשעס.
— דאָס איז "יוראָפּשע" אַרבעט, — האָט זי געזאָגט, —— דאָס טויג ניט פֿאַר אַמעריקע, דאָ אַרבעט מען שנעל, דאָ איז "האַרי אַפּ" . . .
נאָר דאָס נאָז טיכעלע האָט די מיסיס קאָשעס ניט אַרויסגעלאָזן פֿון האַנט. איך האָב געזען אין דעם גלאַנץ פֿון אירע אויגן, אַז די אַרבעט געפֿעלט איר, כאָטש געקרעדט האָט זי אַנדערש. — דאָס איז ניט פֿאַר הי, דאָס איז גוט געווען פֿאַר דער אַלטער היים . . .
די אַלטע איז אַוועקגעהונקען מיטן שטעקן, זי איז אַרויף אויף די טרעפּלעך און האָט פֿאַרמאַכט די טיר. איך בין געבליבן אַליין.
— אָט האָסטו זיך . . . — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, —נאָך וואָס איז זי געגאַנגען? און וואָס זאָל איך דאָ טאָן?
אין עטלעכע מינוט אַרום איז די אַלטע צוריקגעקומען מיט אַ סערוועט, אויפֿן סערוועט זײַנען געווען אויסגעצייכנט מאָן-בלומען.

---

80

—אָט דאָס קענסטו מאַכן?
זי האָט מיר דערלאַנגט אַ שאַכטל מיט גלאַנציקע זיידענע פֿאָדים, מיט נאָדלען, מיט פֿינגערהוטן. איך האָב אויסגענייט אַ מאָן-בלום, אַ צווייטע, איך האָב אויסגענייט מיט דינינקע שטעך דעם שטענגעלע. די אַלטע האָט דורכגעפֿירט מיט די פֿינגער איבערן געהעפֿט.
— קום מאָרגן אינדערפֿרי און ברענג מיט 5 דאָלער אַ "דעפּאָזיט" (אַ משכן).
— צו וואָס?
— טאָמער מען "ספּוילט" (מאַכט קאַליע) . .
זאָל איך מאָרגן גיין צו דער אַרבעט? אָדער ניט? איך ווייס ניט. . . . איך ווייס ניט וואָס איך זאָל טאָן מיט זיך. ווען איך בין געקומען אַהיים, האָב איך געטראָפֿן די טאַנטע מאַרינירן הערינג. איבערן גאַנצן שטוב האָט זיך געטראָגן דער ריח פֿון עסיק מיט נעגעלעך. עס האָט געשמעקט מיט ערב פּורים. אין דער היים פֿלעגט די מאַמע עה"ש גרייטן אַ סעודה פֿאַר 12 מענטשן. פֿאַר אונדזער משפּחה, פֿאַרן פֿעטער זיידל מיט דער מומען, מיט ביילטשען, מיט נחומטשען, און פֿאַר אורחים, אורחים פֿלעגן זײַן איינער אָדער צוויי. און די גראַגערס פֿלעגן אַזוי פֿריילעך באַגראָבן המנען. איז מיר הײַנט נאָך אומעטיקער געוואָרן. וואָס אין איין יאָר קען מיט אַ מענשן ווערן . . . הײַנט, פֿאַר פּורים, בין איך גאָר געגאַנגען צו דער מיסיס קאָשעס. דער טאַטע וווינט בײַ "קראַסוליען" אין שטאָל. ער בעט אין בריוו מען זאָל אים שיקן וואַרעמע זאַכן. איך וועל גיין צו מיסטער שאמוט, אפֿשר קען מען עפּעס טאָן. און איך פֿיל זיך — כאָטש גיי צופֿוס קיין לובלין . . .
און אויף "רעד"ן האָט מיך הײַנט אויך גוט פֿאַרדראָסן. ער איז געקומען, האָב איך אים דערציילט וועגן דעם בריוו פֿון טאַטן.
— יו אַר היר (דו ביסט דאָ) — האָט ער מיר געענטפֿערט. איך האָב געזען אויף זײַן פּנים, אַז אים אַרט גאָרניט. "רעד" האָט באַמערקט, אַז מיך האָט עס פֿאַרדראָסן, האָט ער צוגעגעבן :
— וואָס קענסטו העלפֿן?

---

81

איך ווייס ניט צי די אַמעריקאַנער האָבן טאַקע ניט קיין האַרץ, צי זיי מאַכן זיך, אַז זיי האָבן ניט? איך ווייס ניט . . . גיכער פֿון אַלץ מאַכן זיי זיך. אַ סימן די לאַנדריניטשקע וואָס קוקט בײַנאַכט אויף די פֿאָטאָגראַפֿיעס . . .

אַ "דזשאַב"
19־טער מערץ
יענע נאַכט האָט זיך מיר געחלומט דער טאַטע. ער איז געלעגן בײַ קראַסוליען אין שטאַל, אויף דער ערד, מיטן רוקן צוגעטוליעט צו דער וואַנט און איך האָב געזען, אַז ס'איז אים זייער קאַלט, די הענט האָט ער געהאַלטן אַרײַנגעשטופּט אונטער אַ בערגל שטרוי. עס האָט מיר אַ קלעם געטאָן אין האַרצן און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. נאָך אַ שלעכטן חלום קומט אַ גוטער טאָג, פלעגט זאָגן די מאַמע עה"ש, נאָר דאָס מאָל האָט דער מאַמעס ווערטל אַביסל פאַרבלאָנדזשעט און נאָך אַ שלעכטער נאַכט איז דער טאָג אויך ניט געקומען קיין גוטער. אויסער דער מיסיס קאַשעס, האָט זיך נאָך אַרײַנגערוקט הײַנט עדי מיט זײַנע צעטעלעך. איז מילא די מיסיס קאַשעס — פון איר מוז איך דאָך אויסשטיין, ס'איז דאָך, אַזוי צו זאָגן, אַ "דזשאַב", אָבער וואָס וויל עדי פון מיר? אסור אויב איך ווייס . . .
צו דער מיסיס קאַשעס בין איך הײַנט געקומען אינדערפרי, אָן די פינף דאָלער. ווו זאָל איך נעמען פינף דאָלער? און אַזוי ווי די מיסיס קאַשעס אײַלט זיך ניט, האָט זי געבראַכט דעם סערוועט, זי האָט באַטראַכט נאָכאַמאָל די מאָן-בלומען, וואָס איך האָב נעכטן אויסגענייט, זי האָט נאָכאַמאָל גענומען בײַ מיר דאָס נאַזטיכעלע מיט מײַן נאָמען, מיטן צווײַגל און מיט דער קרוין, און נאָכדעם ווי זי האָט עס אַלץ באַטראַכט האָט זי אַ זאָג געטאָן :
— אַלרײַט, דו קענסט מיר געבן די פינף דאָלער . .
האָט האָסטו דיר אַ "דזשאַב", האָב איך אַ טראַכט געטאָן.
— איך האָב ניט קיין פינף דאָלער . . . — האָב איך אַ זאָג געטאָן דער אַלטער, — איך וועל ניט "ספּוילן" דעם סערוועט,

82

האָט קיין מורא ניט, איך האָב שוין אויף מײַן לעבן אויסגענייט אפשר פינף הונדערט סערוועטן . . . ערשט נאָכדעם, ווי איך האָב "אַרויסגעשאָסן" פינף הונדערט סערוועטן — האָב איך זיך אַליין דערשראָקן . . . אויף אַזאַ ליגן האָב איך זיך ניט געריכט. איך האָב אינדערהיים אויסגענייט פאַר אַלעמען נאַזטיכלעך, קישנס, פאַר ביילטשען, דעם פעטער זיידלס, דאָס חופּה-קלייד, ווען זי איז געוואָרן אַ כּלה, קען איך טאַקע אויסנייען, אָבער פינף הונדערט סערוועטן . . . מילא, די אַלטע, אַזוי ווי זי טוט אַלץ זייער פּאַמעלעך, האָט נאָך, זעט אויס, געטראַכט, צי זי זאָל מיר געבן דעם סערוועט אויסנייען, צי ניין.
— דאָ בײַ מיר נייט מען ניט, — האָט געזאָגט די אַלטע, — מען נעמט אַרויס אַהיים, און אויב דו וועסט אפילו ניט "ספּוילן"... איך בין געשטאַנען און געטראַכט, אַז בײַ דער לאַנדריניטשקע האָב איך געהאַט אַ גוטן "דזשאַב" . . . דערווײַל האָט די מיסיס קאַשעס זעט אויס באַטראַכט, וואָס צו טאָן מיט מיר. זי האָט מיר געוויזן אויף אַ בענקל, און זי האָט געבראַכט דאָס שאַכטל מיט די גראָבע זײַדענע פאָדים. די מיסיס קאַשעס איז געזעסן ביז איך האָב אויסגענייט נאָך אַ מאָן-בלום. דערנאָך איז זי אַרויף אויף די טרעפּלעך און האָט פאַרמאַכט די טיר. אין שטוב איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז'ש ניט אָנגענעם. וואָס טוט זי דאָרט, די מיסיס קאַשעס? זי שלאָפט? אָדער זי נייט? מען הערט ניט קיין שאָרך פון יענער זייט טיר. בלויז דער סערוועט בײַ מיר אויף די קני, און דאָס שאַכטל זײַד, זײַנען געווען אַ סימן, אַז אין שטוב איז געווען די אַלטע. מיר איז געוואָרן פּראָסט אומהיימלעך. ווען דער צימער וואָלט געווען אויף אַ העכערן שטאָק, וואָלט איך געוויס איבערגעלאָזן דעם סערוועט מיטן "דזשאַב", און איך וואָלט אַוועקגעגאַנגען, פשוט אַנטלאָפן. נאָר איך בין געזעסן בײַם פענצטער, אַ צען טריט פון טיר, הינטערן פענצטער זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען מענטשן, די גרענד סטריט איז געווען טומלדיק, וואָס איז דאָ פאַראַן זיך צו שרעקן? פונדעסטוועגן בין איך גלאַט אַזוי צוגעגאַנגען צו דער טיר און געפּרוּווט, צי זי עפנט זיך . . . יע, זי עפנט זיך. איך האָב זיך גענומען אויסנייען די "פלאַוערס", אָבער דערפאַר, זעט אויס, וואָס איך האָב גע-

83

פּרוּווט אָן עפן טאָן די טיר, איז די מיסיס קאַשעס געוואָרן אומרויִק. זי איז פּאַמעלעך אַראָפּ פון די דריי טרעפּלעך, און אַ קוק געטאָן אויפן סערוועט, זי איז צוריק אַוועק אויף די טרעפּלעך, און אין שטוב איז ווידער געוואָרן די פריערדיקע שטילקייט. פּלוצלינג האָב איך דערהערט, אַז בײַ דער אַלטער אין צימער קלינגט אַ טעלעפאָן. דאָס איז פאַר מיר געווען אַזאַ איבערראַשונג, אַזוי ווי איך זאָל דערזען, אַז די מיסיס קאַשעס איז יונג געוואָרן, און האָט געקראָגן שוואַרצע האָר. אויב זי האָט אַ טעלעפאָן, רעדט זיך דאָך דאָרט אויך צו עמיצן. מסתם קומען דאָך אַהער מענטשן אויך. און מסתם גייט דאָך מיסיס קאַשעס אַרויס אין גאַס אויך... עס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש.
פאַרנאַכט האָט מיר די מיסיס קאַשעס געגעבן אַ קוואָדער. — מער האָב איך ניט איצט, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, — מאָרגן. אם ירצה השם, וועל איך דיר געבן נאָך אַ האַלבן דאָלער . . . דערווײַל וועט זײַן גענוג פאַר דיר . . . — איך האָב זיך דערמאָנט, ווי זי האָט מיר נעכטן געזאָגט, אַז דאָ אין אַמעריקע איז "האַרי אַפּ" (אויף שנעל), און קוקנדיק אויף איר האָט זיך מיר פאַרוואָלט לאַכן. אַז איך בין אַרויס פון דער מיסיס קאַשעס, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די אַלטע איז אַזוי געלאַסן דערפאַר, ווײַל זי האָט געדעקנט ניט, אַז די טעג גייען איבער. די איינציקע זאַך

איז דער טעלעפֿאָן . . . עפּעס אַזוי ווי אַן איבעריקער אין דעם הויז. איך בין ניט געגאַנגען אַהיים צו אונדז, נאָר צו דער מיסיס שאָר. איך האָב מורא געהאַט, טאָמער איז רוט שוין געקומען און איך האָב ניט געוואָלט, זי זאָל זיך דערוויסן וועגן מײַן "דזשאָב", בין איך אַרײַן צו מיסיס שאָר. עס האָט זיך מיר געוואָלט ווײַזן איר דעם קוואָדער, דערציילן וועגן דער מיסיס קאָשעס, און זיך אַן עצה האַלטן, צי זאָל איך מאָרגן גיין צו דער אַרבעט.

— אַ קוואָדער האָט זי דיר געגעבן נאָך אַ טאָג אַרבעט? — האָט זיך די מיסיס שאָר אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר אַ באַק, — הערסט, רבֿקה'לע, איך האָב מורא, אַז אָדער דײַן אַלטיטשקע איז חלילה אַ משוגענע, אָדער דאָס איז "פֿעני די רביצין". אַזוי האָט מען דאָ, אויף גרענד סטריט, גערופֿן פֿענין. זי האָט טאַקע אויך געהאַט אַ שאַפּ פֿון אויסנײַען "עמבראָידערי", און פֿרײַטיק, אַז זי פֿלעגט

84

דאַרפֿן אויסצאָלן די מיידלעך די "פּעידי", פֿלעגן זײַן אַזעלכע קריגערײַען, אַז די שכנות פֿלעגן זיך פֿאַרשטאָפּן די אויערן. דער סוף איז געווען, אַז די שכנות טאַקע האָבן זי "אויסגעוויזן", זיי ווילן ניט הערן די געשרייען, עס איז זיי געווען אַ רחמנות אויף די מיידלעך. עס קען זײַן, אַז דו ביסט אַרײַנגעפֿאַלן צו "פֿעני דער רבצין", באַצאָלן וועט זי דיר, נאָר ביז דו וועסט פֿון איר דערזען אַ סענט, קענסטו גיכער אַ כלה ווערן.

פֿון דער מיסיס שאָר בין איך אַרײַן אין שטוב. איך האָב זייער געוואָלט, עס זאָל קומען "רעד" און ער זאָל מיך רופֿן גיין צום איסט ריווער. איך האָב זייער געוואָלט אַרויסטרײַבן די שטילקייט, וואָס האָט זיך אין מיר "אַרײַנגעכאַפּט" בײַ דער מיסיס קאָשעס אין שטוב אַזוי ווי חלילה אַ שטילער "דיבוק", האָט זיך מיר געדאַכט. נאָר "רעד"ן האָב איך ניט געטראָפֿן, געווען איז עדי. עדי האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן שטוב. איך האָב דערציילט דער טאַנטע וועגן דער מציאה בײַ דער מיסיס קאָשעס. עדי איז אויך צוגעקומען הערן, און ווען די טאַנטע איז אַוועק ענטפֿערן דעם טעלעפֿאָן, האָט מיר עדי געגעבן אין האַנט אַרײַן אַ צעטעלע און ער איז ניט געוואָרן. אַוועק ריידן מיט סעלמאַן — אָט האָסטו זיך! האָב איך אַ טראַכט געטאָן, טאָמער איז מיר ווייניק די מיסיס קאָשעס . . . וואָס וויל עדי? ווידער שוין אַוועקגעטראָגן אַ פּליאָטקעלע צו "רעד"ן? איך האָב דאָס צעטעלע ניט איבערגעלייענט. איך האָב עס אַרײַנגעלייגט אין טאַש, און זיך גענומען איבערשרײַבן די ענגלישע ווערטער, וואָס די מיסיס שוואַרץ האָט אונדז געהייסן. עדי איז צו מיר צוגעגאַנגען. — ווי איז דײַן ענגליש? — האָט ער מיך געפֿרעגט, אַז אַלע זאָלן הערן, און האָט אויף מיר געקוקט און געוואַרט אויף אַן ענטפֿער.

— אָלרייט, — האָב איך געזאָגט און אפֿילו ניט קיין קוק געטאָן אויף אים. איך בין געזעסן און געשריבן, און געהערט ווי עדי שפּאַצירט איבערן שטוב. סעלמאַ קוקט די בילדער פֿון איר "מעגעזין" און רעדט עפּעס צו עדין. עדי ענטפֿערט איר און שפּאַצירט איבערן שטוב. ער גיט אַלע מאָל אַ שפּאַציר נאָענט צו מיר.

85

— מעגסט שוין שפּאַצירן פֿון הײַנט ביז איבער אַ יאָר וועל איך דײַן צעטעלע איצט ניט איבערלייענען, מאָרגן . . . האָב איך געטראַכט. עדי איז אַוועק. ער האָט מיר פֿון צווייטן צימער אַ זאָג געטאָן: — גוד נאַיט', רבֿקה.

— גוד נאַיט, — האָב איך אים געענטפֿערט. נאָך די צוטשעפּעניש פֿעלט מיר: עדי מיט די צעטעלעך. שלאָפֿן ווילט זיך מיר ניט. איך האָב מורא, עס וועט זיך מיר ווידער חלומען ווי דער טאַטע פֿרירט.

די "אַמאָליקע" און די "איצטיקע"

21־טער מערץ.

די מיסיס קאָשעס האָט מיר הײַנט טאַקע אָפּגעגעבן דעם האַלבן דאָלער, וואָס זי האָט מיר געקומט פֿון נעכטן. און נאָך ווי אָפּגעגעבן! זי האָט מיר דערלאַנגט פֿינף באַזונדערע דאַימס, אויסגעלייגט אויפֿן טיש איינס לעבן אַנדערן, מיר זאָלן קיין טעות ניט מאַכן אין חשבון. זעט אויס, אַז מיסיס קאָשעס איז טאַקע ניט "פֿעני די רביצין", ווײַל זי האָט זיך מיט מיר ניט געקריגט, מען קען זאָגן פֿאַרקערט, זי איז צו מיר געווען פֿרײַנטלעך, זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז אויך אַמאָל געווען אַזוי יונג ווי איך . . . נאָר אַ מענטש מוז אַלט ווערן. קוקנדיק אויף דער מיסיס קאָשעס מיטן שטעקן, איז דאָס פֿאַר מיר קיין שטאַרקע שמחה ניט געווען, נאָר וואָס האָב איך איר געזאָלט זאָגן? אַז ס'איז אַ ליגן? דערפֿאַר, וואָס זי האָט מיר אָפּגעגעבן דעם נעכטיקן האַלבן דאָלער, האָט זי מיר שוין פֿאַר הײַנט ניט באַצאָלט.

— איך וועל דיר מאָרגן באַצאָלן — האָט זי מיר געזאָגט מיטן זעלביקן נוסח ווי אייערנעכטן — אויף הײַנט וועט זײַן גענוג פֿאַר דיר.

צו מײַן גרויס וווּנדער איז מיסיס קאָשעס ניט אַוועק מיט די דרײַ טרעפּלעך אַרויף אין איר צימער, נאָר זי האָט גאָר אַוועקגעלייגט דעם שטעקן אויפֿן טיש און האָט מיך אַ פֿרעג געטאָן:

— פֿון וואַנען קומסטו?

— פֿון לובלין, — האָב איך איר געענטפֿערט.

86

— נו, וואָס איז דאָרט מלחמה, האַ?
— יע, דאָרט איז ניט גוט.
— גוט איז אין גן עדן, — האָט מיסיס קאָשעס געזאָגט גלייכגילטיק, — נו, און ווי געפֿעלט דיר האָ?
—אַ שיינע שטאָט ניו-יאָרק, געוויס.
— וואָס איז אַ שיינע שטאָט? עס רוישט אין קאָפּ, מען קאָן חלילה געריירט ווערן, דאַט'סאָל (דאָס גאָר).
— און בײַ וועמען ביסטו דאָ?
— בײַ מײַנע קרובים, בײַ מײַן מוטערס עה"ש שוועסטער.
— וואָס זײַנען איצט קרובים? אַמאָל איז אַ טאַנטע געווען אַ טאַנטע . . . איך האָב אַלע מײַנע שוועסטערן-קינדער אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע. נו, זעט מען זיי איצט אָן, נאַר, אַז זיי דאַרפֿן עפּעס — קומען זיי, דעמאָלט דערמאָנט מען זיך אָן מיר. דאַט'ס אָל. ווען קומען זיי?
— טאַנטע, אפֿשר האָט איר אַ "טעיבל-קלאָט" (אַ סערוועט)?
— טאַנטע, אפֿשר האָט איר אַ קאָווער (צודעק) פֿאַר אַ קישעלע?
— טאַנטע אפֿשר האָט איר אַ זילבערן לײַכטערל?
— נו, און דו מיינסט, איך גיב ניט? איך גיב, און דאַט'ס אָל. איז דאָס אַלץ גוט, וואָס איך בין נאָך אָן אַמאָליקע טאַנטע, די איצטיקע גיבן גאָרניט ! נאָר "האַו-דו-יו-דו" און "האַו-דו-יו-דו" און דאַט'ס-אָל. אַנדערע יאָרן און אַנדערע קרובים.
— נו, דו עסט בײַ זיי אויך? — האָט מיך מיסיס קאָשעס ווײַטער געפֿרעגט.
— געוויס עס איך בײַ זיי.
— טאַקע אַ גוטסקייט . . . מען טרעפֿט נאָך אַזעלכע מענטשן? איך טרעף זיי ניט . . . — די מיסיס קאָשעס האָט אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען, ווי איינער זאָגט, "איך גלויב ניט אין אַזעלכע זאַכן, אפֿילו אַז דו זאָגסט מיר, אַז יאָ". די מיסיס קאָשעס האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און האָט געזאָגט :
— איצט איז יעדערער פֿאַר זיך, און דאַט'ס אָל. — זי איז אַוועק צו די דרײַ טרעפּלעך וואָס פֿירן אַרויף צו איר צימער. איך

---

87

בין אַרויס פֿון דער מיסיס קאָשעס און דערזען, אַז די גרענד סטריט רוישט — האָב איך זיך זייער דערפֿרייט.
די מיסיס שאָר האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט פֿרעגן בײַ מיר, צי איז דאָס טאַקע "פֿעני די רביצין", ווו איך ארבעט.
— ניין, — האָב איך איר געזאָגט, — דאָס איז ניט "פֿעני די רביצין", דאָס איז גאָר די מיסיס קאָשעס, זי הינקט אויף אַ פֿוס.
— און דעם האָלבן דאָלער האָט זי דיר אָפּגעגעבן?
— אָפּגעגעבן פֿאַר נעכטן, אָבער ניט באַצאָלט פֿאַר הײַנט . . .
— מיר דאַכט זיך פֿאָרט, ס'איז "פֿעני די רביצין", — האָט געזאָגט די מיסיס שאָר, — מען דאַרף זיך אָקאָרשט דערוויסן, צי זי האָט ניט צעבראָכן אַ פֿוס, — און מיסיס שאָר האָט אַ זשמורע געטאָן אַן אויג, ווי איר שטייגער איז.
הײַנט אין אָוונט איז געקומען רוט. זי האָט, זעט אויס, געוואַרט, אַז "רעד" זאָל קומען. "רעד" איז געקומען שפּעטער. רוט איז צוגעקומען צו אים. זי האָט געקראָגן צוויי "קאָמפּלימענטאַרי" בילעטן, "טיקעטס" אין אַ מוווי, זען גרעטאַ גאַרבאָ.
— קאָם אָן, — האָט זי געבעטן "רעד"ן, — קאָם אָן, "רעד" !
— קאָם אָן ! האָט "רעד" אַ זאָג געטאָן און זיך אויפֿגעהויבן. רוט איז געוואָרן ליכטיק. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען רוטן אַזוי שיין, ווי אין יענער רגע. זי האָט אַ שווער געטאָן צו סעלמאַן אַזוי גרינג, ווי אַ פֿייגעלע.
גוד באַי, סעלמאַ, — האָט זי געזאָגט און האָט זי אַ קוש געטאָן.
עפּעס מאָדנע זאַכן טרעפֿן בײַ מענטשן: אַז "רעד" האָט זיך אַ הויב געטאָן אויף גיין אין די מוווּיס, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער צימער, ווו מיר זיצן, איז געוואָרן זייער גרויס, און איך זיץ אין אַ ווײַטן, ווויטן ווינקל פֿון צימער. מיר האָט עס ניט באַנגעטאָן, נאָר אַ ווײַטקייט האָב איך דערפֿילט צווישן זיך און אַלעמען אין שטוב, אָבער אַזאַ ווײַטקייט, אפֿשר ווי קיין לובלין. איך האָב דערהערט ווי "רעד" גייט צו מיר.
— קאָם אָן, רבֿקה, מיר וועלן זען גרעטאַ גאַרבאָ.
אַז "רעד" איז צוגעגאַנגען האָב איך דערפֿילט, אַז עס האָט

---

88

מיר אַ קלעם געטאָן אין האַרצן. וואָס איז געוואָרן מיט מיר? ניט שוין זשע דאַרף איך טראַכטן פֿון "רעד"ן? אָדער עס דאַרף מיך אַרן צי "רעד" גייט אין די מוּוויס מיט רוטן, צי ניין? איך האָב זיך געישובֿ'ט צי זאָל איך מיטגיין, צי ניט. די טאַנטע האָט צו מיר אַ ווּנק געטאָן :
— גיי, רבֿקה, וועסט זען גרעטאַ גאַרבאָ. זי שפּילט "וואָנדערפֿאָל". — "רעד" האָט גאָרניט געוואַרט אויף מײַן ענטפֿער, ער האָט מיר שוין געבראַכט מײַן מאַנטל.
— אַי העוו טו טיקעטס (איך האָב צוויי בילעטן) . . . — האָט רוט אַ מורמל געטאָן. "רעד" האָט איר עפּעס געענטפֿערט אויף ענגליש. זעט אויס, אַז ער האָט איר געזאָגט, אַז מען וועט קריגן אַ דריטן. רוט איז עפּעס אַזוי ווי הייזעריק געוואָרן. דער קול האָט בײַ איר אויפֿגעהערט צו קלינגען. זי איז אַראָפּ פֿון די שטיגן די ערשטע. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט צו שמאָלע אַקסלען. איך ווייס ניט, אפֿשר האָב איך ניט באַדאַרפֿט גיין? און אפֿשר האָט רוט ניט באַדאַרפֿט קומען צו אונדז אין שטוב מיט בילעטן רופֿן "רעד"ן? אָבער איך בין געגאַנגען . . . אפֿשר איז גלייכער אַזוי . . .
גרעטאַ גאַרבאָ איז מיר ניט געפֿעלן. זי איז צופֿיל בעל גאווה. ווען איך זאָל זי טרעפֿן וואָלט איך זי ניט ליב געהאַט. זי דופֿעט צופֿיל אויף איר שיינקייט. איך קען פֿונדעסטוועגן ניט פֿאַרשטיין רוטן. אין לובלין וואָלט אַ מיידל ניט געטראָגן קיין בילעטן צו אַ בחור, און נאָך דערצו אין אַ פֿרעמד הויז. וואָס פֿאַראַ מאָדנע שטאָט ניו-יאָרק איז. אַ מאָדנע שטאָט און מאָדנע מיידלעך.

דער באַל
22־טער מערץ.
גאַנץ ניו-יאָרק האָט הײַנט אָפּגערופֿן צו אונדז אויפֿן טעלעפֿאָן צוליבן פּורים באַל, די טאַנטע איז פֿאָרזיצערין פֿון דער "טעיבל קאָמיטע", האָט דער טעלעפֿאָן ניט אויפֿגעהערט צו קלינגען. די מיסיס ראַבקין, די נײַע ווײַס פּרעזידענטין, האָט אָפּגערופֿן, אַז זי האָט אַ "קעיק", "שוין איינמאָל אַ קעיק". און וואָס דאָס איז פֿאַראַ "שוין איינמאָל אַ קעיק" האָט זי ניט געוואָלט זאָגן.

---

89

— דאָס דאַרף מען זען, — האָט זי געזאָגט.
מיסיס ערליך האָט געקלונגען, אַז זי קומט צום באַל מיט פֿופֿציק האָמענטאַשן און מיט אַ מאָן-קוכן. מיסיס ערליך האָט איבערגעגעבן, אַז מיסיס רובין האָט געקראָגן הונדערט פֿלעשלעך קאָקאָ-קאָלאַ. מיסיס סאָנשיין האָט אָפּגערופֿן, אַז זי האָט צוועלף פֿלעשער קאַרמעל ווײַן, און מיסיס ראָטשטיין, אַז זי האָט הונדערט פֿופֿציק גראַגערס. עס האָבן נאָך גערופֿן די ווײַס-פּרעזידענטין, מיסיס שאַפּיראָ, די טרעזשורערין און ווער ניט? דער טעלעפֿאָן האָט געאַרבעט, ווי אַ לעבעדיקער מענטש, ניט ווי אַ טעלעפֿאָן. און צום סוף האָט אָפּגערופֿן די פּרעזידענטין אַליין, מיסיס טקאַטש, און האָט אָנגעזאָגט, אַז דער ווײַס פּרעזיענט פֿון דער קאָמיטע "הילף פֿאַר די פֿליכטלינגע", מיסטער שאמוט אַליין, וועט קומען באַגריסן די פֿאַרזאַמלטע.
— דײַן מיסטער שאַמוט וועט קומען צום באַל, — האָט מיר די טאַנטע אָנגעזאָגט אַ בשורה, און זי האָט באַלד אָנגעטאָן דעם מאַנטל אויף גיין אין האָל צוגרייטן די טישן. סעלמאַ איז מיטגעגאַנגען אויף מאַכן די "דעקאָריישאָנס" און צוגרייטן דעם "טעיבל אָוו דהי יוטס" (טיש פֿאַר דער יוגנט).
— קום אויך, רבֿקה, וועסט העלפֿן, ס'איז דאָך פֿאַר לובלין.
אין האָל האָבן מיר געטראָפֿן עטלעכע פֿרויען, אַלע אָנגעטאָן אין פֿאַרטעכלעך, בלויע, ראָזע, גרינע. די מיסיס ראַבקין האָט זיך פֿאַרוויקלט דעם קאָפּ מיט אַ טיכל און האָט געקאָמאַנדעוועט, ווי אַן אמתע ווײַס פּרעזידענטין. אין האָל האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז רבי פֿינקל וועט אויך קומען, און אפֿשר נאָך עמיצער . . . דאָס האָט מען דערווײַל געהאַלטן בסוד. שפּעטער האָט אין האָל אָפּגערופֿן די מיסיס טקאַטש און האָט געזאָגט "שור" אַז מיסטער עדלשטיין, דער לובלינער לאַנדסמאַן, דער גבֿיר, וואָס וווינט אין לאָנג אײַלאַנד, וועט זײַן צום באַל. ער וועט קומען שפּעטער, אָבער "שור". פֿאַר מיסטער עדלשטיין, פֿאַרן רבי פֿינקל און פֿאַרן ווײַס פּרעזידענט, מיסטער שאמוט, האָט מען געגרייט אַ "ספּעשל" טיש, און אויף יענעם טיש האָט מען אַוועקגעשטעלט מיסיס ראַבקינס "שוין איינמאָל אַ קעיק" און צוויי פֿלעשער כרמל ווײַן. פֿון ביידע זײַטן פֿון דעם "שוין איינמאָל

---

90

אַ קעיק" האָט סעלמאַ אַרײַנגעשטעלט צוויי יעדלאָווע צווײַגעלעך און אויף יעדן צווײַגל אויפֿגעהאָנגען אַ גראַגער, איין גראַגער איז געווען אַ גרינער און דער צווייטער אַ רויטער. די פֿירמע "ווײַנטראָפּ" האָט אַרײַנגעשיקט אַ קאַסטן גרעיפּ פֿרוט. און דער דזשעניטער האָט אַרײַנגעבראַכט אויפֿן פּלייצע אַ קויש מיט "האַט דאָגס" (וווּרשטלעך), און אויפֿן דיל איז געלעגן אַ באַרג מיט גרינע צווײַגן. מען האָט געשפּרייט די סערוועטן און אויסגעלייגט גרינע צווײַגלעך. די טעלער מיט די טעלערלעך, מיט די גאָפּל, מיט די מעסער האָבן אויסגעזען, ווי געוויקסן, וואָס קוקן אַרויס פֿון צווישן גרינס. פֿאַרנאַכט זײַנען די פֿרויען אַוועק זיך "דרעסן". סעלמאַ איז גייענדיק אַרײַן אין ביוטי-פּאַרלאָר. אינדערהיים האָבן מיר געטראָפֿן דעם אָנקל און עדין.

— ווו איז סעלמאַ? — האָט עדי אַ פֿרעג געטאָן.
— מסתם זיך אַרײַנגעכאַפּט אין בית-מדרש, — האָט דער אָנקל געזאָגט און אַ שמייכל געטאָן.
דער אָנקל רופֿט דעם "ביוטי פּאַרלאָר" בית-מדרש. עדי האָט אַ זאָג געטאָן : — אָ, יע, — און האָט אויך אַ לאַך געטאָן. עפּעס מאָדנע האָט מיר אויסגעזען זײַן לאַכן און דאַכט זיך, אַז דער טאַנטע איז אויך זײַן לאַך ניט געפֿעלן געוואָרן, ווײַל זי האָט זיך דאָ אַ בייזער געטאָן אויפֿן פֿעטער :
— נו, און דו גייסט אין בית-מדרש? וואָס שיקסטו עפּעס סעלמאַן?
— ווער שיקט? — האָט זיך דער אָנקל פֿאַרענטפֿערט... — און אַז איך וועל שיקן, וועט מען פֿאָלגן?
די טאַנטע איז גאָר בייז געוואָרן : — דאַכט זיך, אַז דיר האָט זיך פֿאַרגלוסט ווערן אַ רב? — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן.
דער טעלעפֿאָן האָט אַ קלונג געטאָן. ס'איז געווען "רעד".
— "רעד" רופֿט, — האָט די טאַנטע געזאָגט, — ער וועט אויך קומען צום באַל. — עדי האָט זיך אָפּגעקערט צום שפּיגל און מיר האָט זיך געהאָכט דורכן שפּיגל, אַז ער איז בלייך געוואָרן. און אפֿשר האָט עס אים דער שפּיגל אַזוי בלייך געמאַכט און מיר האָט זיך עס געדאַכט. סעלמאַ איז געקומען פֿון ביוטי-פּאַרלאָר,

91

פֿאַרקעמט מיט זיבן לאָקן אַרום האַלדז. און דאָס איז געווען שענער, ווי די דרײַ שטאָק קרײַזלעך מיט אַ רויז אינדערהויך.
— איז איט נײַס? — האָט זיך סעלמאַ אַ דריי געטאָן אַנטקעגן עדין. מיר איז געווען אַ רחמנות אויף סעלמאַן אין דער רגע. עדי האָט קוים אָנגערירט איינעם פֿון די לאָקן און האָט איר געענטפֿערט : — ווערי נייס (זייער שיין) . . . — אָבער מיט אַזאַ קול, ווי ער וואָלט געטראַכט פֿון עפּעס אַנדערש.
די מיסיס שאָר האָט מיר געבראַכט די ליליאַ סאָמטענע בלום. זי איז ווירקלעך אַ גוטע, די מיסיס שאָר.
— איך וועל דיך ניט לאָזן גיין אָן דער בלום, — האָט זי געזאָגט, — דאָס מזל וועט זיך פֿון דיר חלילה אָפּטאָן . . .
— וואָס פֿאַראַ מזל?
— וואָס דו געפֿעלסט די "באָיעס", — האָט די מיסיס שאָר אַ זשמורע געטאָן מיט אַן אויג און האָט אַליין מיר צוגעשפּיליעט די ליליאַ-בלום צו די האָר.
אויפֿן באַל איז געקומען "רעד". ער איז הײַנט געווען אַ מאָדנער "רעד".
— רבֿקה, איך דאַרף דיך עפּעס פֿרעגן ! "ריעלי" (ווירקלעך) איך דאַרף דיך פֿרעגן . . .
— שוין ווײַטער עפּעס פֿרעגן? — האָב איך אַ לאַך געטאָן.
— לאַך ניט, רבֿקה, איך וויל דיך עפּעס פֿרעגן . . .
— נאָכן "באַל", — האָב איך אַ זאָג געטאָן "רעד"ן.
— ניין, פֿאַרן באַל...
איך האָב געמאַכט אַ קניפּל אויף מײַן נאָזטיכל און געוואָרפֿן גורל. "רעד" האָט אַרויסגעצויגן דעם גלאַטן ראָג, בײַ מיר אין האַנט איז געבליבן דאָס קניפּל.
— יור'ס לאָקי, — האָט "רעד" אַ זאָג געטאָן.
— וואָס הייסט "לאָקי"?
— "לאָקי" מיינט ,אַז מען נעמט דאָס קניפּל . . . — האָט "רעד" געזאָגט.
עס איז אָנגעקומען מיסטער שאמוט. דער גאַנצער עולם האָט אָנגעהויבן פּאַטשן בראַוואָ. ווען מיסטער שאמוט איז דורכגעגאַנגען צום "ספּעשל" טיש. געפֿירט האָט אים מיסיס טקאַטש אַליין און

92

האָט אַליין אים צוגערוקט דעם שטול. מיסטער שאמוט האָט געשמייכלט. איך האָב איצט געזען קלאָר ווי דער טאָג, אַז ער איז גרעאָטן אין אונדזער לובלינער חזנטע, און האָט באמת אַ ווײַבעריש פּנים. באַלד איז אויך אָנגעקומען רבי פֿינקל, ער האָט זיך געזעצט אינמיטן, פֿון דער רעכטער זײַט איז געזעסן מיסטער שאמוט און פֿון דער לינקער זײַט איז געשטאַנען אַ ליידיקער שטול, וואָס האָט געוואַרט אויף מיסטער עדלשטיין, דעם גביר פֿון לאָנג איילאַנד. רבי פֿינקל איז געזעסן און ניט גערירט מיט קיין גליד, גלײַך ווי דער גאַנצער עולם איז אים געקומען פֿרעגן אַן עצה, און ער זיצט און באַטראַכט, וואָס זיי צו עצהנען...
"רעד" האָט מיך אַ רוף געטאָן טאַנצן.
— דו ווייסט דאָך, איך טאָר ניט ; די מאַמע ע"הש . . .
— אָ, יע — האָט "רעד" געזאָגט און גענומען סעלמאַן.
ווען סעלמאַ האָט געטאַנצט מיט "רעד"ן, איז עדי צו מיר צוגעגאַנגען.
— דו ווייסט, רבֿקה, רוט איז ,ענגרי" (בייז) אויף דיר...
— פֿאַרוואָס?

— זי זאָגט, אַז "רעד" איז אַ "לאופֿער" (אַן אַרומלויפֿער)...
— אַ וואָס?
— אַ באָם.
— וואָס?
— וועל ,אַ "לאופֿער".
איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער האָט מיר געזאָגט וועגן "רעד'ן", איך האָב אָבער געוווּסט, אַז קיין גוטס רעדט ער אויף אים ניט.
— רוט גייט שוין מיט "רעד"ן דרײַ יאָר מיט פֿיר מאָנאַטן...
—מיט פֿיר מאָנאַטן?...
איך האָב דערפֿילט אַ כעס. מיר האָט זיך געוואָלט עדין אויסזידלען, און איך האָב אים אַ פֿרעג געטאָן :
— און ווי לאַנג גייסטו שוין מיט סעלמאַן? מיט מײַן קוזינע סעלמאַ?
— דו ביסט אַ שלעכטע, רבֿקה, אַ שלעכע . . .

---

93

די טאַנטע איז צוגעקומען צו אונדז. די טאַנטע קומט שטענדיק צו, ווען איך רייד מיט עדין.
— עדי, — האָט די טאַנטע געבעטן, — פֿליז (זײַ אַזוי גוט), ברענג מיר אַ טרונק, מיר איז הייס. — עדי איז אַוועק.
אין זאַל איז דערווײַל אַרײַן מיסטער עדלשטיין און פֿונקט, ווי אַ גרויסער פֿראָסט זאָל אַרײַן, איז אין צימער אַלץ מיט אַמאָל פֿאַרפֿראָרן געוואָרן. די טענצער האָבן אויפֿגעהערט טאַנצן. די ריידער האָבן אויפֿגעהערט ריידן, און דער עולם האָט זיך אַזוי פֿאַרלאָרן, אַז מען האָט פֿאַרגעסן פּאַטשן בראַוואָ. ערשט, אַז מיסטער עדלשטיין האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן לײדיקן שטול לעבן רבי פֿינקל, האָט דער עולם זיך אַזוי ווי אויפֿגעכאַפּט און האָט אָפּגעפּײַערט אַזאַ פּאַטשערײ, וואָס איך האָב נאָך אַוף מײַן לעבן ניט געהערט. לעבן מיר איז אין גרויס איילעניש דורכגעגאַנגען די מיסיס ראַבקין, זי האָט געטראָגן אַ טעצעלע און אויפֿן טעצעלע אַ פֿלעשל קאָקאַ-קאָלאַ. זי האָט עס געטראָגן פֿאַר מיסטער עדלשטיין און האָט געוואָלט דאָס אים אַליין דערלאַנגען. נאָר ס'איז איר ניט באַשערט געווען. זי האָט זיך ספּאָטיקעט אָן אַ שטול, דאָס בלויע טעצעלע איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון אירע הענט, האָט זיך דרײַ מאָל איבערגעדרייט און איז געבליבן שטיין בשלום אויף דער ערד, און דאָס פֿלעשל קאָקאַ-קאָלאַ, האָט זיך געלייגט אויפֿן בײַכל און האָט זיך אַוועקגעקאַטשעט אַזש צום טיש, גלײַך צו מיסטער עדלשטיין. דער עולם האָט געפּאַטשט.
— גוט נו . . . — האָט מיסיס ראַבקין אַ זאָג געטאָן.
די פּרעזידענטין אַליין, מיסיס טקאַטש, האָט אויפֿגעהויבן דאָס פֿלעשל קאָקאַ-קאָלאַ און עס דערלאַנגט מיסטער עדלשטיינען. האָר די גרעסטע איבעררעאַשונג איז פֿאָרט געבליבן מיסטער עדלשטיין אַליין. אויף דעם זעלבן בלויען טעצל, וואָס מען האָט אים דערלאַנגט די קאָקאַ-קאָלאַ ,האָט מיסטער עדלשטיין אַוועקגעלייגט אַ גאַנצן הונדערטער. דער עולם האָט ווידער געפּאַטשט בראַוואָ, און אפֿילו רבי פֿינקל האָט זיך אַ ריר געטאָן פֿון אָרט און האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן הונדערטער.
כאָטש מיסטער שאמוט איז ניט געווען דער פֿאָרזיצער, אָבער ער האָט זיך געפֿילט היימיש, ווי אַן אמתער לאַנדסמאַן. ער האָט

---

94

אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ מעסער אין אַ פֿלעשל און האָט אַ זאָג געטאָן :
מיר בעטן די לובלינער זיך זעצן און די ניט לובלינער בעטן מיר זיך אויפֿפֿירן, ווי אמתע לובלינער! זײַנען די לובלינער געווען צופֿרידן, וואָס זיי זײַנען לובלינער, און מען האָט געפֿאָלגט און זיך געזעצט. רבי פֿינקל האָט געמאַכט הויך א המוציא און צעשניטן דעם המן-טאַש אויף צען פּענעצן. מיסטער שאמוט האָט אַ ווײַז געטאָן אויפֿן צעשניטענעם המן-טאַש און געמאָלדן, אַז דאָס איז אַ "מזומנער הונדערטער", און ווער עס וויל פֿאַרזוכן אַ ריכטיק שטיקל המן-טאַש, מוז איצט אָנקומען צו אים, צו מיסטער שאַמוט.
דעם ערשטן פּענעץ האָט געקויפֿט מיסטער רובין און האָט אַליין צוגעטראָגן צען דאָלאַר. דער עולם האָט אים באַלד אָפּגעפּאַטשט דעם פֿײַנעם בראַוואָ. דעם צווייטן פּענעץ האָט געקויפֿט די פּרעזידענטין, מיסיס טקאַטש, דעם דריטן מיסיס ערליך, און מער זײַנען קיין בעלנים ניט געווען. דעמאָלט האָט מיסטער שאמוט געהאַלטן אַ רעדע, א "ספּיטש".
"חשובע פֿאַרזאַמלטע, ליידיס און דזשענטלמען! אַלע פּורים פֿון אַלע יאָרן מעגן מיר יאָ עסן המן-טאַשן, און מיר מעגן ניט עסן, דאָס איז ניט קיינעמס עסק, אָבער דאָס יאָר, מײַנע טײַערע לובלינער לאַנדסלייט, מוזן מיר עסן המן-טאַשן, ווײַל אין לובלין וויל מען אויך עסן" . . . און מיסטער שאַמוט האָט אַ ווײַז געטאָן מיט זײַן גראָבן פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט אַהינטער זײַן פּלייצע, און האָט צוגעגעבן : "און אַ המן איז שוין אויך איבער זיי נעבעך דאָ" . . .
אַ פֿרוי האָט אַ זיפֿץ געטאָן און דער "טעיבל אָוו יוטס" האָט באַלד געקויפֿט אַ פּענעץ המן-טאַש, סעלמא האָט

צוגעטראָגן צען דאָלער. דער עולם האָט זיי אויך געפּאַטשט בראַוואָ. דערנאָך האָט מען אויסגעפּלעט
"געראַפּלט" מיסיס האָבקינס "שוין איינמאָל אַ קעיק", און דערנאָך האָט מען פאַרקויפט די גראַגערס, אַ דאַים אַ
גראַגער. דערנאָך האָט מען פאַרקויפט אַ קאַראַהאָד און געמאַכט אַ "סעיל" (אַן אויספאַרקויף) אויף די ליידיס,
יעדער מאַן האָט באַדאַרפט קויפן אַ ליידי פאַר אַ קוואָדער. מיסטער שאמוט האט

---

95

געקויפט די פּרעזידענטין מיסיס טקאַטש. מיסטער רובין האָט געקויפט זײַן אייגענע מיסיס. מיסטער עדלשטיין
האָט אַ זוך געטאָן מיט די אויגן איבערן זאַל, און איך האָב געזען ווי ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער ליליאַ בלום
אין מײַנע האַר, אין האָט עפּעס געזאָגט דעם מיסטער שאמוט.
— אונדזער חשובער גאַסט, מיסטער עדלשטיין, גיט הונדערט קוואָדערס פאַר דער ליידי מיט דער ליליאַ בלום.
מיסטער שאַמוט האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן און האָט מיך דערקאָנט : — אָ, די "גרינע" לובלינערקע !
האָט זי שוין פאַרדינט אַזוי פיל קוואָדערס וויפיל אַלע ליידיס צוזאַמען.
מיסטער שאמוט האָט מיך צוגערופן מיט די אויגן און האָט אַ זאָג געטאָן צו מיסטער רובין, וואָס איז געזעסן אין
דער נאָענט :
— נו, וואָס האָט איר מיט איר געמאַכט מיט דער "גרינער"?
— צוגעזאָגט איז צוגעזאָגט, — האָט געענטפערט מיסטער רובין, — דאָס מיידל, וואָס קלײַבט די "פּיסעס" בײַ
מיר אין פאַקטאָרי קלײַבט זיך חתונה האָבן . . .
— זעט, זי זאָל זיך ניט צו לאַנג קלײַבן, — האָט מיסטער שאַמוט פאַרענדיקט, וואָס מיסטער רובין האָט געוואָלט
אַרויסברענגען.
— צוגעזאָגט, איז צוגעזאָגט, — האָט זיך מיסטער רובין געהאַלטן בײַ זײַנס.
— נו, דאַנקען מיר אײַך טאַקע, — האָט מיסטער שאמוט אַ זאָג געטאָן און האָט זייער ערנסט דערלאַנגט די
האַנט מיסטער רובינען, און זיי האָבן איינער דעם אַנדערן זייער האַרציק געדריקט די הענט און איינער פון דעם
אַנדערן שטאַרק הנאה געהאַט.
ווען עס האָט זיך אויסגעשטעלט דער "קאַראַהאָד" און יעדע ליידי האָט באַדאַרפט גיין צו איר "קאָסטאָמער",
האָב איך געזאָגט צו מיסטער עדלשטיין :
— איך טאָר ניט טאַנצן . . . מײַן מאַמע עה"ש . . . ס'איז נאָך קיין יאָר ניטאָ ווי זי איז טויט.
מיסטער עדלשטיין האָט מיך אָנגעקוקט מיט גרויע זייער דורכזיכטיקע אויגן און איך ווייס ניט, צי ער האָט
געלאַכט פון

---

96

מיר, צי ער האָט רחמנות געהאַט אויף מיר, נאָר אויסגעזען האָט עס, ווי ביידע זאַכן צוזאַמען
— ווו איז געשטאָרבן דײַן מוטער?
— אין לובלין.
— ווי לאַנג ביסטו פון דאָרט?
— אַכט מאָנאַטן.
— נו, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — אויב ניט טאַנצן, טאָ העלף מיר אויסציילן די קוואָדערס.
איך האָב אים געהאָלפן אויסציילן פינף און צוואַנציק דאָלער.
— רוף מיך אָפּ, ווען דו וועסט דאַרפן, — האָט מיר געזאָגט מיסטער עדלשטיין און האָט ווידער מיך אָנגעקוקט
ווי פריער. גיכער ווי אַלץ האָבן זײַנע אויגן געלאַכט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, דערלאַנגט די האַנט דעם רבי
פינקל, מיסטער שאמוטן און מיר האָט ער געזאָגט :
— גוד בײַ, מײַן יאַנג ליידי.
מיסטער שאמוט האָט געמאָלדן, אַז דער באַל האָט אַרײַנגעבראַכט דריי הונדערט און פופציק דאָלער. דער
עולם האָט פריילעך געפּאַטשט.
וואָס זיי צעפּאַטשן בראַוואָ, איז דאָס גאָר אָן אַ שיעור. דער קאַראַהאָד איז געווען אַ פריילעכער. יעדערער האָט,
זעט אויס, געוואָלט אויסטאַנצן דעם קוואָדער. ווען דער עולם האָט צוגעטופּעט מיט די פיס, האָט זיך מיר
געדאַכט, אַז איך זע מײַן טאַטן ליגן בײַ קראַסוליען אין שטאַל, מיטן רוקן צוגעטוליעט צו דער וואַנט. עס איז
אים שטאַרק קאַלט און ער האַלט די הענט פאַררוקט אונטער אַ בערגל שטרוי. אָט אַזוי ווי איך האָב אים געזען
אין חלום. מיר איז געוואָרן פינצטער פאַר די אויגן און איך האָב זיך צוגעזעצט. "רעד" איז צו מיר צוגעגאַנגען :
— וואָס'ס די מעטער (וואָס איז געשען), רבֿקה?
איך האָב ניט געוואָלט זאָגן וועגן דעם חלום און איך האָב אים געענטפערט :
— עס איז מיר קאַלט געוואָרן.
— ביסט "טײַערד" (מיד) — האָט ער געזאָגט, און האָט מיר געבראַכט אַ טעפּעלע הייסע קאַווע.

---

97

— זאָג מיר, "רעד", וואָס הייסט עס אַ "באָם"? אַ "לאופֿער?" — האָב איך אַ פֿרעג געטאָן "רעד"ן.
"רעד" האָט עפּעס אַ טראַכט געטאָן. איך האָב געזען, ווי בײַ אים איז דורכגעלאָפֿן אַ שמייכל איבערן פּנים, און ער האָט אַ זאָג געטאָן :
— אַ "לאופֿער"? אָט עדי איז אַ "לאופֿער" . . . — איך האָב אָנגעהויבן לאַכן און "רעד" אויך, מיר האָבן זיך ביידע גוט פֿאַרשטאַנען.
איך מיין, עס קען ניט זײַן, אַז "רעד" זאָל זײַן אַ "באָם".

די "שיינע פּאַווע"
24־טער מערץ.
איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען די אַלטע מיסיס קאָשעס אַזוי גוט געשטימט ווי הײַנט. מעגלעך, אַז דאָס איז צוליבן וועטער. עס איז טאַקע הײַנט געווען אַ זעלטענער וועטער. וואַרעם און זוניק און די גרענד סטריט האָט צעעפֿנט די פֿענצטער און אַלע ראַדיאָס האָבן אַ שפּיל געטאָן. עס איז געווען זייער מילד, אָט טאַקע ווי עס דאַרף זײַן פּורים. און מעגלעך, אַז די אַלטיטשקע איז געווען צופֿרידן פֿון אירע "אייזעדזשענטקעס", זיי זײַנען בײַ איר געקומען נעמען הײַנט "וואַרע" (סחורה). פֿיר פֿרויען זײַנען הײַנט בײַ איר געווען און איך האָב זיך פֿון זיי דערוווּסט, אַז די מיסיס קאָשעס האָט מען אַמאָל גערופֿן "די גאָלדענע נאָדל". זי איז געווען די גרעסטע מײַסטערקע אין ניו-יאָרק, איין "איידזשענטקע", מיט זייער גרויסע ברוינע אויגן, ווי זי זאָל צופֿיל וויינען מיט זיי און זיי זײַנען דערפֿון צעצויגן געוואָרן, האָט אַ זאָג געטאָן :
— וואָס דו ביסט עפּעס אַן "עקסעפּשן" (אויסנאַם) בײַ איר, וואָס דו אַרבעטסט דאָ? אַנדערע מיידלעך לאָזט זי אויפֿן אויג ניט אַרויף, זי קען ניט זען, ווי זיי באַגראָבן די אַרבעט. אַרבעטן זיי בײַ זיך אינדערהיים און ברענגען די פֿאַרטיקע אַרבעט אַהער. פֿאַרדינען איז בײַ איר ניט גרינג, זי טראַכט ניט, אַז מען דאַרף מאַכן אַ דאָלער, נאָר זי היט דער "פֿלאַוער" זאָל שיין אַרויסקו-

---

98

מען. . . ווער קען עס "עפֿאָרדן" (זיך דערלויבן)? זי — און די "איידזשענטקע" האָט אַ ווײַז געטאָן אויף די דריי טרעפּעלעך און געמיינט האָט זי די מיסיס קאָשעס — זי האָט אַמאָל אויסגעזען אַ פּאַווע . . . האָט מען עס גענומען אויף אַן עקסהיביטישן (אויסשטעלונג) און זי האָט געקראָגן אַ פּרײַז עפּעס פֿון אַן "אַרט סאָסייעטי" און דערנאָך האָט זי געקראָגן אַ בריוו פֿון מעיאָר. וויי, וואָס עס האָט זיך דעמאָלט געטאָן . . .
שפּעטער איז געקומען נאָך אַן "איידזשענטקע", אַ העל ווײַבעלע, אַ קײַלעכדיקע, מיט זומער-שפּרינקעלעך, וואָס האָבן בײַ איר געבליט אין מערץ, פּונקט ווי עס זאָל שוין זײַן מיטן זומער.
— עמיצער איז דאָרט פֿאַראַן? — האָט זי בײַ מיר געפֿרעגט, ווײַזנדיק אויף די דרײַ טרעפּעלעך.
זי האָט זיך אַ ווײַלע צוגעקוקט צו מײַן אויסנייען און דערנאָך אָנגעהויבן דערציילן : — איך האָב בײַ איר געאַרבעט נײַן יאָר . . . איצט איז זי שוין גאָלד, אַמאָל פֿלעגט זי זיך בוקן צו דער נאָדל, ווי צו אַ געטש. . . בעסער זײַן אַן "איידזשענטקע". וויפֿיל איך קען נעם איך און מאַך אַ דאָלער . .
— זיסעלע — האָט מיסעס קאָשעס אַ רוף געטאָן דאָס ווײַבעלע מיט די זומער-שפּרינקעלעך.
מיר געפֿעלט זייער, וואָס דאָס ווײַבעלע הייסט זיסעלע. דער נאָמען פּאַסט זיך צו איר אַזוי גוט, אַזוי ווי זי זאָל מיט אים געבאָרן ווערן.
די דריטע "איידזשענטקע" האָט זיך צוגעזעצט לעבן מיר און מיר געוויזן חסרונות.
— אָט דאָס טאָר ניט זײַן . . . אָט אַזאַ קניפּל. אָט "זי" קען מאַכן אַרבעט, אַהאַ, — און זי האָט אַ ווײַז געטאָן אויף די דרײַ טרעפּעלעך, — נאָר זי האָט אַ ווינט אין קאָפּ, — און די "איידשזענטקע" האָט אַ ווײַז געטאָן מיט דער האַנט בײַם שטערן.
די פֿערטע "איידזשענטקע" איז געווען אַ יונג מיידל, זי האָט עפּעס צו מיר גערעדט אויף ענגליש, איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען וואָס.
— יו'ר אַ רעפֿודזשי? — האָט זי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און מער צו מיר ניט גערעדט.

---

99

ווען די "איידזשענטקעס" זײַנען אוועק איז די מיסיס קאָשעס אַראָפּ צו מיר פֿון די טרעפּלעך.
— זיי אַלע זײַנען דורך מיר אַרײַן אין פֿאַך, — האָט זי געזאָגט. — אָט די זיסעלע האָט אַ נאָדל ניט געקענט האַלטן, ווען זי איז צו מיר אָנגעקומען. שפּעטער האָט זי זיך אויסגעלערנט, גאַנץ גוט געאַרבעט. אָבער בײַ זיי איז דער עיקר "האַרי אַפּ", אָפּגעאַרבעט אַ טאָג, אָפּגענומען דעם דאָלער און דאַטס'אָל. זיי האָבן געאַרבעט גוט,

נאָר קיין געפֿיל ניט געהאַט. מיט איין און פֿערציק יאָר צוריק, ווען איך בין אַהער געקומען, איך בין נאָך דאַן אַזוי יונג געווען ווי דו איצט, האָב איך געמאַכט די שענסטע אַרבעט אין ניו-יאָרק. — די אַלטע איז אַוועק צו זיך אין צימער און זי האָט פֿון דאָרטן געבראַכט אַ בלויע, וואָלענע טוך. אויף דער טוך איז געווען אויסגענייט אַ גאָלדענע פּאַווע, מיט אַ צעלאָזענעם עק, ווי אַ רעגנבויגן. די טוך האָט אַ גלאַנץ געטאָן פֿאַר די אויגן, דער פּאַוועס עק האָט זיך אַ מינע געטאָן מיט די סך קאָלירן, ווי אַ ווינט זאָל דורכלויפֿן. דאָס איז ווירקלעך געווען אַ זייער שיינע טוך און אַ זייער שיינע פּאַווע.

— אָט אַזוי שיין בין איך אַליין אויך געווען דעמאָלט, און די טוך וויל איך ניט פֿאַרקויפֿן, ווײַל אין דער טוך בין איך געגאַנגען צו דער חופּה, און האָב אויסגעזען ווי אַ שיינע פּאַווע. צוויי הונדערט דאָלער האָט מען מיר געוואָלט געבן פֿאַר דער טוך. וואַרבורגס שנור האָט עס געוואָלט פֿאַר זיך קויפֿן. אָבער איך האָב ניט געוואָלט. פֿאַר מיר איז ווערט, אַז איך גיב אַמאָל אַ קוק אויף דעם. נו, שפּעטער איז דער מאַן געשטאָרבן. די אויגן זײַנען קאַליע געוואָרן, אַ פּוס צעבראָכן, די יאָרן זײַנען אַוועק . . . מיט דער טוך ווילט זיך מיר ניט שיידן. — די אַלטע האָט אויפֿגעלייגט די טוך. זי האָט עס אַרײַנגעלייגט אין אַ ווײַסן לײַלעך, אַרומגעשפּיליעט מיט זיכער-נאָדלען, קיין שטויב זאָל ניט צוקומען.

איך בין אַרויס פֿון דער מיסיס קאָשעס. די גרענד סטריט איז שוין געווען אָנגעצונדן מיט רויטע, מיט געלע און בלויע פֿײַערן, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס פֿליט דאָרט אַרום די שיינע פּאַווע, זי גנבעט זיך אַרויס פֿון דער מיסיס קאָשעס שטילן צימער, זי

---

100

פֿליט איבער דער גרענד סטריט און ברענט, ווי אַ רעגנבויגן איבער דער לאַנגער נאַכט.

די מיסיס שאָר האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט פֿרעגן בײַ מיר, צי איז דאָס טאַקע "פֿעני די רביציך" וווּ איך אַרבעט.

— ניין, האָב איך איר געזאָגט, דאָס איז ניט "פֿעני די רביציך" — דאָס איז גאָר די שיינע "פּאַווע", וואָס זי האָט זיך צעבראָכן אַ פּוס, און דער מאַן איז בײַ איר געשטאָרבן, און די אויגן זײַנען בײַ איר קאַליע געוואָרן, און זי איז אַלט געוואָרן.

— נו און דעם דאָלער האָט זי דיר באַצאָלט, די שיינע פּאַווע?

איך האָב ניט געוואָלט באַריידן די מיסיס קאָשעס, אַז זי האָט מיר בלויז געגעבן אַ האַלבן דאָלער, און איך האָב געזאָגט

— יע, זי האָט מיר אָפּגעגעבן . . .

מיסטער שאָר
25־טער מערץ.

עפּעס איז מיר גאָר ניט איינגעפֿאַלן טראַכטן, וווּ איז מיסטער שאָר? אויב עס איז דאָ אַ מיסיס שאָר, דאַרף דאָך זײַן אַ מיסטער שאָר אויך... נאָר הײַנט איז טאַקע געקומען צופֿאָרן מיסטער שאָר אויך. געקומען איז ער אַזש פֿון קאַליפֿאָרניע. ער פֿירט דאָרטן "האָלסייל ביזנעס" (הורטאָוונע געשעפֿטן) מיט פֿרוכט. מיסיס שאַר האָט אונדז אַלעמען פֿאַרבעטן צו זיך אויף פֿיש. לכּבֿוד דעם גאַסט, האָט זי געזאָגט. מיסטער שאָר האָט אַרויסגעטראָגן אויפֿן טיש "משקה", מענדל פֿושקאַרט איז אויך אַריבערגעקומען און האָט פֿאַרזוכט פֿון אַלע פֿלעשלעך :

— מען דאַרף מאַכן אַן "אינספּעקשן", האָט ער געזאָגט, וואָס עס טויג, טויג, און וואָס עס טויג ניט, דאַרף מען אויסטרינקען.

די מיסיס שאָר האָט וועגן איר מאַן גערעדט בלשון "ער", און דווקא פֿאַר אים אין די אויגן און זייער גוטמוטיק :

— איך ווייס ניט פֿונוואַנען זיי דערוויסן זיך אַלע, אַז "ער" דאַרף קומען? דאַכט זיך, איך שיק זיי ניט קיין טעלעגראַמעס... און די מיסיס שאָר האָט געבראַכט אַ פֿולע האַנט מיט קאָנווערטן...

---

101

— אַז איך דערזע די "ענוועלאָפּס" אָנקומען, ווייס איך שוין, אַז "ער" פֿאָרט. און זי האָט אויסגערעכנט די "ענוועלאָפּס" :

— אַ ביל פֿון קרן קיימת.

— אַ ביל פֿון —,אַרבעטער רינג".

— אַ ביל פֿון "רבי יצחק אלחנן".

— אַ ביל פֿון די "גאָלד לײדיס שעלטער סאָסייעטי".

— אַ ביל . . .

איך פֿרעג אים : וווּ באַלאַנגסטו?

מיסטער שאָר האָט זי אָפּגעפּטר'ט בקיצור : — א דאגה וווּ מען באַלאַנגט . . . די בילס דאַרף מען באַצאָלן . . .

און דערנאָך האָט ער געמאַכט מיט דער מיסיס שאָר אַ חשבון :

— ארץ ישראל דאַרף מען? בײַ וואָס וועט מען בלײַבן אָן ארץ ישראל? . . .

מענדל פּושקאַרט האָט צוגעגעבן: מיט ארץ-ישראל בין איך מיט אײַך מסכּים. ער זאָל דאָס נאָר ניט קאַליע מאַכן דער בן־נידה, דער דוטשע זייערער.
מיסטער שאָר האָט ווײַטער געוויזן זײַן חשבון פֿון די בילס:
— נו און דאָ קען מען דאָך אויך ניט גיין, עקסקיוז מי, אָן הויזן . . . די "באָיעס" דאַרפֿן דאָך עפּעס לערנען בײַ רבי יצחק אלחנן . . . זיי זײַנען אַזוי אויך געגוג גוים.
מענדל פּושקאַרט האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:
— אַרויסגעוואָרפֿן דאָס געלט . . . זיי קענען דען לערנען?
אָבער מיסטער שאָר האָט זיך ניט אונטערגעגעבן:
— נו, וויפֿיל זיי קענען, קענען זיי . . . און אַז איך האָב פֿאַרגעסן דאַוונען? דער "איידזשענט" פֿון "אַרבעטער רינג" זאָגט ווײַטער — די שולן . . . מען לייענט דאָרט שלום עליכמס ביכלעך . . . נו דו האָסט ניט ליב הערן שלום עליכמען?
— ארויסגעוואָרפֿן געלט, האָט ווײַטער זיך אַ כאַפּ געטאָן מענדל פּושקאַרט, זיי קענען דען לייענען? מײַן שכנס אימל, אַ "באָיטשיקל", ער בעקעט, און ער מעקעט און ער ספּאָטיקעט זיך, ניט דאָ געדאַכט, טאַקע ווי אַ בלינד פֿערד. . .
אָבער מיסטער שאָר האָט געוווּסט איין טענה:
— אַ דאגה, וואָס זיי טוען, טוען זיי, מען קען דאָך ניט

---

102

פֿאַראַמאָל אַלץ כאַפּן. איך אַליין לייען אויך ניט אַזוי אַי, אַי, אַי. פֿונדעסטוועגן לעב איך. אַמאָל, פֿאַרשטייט איר מיך, פֿלעגט מען קלײַבן די מצוות, און איצטער וועט מען דאַרפֿן מיטנעמען די עטלעכע בילס אויף יענער וועלט, אַלץ בעסער ווי גאָרנישט. . . און ער האָט זיך אַ בייזער געטאָן אויף דער מיסיס שאָר:
— הערסט, באַשע-גיטל, זאָלסט מיר די "רעסיטס" ניט פֿאַרוואַרפֿן . . . און טאַקע אַרײַנלייגן אין "דראָ" (שופֿלאָד), מיר וועלן עס אם ירצה השם דאַרפֿן האָבן . . . איך וועל פֿאַר דיינטוועגן אויך עפּעס באַזאָרגן, בייזער זיך ניט . . . דער עולם האָט געלאַכט און דער אָנקל האָט אַ זאָג געטאָן:
— גוט', אויב זיי וועלן דאָרט קענען, אויף יענער וועלט, לייענען די ענגלישע רעסיטס.
— זיי ליגן שוין אין "דראָ", זיי ליגן שוין, האָט מיסיס שאָר אַ זשמורע געטאָן אָן אויג, ווי איר שטייגער איז, פֿאַר די אַלע בילס, אַרט מיך ניט . . . נאָר זאָג מיר וואָס ביסטו פֿאַר אַ מחותן מיט די "אָלד ליידיס"? (אַלטע פֿרויען).
— מיסטער שאָר האָט זיך צעשאָטן מיט אַ געלעכטער, ער האָט הנאה געהאַט פֿון לאַכן:
— אָט דאָס איז שוין צוליב דיר . . . פֿאַרדיינעטוועגן . . . האָט ער געלאַכט.
— "דענקס אַ לאָט" (אַ פֿײַנעם דאַנק). — האָט געזאָגט די מיסיס שאָר, צו די "אָלד ליידיס" פֿאַקעוועט ער מיך גאָר . . .
טרינקען קאַווע איז מען אַריבער צו אונדז, ווײַל די טאַנטע האָט באַדאַרפֿט "אַרויספּטרן" די המן-טאַשן וואָס זײַנען געבליבן פֿון באָל, און וואָס די קאָמיטע האָט זיך צעטיילט מיט זיי.
— איר מוזט מיר אויפֿעסן די המן-טאַשן האָט געזאָגט די טאַנטע, איך וועל אײַך באַדיי מאַכן קאַווע צוליב דעם. עס זײַנען אויך אָנגעקומען סעלמאַ און עדי. אַ סך גליײַכער וואָלט געוועזן, ווען מיר זאָלן שוין בלייבן אַ גאַנצן אָוונט בײַ דער מיסיס שאַר, און הערן ווי מיסטער שאָר קלייבט די רעסיטס פֿאַר יענער וועלט. עס וואָלט ניט געקומען אַפֿשר צו דער קריגערײַ און עס וואָלט געוועזן מיט אַ צרה ווייניקער. מענדל פּושקאַרט האָט אין מיטן דערינען אַ זאָג געטאָן:

---

103

— אַ גוטע זאַך די המן-טאַשן, מיר זאָלען שוין דערלעבן עסן דעם ימח שמוניקס וואָנצעס . . . סעלמאַ האָט עפּעס געענטפֿערט אויף ענגליש און עדי האָט זיך אויך אָפּגערופֿן. איך האָב בלויז געהערט "יומען", "יומען", "יומאַניטי" . . . מען האָט עפּעס דערמאָנט דעם "בענד". איך האָב געזען, אַז סעלמאַ איז געוואָרן אויפֿגעבראַכט און ווײַטער דערמאָנט "יומען" און "יומאַניטי", איך האָב ניט געוווּסט, אַז מען קריגט זיך צוליב מיר, נאָר עפּעס איז מיר געוואָרן זייער טרויעריק אויפֿ'ן האַרצן. שפּעטער האָט מיר די מיסיס שאָר געזאָגט:
— דו ווייסט, רבֿקה, עדי האָט אויפֿגעוואָרפֿן סעלמאַן, וואָס זי האָט דיך ניט געוואָלט מיטנעמען צום "בענד", ביז "רעד" איז געקומען און האָט דיך מיטגענומען. און ער האָט געזאָגט, אַז יעדער מענטש איז אַ שטיקל המן, און דערפֿאַר זײַנען דאָ המנס אויף דער וועלט.
— אָט דאָס האָבן זיי זיך געקריגט?
— יע, אָט דאָס האָבן זיי זיך געקריגט . . .
און מיסיס שאָר האָט אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען:
— "עדי האָט אויך ניט קיין אַנדער אַרבעט, ווי זוכן דײַן קריוודע, אַז דו דאַרפֿסט דאָ וווינען. . . "אַ קנאַפּער חכם, דער עדי". מיר איז זייער שווער אויפֿן האַרצן . . . וואָס וויל פֿון מיר דער עדי? ער איז באמת, אַ צוגאָב צו מײַנע

צרות . . .

"רעד" קען טרעפֿן

27-טער מערץ.

וווען איך בין הײַנט געקומען פֿון דער אַרבעט האָב איך דערזען בײַ מיר אויפֿן בעט צוויי בריוו. איך האָב זיך דערפֿרייט נאָך איידער איך האָב געוווּסט פֿון וועמען די בריוו זײַנען. בריוו זײַנען פֿאַר מיר אַ סימן, אַז מענטשן געדענקען וועגן מיר, אַז איך בין ניט קיין אָפּגעריסן בלעטל, וואָס מעג אַפֿילו פֿאַרדאַרט ווערן, וועט זיך קיינער ניט אַרומקוקן. דעם בריוו מיטן בלויעם קאָנווערט האָב איך באַלד דערקאָנט, דאָס איז דאָך לייזערס אַ בריוו, זײַן ערשטער בריוו איז אויך געווען אין אַ בלויעם קאָנווערט. דער

---

104

צווייטער בריוו איז געווען פֿון דעם "קאָונסיל אָוו דזשואיש טשאַריטי ווימען". עס האָט זיך מיר געוואָלט זען תּיכף ביידע בריוו, נאָר איך האָב פֿריער געעפֿנט דעם בריוו פֿון די "ווימען". זיי שרײַבן אויף ענגליש. פֿון אַלץ, וואָס איך האָב איבערגעלייענט האָב איך פֿאַרשטאַנען נאָר איין וואָרט "לאָונדרי", און איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז עס איז וועגן אַרבעט. די טאַנטע האָט מיר דעם בריוו איבערגעלייענט און האָט געזאָגט : זיי שרײַבן, דו זאָלסט צו זיי קומען, עפּעס האָבן זיי אַן אַרבעט אין אַ "לאָונדרי". איך האָב זיך דערמאָנט, אַז זיי האָבן מיר פֿאַרשריבן "לאָונדרי וואָירקער". פֿונדעסטוועגן וועל איך גיין זען. אפֿשר איז דאָס אַ בעסערע אַרבעט, ווי די אויסנייעריי, וואָס איך פֿאַרדין בײַ דעם פֿינף און זיבעציק סענט אַ טאָג. אין לייזערס בריוו איז געלעגן אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון לייזערן און עטלעכע יונגע לײַט, וואָס זיי זײַנען צוזאַמען מיט אים געקומען אויף דער "גריכישער שיף" קיין א"י. לייזער איז געשטאַנען אינמיטן, אָן אַ היטל, איך האָב דערקאָנט זײַן אָנצוג אין די קעסטעלעך, וואָס ער האָט געטראָגן אין לובלין, און בײַ מיר זײַנען אָנגעלאָפֿן טרערן אין די אויגן, ווען איך שעם זיך ניט פֿאַר דער טאַנטע וואָלט איך הויך געוויינט. נאָר איצט האָב איך אַראָפּגעשלונגען די טרערן, וואָס זײַנען מיר געשטאַנען אין האַלדז און אויסגעווישט די אויגן. ווען איך האָב געהאַלטן אין לייענען לייזערס בריוו איז אָנגעקומען "רעד". דער גוטער יאָר האָט אים גראָד איצט אָנגעטראָגן, ניט געקענט קומען מיט אַ האַלבע שעה שפּעטער . . . איין זאַך האָב איך זיך אויסגעלערנט אין אַמעריקע : צי גוט, צי שלעכט, די ערשטע זאַך דאַרף מען אַ שמייכל טאָן. און אפֿשר זײַנען זיי גערעכט, די אַמעריקאַנער: אַז מען גיט אַ שמייכל זעט יענער, אַז די וועלט האָט זיך נאָך פֿון נעכטן ביז הײַנט ניט איבערגעקערט. מען שמייכלט נאָך. אַי וואָס, טאָמער איז פֿאַראַן אַביסל "טראָבל", ווי זיי זאָגן, נו וועט זיך "אויספּרעסן". מיר געפֿעלט זייער, וואָס זיי זאָגן "עס וועט זיך אויספּרעסן".

— דו האָסט אַ לעטער פֿונדערהיים? וואָס שרײַבט מען דיר? האָט מיך "רעד" אַ פֿרעג געטאָן.

זאָל איך אים זאָגן וועגן לייזערן? און ווער לייזער איז?

---

105

אָדער זאָל איך אים זאָגן, אַז דער בריוו איז פֿונדערהיים? נאָר די טאַנטע האָט געוויס געזען, אַז דער בריוו איז פֿון א"י, וועט זי מיך האַלטן פֿאַר אַ ליגנערקע, אויב איך וועל זאָגן אַנדערש... מער פֿעלט מיר ניט. זעט אויס, אַז זאָגן אַ ליגן איז טאַקע אַ חרפּה, ווײַל מען שעמט זיך זייער, אַז מען כאַפּט . . .

— ניין, דאָס איז אַ בריוו פֿון אַ שכן, האָב איך געענטפֿערט "רעד"ן. איך האָב באַמערקט, אַז "רעד" קוקט אויף דער פֿאָטאָגראַפֿיע, וואָס איז געלעגן בײַ מיר אויף די קני. איך האָב אים געוויזן די פֿאָטאָגראַפֿיע. "רעד" האָט באַטראַכט אַלע פּנימער, וואָס זײַנען געווען דאָרט און דערנאָך האָט ער מיך געפֿרעגט :

— און ווער האָט דיר געשריבן דעם בריוו?

— טרעף! האָב איך אים אַ זאָג געטאָן, איך בין געווען צופֿרידן, וואָס די פֿאָטאָגראַפֿיע איז פֿון עטלעכע און ניט פֿון לייזערן אַליין. "רעד" האָט ווידער באַטראַכט די פֿאָטאָגראַפֿיע און איך האָב זיך דערפֿילט עפּעס מאָדנע, ווען ער האָט אָנגעוויזן אויף לייזערן :

— דער?

— פֿון וואַנען האָסטו געטראָפֿן?

"רעד" האָט אַ לאַך געטאָן און מיט אַ שפּאַס אָנגעוויזן אויפֿן האַרצן :

— פֿונדאַנען . . .

איך האָב שוין כמעט ניט דערלייענט דעם בריוו. איך האָב אים צוזאַמען מיט דער פֿאָטאָגראַפֿיע אַרײַנגעלייגט אין טאַש.

— וואָס שרײַבט מען דיר? האָט די טאַנטע אַ פֿרעג געטאָן.

— מען שרײַבט מיר, ווי זיי זײַנען אַנטלאָפֿן מיט אַ "גריכישער שיף" קיין א"י.

— מען לויפֿט נעבעך, ווי פֿון פֿײַער, האָט די טאַנטע געזאָגט, אַבי מען כאַפּט נאָר ערגעץ אַ שטיקל שיף . . . און זי האָט אַ זיפֿץ געטאָן.

איך האָב געזען, אַז "רעד" איז צעטראָגן, איך האָב געוואָלט זײַן גוט צו אים, און האָב אים געבעטן, ער זאָל מיך

לערנען אַביסל ענגליש.
— דו זעסט, איך קען אַפֿילו ניט איבערלייענען דעם בריוו

106

פֿון דעם "קאָונסיל אָוו דזשואיש טשאַריטי ווימען" . . . "רעד" האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין.
— טאָמאַראָו, האָט ער אַ זאָג געטאָן און געפֿרעגט בײַ דער טאַנטע :
— ווו איז סעלמאַ?
אַוועק מיט עדין אין אַ "מוווי פּיקטשור".
— קאם אַן, רבֿקה, מיר וועלן אויך גיין.
אין דער "מוווי פּיקטשור" האָבן זיך דעטעקטיוווס געיאָגט נאָך אַ שווינדלער. מען האָט זיך געשאָסן, און מען איז געלאָפֿן איבער די דעכער און זיך געצויגן אויף שטריק. עס איז געווען אַן אימה צו קוקן. דער בעסטער דעטעקטיוו איז געווען אַ פֿרוי. און זי האָט עס טאַקע אויסגעפֿונען דעם שווינדלער. אינמיטן דער שפּיל האָט מיך "רעד" גענומען בײַ דער האַנט :
— רבֿקה, "יו לאַיק דיס באָי" (דו האָסט ליב דעם בחור)?
— וואָס פֿאַר אַ "באָי"? האָב איך אַ פֿרעג געטאָן, און עס האָט מיך גענומען שטאַרק זעצן אין האַרצן.
— פֿון דער פּיקטשור (בילד).
— איך האָב דיך געבעטן דו זאָלסט מיך גאַרניט פֿרעגן, האָב איך אים געזאָגט און דערלאַנגט אַ פּאָר פּעטשלעך איבער דער האַנט.
מײַן גליק איז געווען, וואָס די שכנים, וואָס זײַנען געזעסן אַרום אונדז האָבן אָנגעהויבן שטאַרק שיקען :
— ש . . . ש . . . מיר שטערן זיי זען די "פּיקטשור".
און כאָטש מיר איז שוין אויסגעקומען פֿאַר דער לעצטער צײַט זאָגן אַ סך ליגנס, דער טאַנטע, דער מיסיס שאָר, דער מיסיס קאָשעס, רוטן און אַנדערע — פֿיל איך פֿונדעסטוועגן, אַז דעם גרעסטן ליגן האָב איך הײַנט געזאָגט "רעד"ן און עס טוט מיך באַנג . . .
זינט די מאָדנע קריגערײַ צווישן סעלמאַן מיט עדין ליגט
מיר עפּעס, ווי אַ שטיין אויפֿן האַרצן, כאָטש איך פֿיל זיך אינגאַנצן

107

ניט שולדיק אין דעם. וואָס קען דאָ זײַן מײַן שולד? פֿון עדין אַנטלויף איך. אַז עדי האָט מיך געבעטן גיין מיט אים אין די מוווינס בין איך ניט געגאַנגען. אויף עדיס צעטעלעך האָב איך ניט געענטפֿערט. אָבער דאָך ליגט מיר אַ שטיין אויפֿן האַרצן. און הײַנט האָב איך געזען, אַז עס איז ניט אומזיסט. גאַנץ פֿרי, ווען אַלע זײַנען נאָך געשלאָפֿן, איז דער אָנקל אויפֿגעשטאַנען. איך האָב געהערט, ווי ער האָט זיך געדרייט איבערן שטוב, געשורשעט מיט בלעטלעך, זעט אויס אַרײַנגעקוקט עפּעס אין אַ ספֿר, דערנאָך זיך ווידער אומגעדרייט איבערן שטוב. איך האָב שוין סײַ ווי ניט געוואָלט שלאָפֿן האָב איך אַרויסגענומען לייזערס בריוו און אים אָנגעהויבן איבערלייענען נאָכאַמאָל. לייזער שרײַבט מיר, אַז איך זאָל ניט פֿאַרגעסן, אַז מײַן וועג איז נאָך ניט געענדיקט. איך דאַרף נאָך פֿאָרן צו אים, קיין ארץ ישראל. ער איז אַביסל אין כעס אויף מיר אויך. ער שרײַבט, אַז זײַן האַרץ פֿילט, אַז איך בין דערווײַטערט געוואָרן פֿון אים. ער האָט ניט פֿון מיר קיין בריוו, מעגלעך, שרײַבט ער, אַז זיי קומען ניט אָן. "אָבער אַז דײַנע בריוו זאָלן זיך אין ערגעץ וואַלגערן און אַפֿילו ניט דערגריין צו מיר, וואָלט איך דאָס געפֿילט". אַזוי שרײַבט ער. איז ער טאַקע גערעכט? איך ווייס אַליין ניט . . . געוויס בין איך אפֿשר צופֿיל איבערגענומען מיט "רעד"ן . . . אָבער ווען איך וואָלט קענען הײַנט אַוועקפֿאָרן צו לייזערן, וואָלט איך געפֿאָרן. איך וואָלט געפֿאָרן צוריק צו מײַן "היים", צו מײַנע גוטע יאָרן, וואָס זײַנען אַריבער אויף שטענדיק. דער אָנקל האָט געהערט, זעט אויס, אַז איך שלאָף ניט, ער האָט געהערט מסתם, ווי דאָס פּאַפּיר האָט גערוישט. איך האָב זיך פֿאַרווונדערט, ווען דער אָנקל איז צוגעגאַנגען צום טיר און האָט אַרײַנגעבויגן דעם קאָפּ.
— דו שלאָפֿסט ניט, רבֿקה? פֿאַרוואָס שלאָפֿסטו ניט? עס איז דאָך נאָך אַזוי פֿרי?
— איך לייען אַ בריוו, איך קען ניט שלאָפֿן. דער אָנקל איז צוגעגאַנגען און האָט זיך געזעצט אויף אַ שטול לעבן מײַן בעט. ער האָט געהאַט אַ מאָדנעם פּנים, אַ גוטן זייער, און זייער אַן אומעטיקן. איך האָב דערפֿילט, אַז איך האָב דעם פֿעטער זייער

108

ליב, און מיר האָט ווי געטאָן, וואָס ער איז אַזוי אומעטיק. דער אָנקל האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט ער געזאָגט :
— רבֿקה, איך האַלט דיך פֿאַר אַ קלוג מיידל, אַ היימיש מיידל, און איך האָב דיך ליב אַזוי ווי מײַן סעלמאַן, קיין

אונטערשייד ניט, זאָלסט עס וויסן.
אַזוי האָט געזאָגט דער אָנקל און איז שטיל געוואָרן. נו. בין איך דאָך געשטראָפֿט פֿון גאָט מיט מײַן וויינען, איז איידער וואָס און איידער ווען האָב איך שוין געהאַט פֿולע אויגן, און איך האָב געוווּסט, וואָס דער אָנקל וויל מיר זאָגן, ווײַל איך האָב געוווּסט, אַז דעם אָנקל איז ניט גוט.
— איז וויל איך מיט דיר איבעררײדן, נאָר זאָלסט ניט זאָגן דער טאַנטע, האָט דער אָנקל ווײַטער גערעדט : דו זעסט דאָך שוין אַביסל, וואָס אַמעריקע איז, דאָ איז שווער צו "מאַכן אַ לעבן", ווי קריעת ים סוף. גלויב מיר, רבֿקה, אַז איך הויב אָן גיין צו מײַנע "קאָסטאָמער" און יעדערן מוז מען נאָכגעבן, איז ער פֿרום, מוז מען צובאָמקען, איז ער אַן אפּיקורס, מוז מען אויך צובאָמקען, איז ער גלאַט אַ משוגענער, מוז מען אויך זאָגן "אָקעי". עס איז מיר שווער זאָג איך דיר, עבודת פּרך. אָבער "אַ לעבן מוז מען מאַכן", פֿאַרשטשימעט מען די ציין און מען לעבט . . איך טראַכט אָפּט, אפֿשר וואָלט גלײַכער געווען איך זאָל בלײַבן א רב אין נאָוואָגרודעק, איידער דאָ ווערן אַן אינשורענס אַגענט אויף גרענד סטריט. איך רייד ניט וועגן איצט, איצט איז דאָך מלחמה, חורבן, גאָט צו דאַנקען, אַז מען איז דאָ, איך רייד סתם, ביז איצט . .
נאָר כאפּן צוריק קען מען ניט. אַ מענטש קען זיך אַרויסכאַפּן פֿון אַ לייבן גרוב, פֿון אַ פֿייער, נאָר אַז ער קריכט אַרײַן אין אַ פּרנסה, קען ער זיך ניט אַרויסכאַפּן. דאָס איז פֿאַרפֿאַלן, איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידן, איבערהויפּט, אַז מען "מאַכט אַ לעבן", איז דאָך אָפּגערעדט, שלעפּט מען . . . נאָר די גרעסטע דאגה איז איצט בײַ מיר סעלמאַ. סעלמאַ דאַרף חתונה האָבן. קענסט דאָך די אַמעריקאַנער קינדער מיט די "ביוטי-פּאַרלערס", מיט די "בענדס" און אַלץ דאַרף בײַ זיי "מעטשן" . . . מאַ, דאָס איז אַ שפּיל פֿאַרן טײַוול. מיינסט איך בין אַזוי צופֿרידן פֿון עדין? אַ גוי, קען קיין וואָרט אידיש ניט ריידן. קען ניט דאַוונען. ווי מען קען

109

דורכלעבן מיט אַזאַ גוי אַ לעבן, ווייס איך ניט . נאָר איך וועל דאָך אַמעריקע ניט איבערמאַכן. און סעלמאַ איז דאָך אויך אַ היגע. ווי אַלע קינדער. און עדי ווײַטער? האָט ער דערזען סעלמאַן, איז סעלמאַ. איצט, אַז דו ביסט געקומען, איז שוין בײַ אים רעכט דו. אַ נפֿקא מינה בײַ זיי? אַז דער עיקר איז עולם הזה . . . אַלץ עולם הזה . . . נו, וואָס קענסטו דערוואַרטן פֿון אַ מענטשן, וואָס אַלץ איז בײַ אים עולם הזה? איך האָב געזען נעכטן, אָדער אייערנעכטן, ווי דער עדי האָט אַרויסגענומען אַ צעטעלע פֿון קעשענע, אַן אָנגעשריבן צעטעלע און האָט עס אַוועקגעלייגט בײַ דיר אונטערן קישן. ער האָט עס אַזוי קונציק געמאַכט, אַז קיינער האָט עס ניט באַמערקט. איך וואָלט עס אויך ניט באַמערקט, נאָר איך האָב געזען, ווי ער האָט זיך אַ דריי געטאָן לעבן דײַן בעט, און דו ביסט דאָך ניט געווען. אַז ער איז אַוועק מיט סעלמאַן, בין איך אַרײַן אַהער, ווייסט, עפּעס האָט מיך געצויגן, פֿאַרשטייסט דאָך, סעלמאַ איז דאָך מײַנס אַ קינד . . . האָב איך געפֿונען דאָס צעטעלע. מילא, וואָס ער שרײַבט דאָרטן, עס איז פֿאַראַן זייער אַ סך וואָס צו לייענען . . . אַ גרויסער באַטרעף . . . ס'איז ניט גענוג אויף דיך גליקלעך צו מאַכן, ס'איז אָבער גענוג אויף סעלמאַן אומגליקלעך צו מאַכן.
— אָנקל, גלויבט מיר איך בין דאָ גאָרנישט . . .
— איך ווייס, דו דאַרפֿסט מיר גאָרנישט זאָגן . . . דו האָסט אַ גאָלדן האַרץ, דו ביסט ווי דײַן זיידע רב מאָטיעלע, דער זעלבער שטאָף, ניט אָנרירן יענעם . . . איך ווייס דאָס . . .
אָבער עדי, עדי איז ניט דו . . . בײַ אים, כ'מיין בײַ זיי אַלעמען, פֿאַר אַביסל עולם הזה גיט מען אָפּ דעם טאַטן מיט דער מאַמען, מיט סעלמאַן אויך. הערסט, רבֿקה, איך וויל דו זאָלסט עס וויסן, אַז דו ביסט דאָ אין שטוב, איז דאָס פֿאַר מיר אַ פֿרייד. אַ קינד, אַ גוט קינד אין שטוב. איז אָבער די מעשה-עדי . . . אַי עדי, עדי . . . אָבער וואָס זאָל מען טאָן? גלײַכער וואָלט געווען ער זאָל דיך ניט זען . . . בײַ דער חבֿרה, איז אַלע פֿון אויבן אוף, ביזן קנעפּל . . . זעט ער דיך, וואָלט ער געוואָלט מיט דיר פֿאַרברייינגען, ווועט ער דיך ניט זען? איז ניט . . . גלײַכער אַזוי, רבֿקה . . .

110

— יאָ, אָנקעל, איר זיינט גערעכט, איך האָב דאָס שיין אַליין אויך געטראַכט.
— נו, זאָלסט ניט מיינען, אַז איך טרײַב דיך, חלילה, פֿון שטוב. מיט געלט וועל איך דיר אַרויסהעלפֿן און אַביסל פֿאַרדינסטו, גלײַכער אַזוי . . .
— גוט, אָנקל, איך וועל זיך נעמען ערגעץ אַ צימער. . .
— נאָר איין זאַך בעט איך דיך : זאָלסט ניט מיינען, אַז מיר איז חלילה ענג מיט דיר . . . אָדער דער טאַנטע. ס'איז ניט די ענגשאַפֿט, ס'איז די דאגה — סעלמאַ. איך בין גרוי און אַלט פֿון דער דאגה.
די לעצטע עטלעכע ווערטער האָט דער אָנקל אַרויסגערעדט אין איין אָטעם און אויף זײַן פּנים האָב איך געזען, אַז יעדעס וואָרט , וואָס ער האָט געזאָגט, איז אמת.
די טאַנטע האָט אים דערווײַל אַ רוף געטאָן:
— וואָס דרייסטו זיך דאָרט אַרום? עפּעס פֿאַרטאָג האָט ער אָנגעהויבן אויפֿשטיין. דער טאָג איז דיר קליין? און די טאַנטע איז אויך אַראָפּ פֿון בעט. דער אָנקל האָט צו מיר געגעבן אַ מאַך מיט די פֿינגער איבערן מויל און איז

אַרויס. ווען איך בין אַראָפּגעגאַנגען פֿון די שטיגן אויף גיין צו דער אַרבעט, האָט מיך דער אָנקל אַ רוף געטאָן צוריק. ער האָט צוגעמאַכט די טיר און איז אַראָפּ צו מיר אַ פּאָר טרעפּלעך. ער האָט מיר געגעבן פֿופֿצן דאָלער.
— נאַ, רבֿקה, נאָר אײַלן דאַרפֿסטו זיך ניט, ברענען, ברענט עס ניט, אויף דער מינוט, נאָר זוך פּאַמעלעך.
איך האָב גענומען די פֿופֿצן דאָלער, אָן אַ שווער האַרץ, ווי איך זאָל נעמען בײַ מײַן אייגענעם טאַטן.

הפֿקר
31־ער מערץ.
אין אַנטוווערפּן, ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז די מאַמע עה"ש איז שוין ניטאָ, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך בין געוואָרן הפֿקר אויף דער וועלט, און וואָס עס זאָל מיט מיר ניט פּאַסירן וועט זיך פֿאַר מיר קיינער ניט אָננעמען.
דאָנערשטיק אינדערפֿרי,

---

111

נאָכן שמועס פֿאַרטאָג מיטן אָנקל, האָט זיך מיר אויך געדאַכט דאָס זעלביקע . איך האָב זיך דערפֿילט הפֿקר אויף דער גרענד סטריט. פֿון אָנקלס הויז מוז איך אַוועקגיין, ווײַל פֿאַר סעלמאַן איז בעסער אַזוי. גייענדיק אינדערפֿרי צו דער אַרבעט צו מיסיס קאָשעס, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די גרענד סטריט יאָגט זיך נאָך מיר, זי לויפֿט מיך צעמאָלן . . . זי לויפֿט מיך אַראָפּקערן פֿון טראָטואַר, אַרויסיאָגן פֿון אָנקלס הויז, וווּהין? ווייס מען ניט. הפֿקר, וואָס עס וועט מיט מיר זײַן, וועט זײַן. און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך וועל צוקומען צו דער מיסיס קאָשעס' הויז, וועט זי שטיין אויפֿן שוועל, און זי וועט מיר זאָגן : איך דאַרף דיך שוין ניט . . . אַנדערע וועלן שוין מאַכן די "פֿלאַוערס" אויפֿן סערוועט . . . אַזוי האָט זיך מיר געדאַכט. מײַן גליק איז גראָד, וואָס יענעם טאָג האָט מיך די מיסיס קאָשעס ניט אָפּגעלאָזט. אַלע ווײַלע פֿלעגט זי אַראָפּגיין פֿון די טרעפּלעך און פֿלעגט אַ קוק טאָן אויף מײַן אַרבעט. איך האָב געמאַכט אַ הערצל פֿאַר אַ קלייד. זעט אויס, אַ טײַערע אַרבעט, און די מיסיס קאָשעס האָט שוין ווידער אָנגעהויבן זיך "בוקן צו דער נאָדל", ווי די "איידישענטקעס" האָבן מיר דערציילט. ווען איך האָב געזען, ווי די מיסיס קאָשעס גייט אַלע מאָל אַרויף און אַראָפּ די טרעפּלעך מיטן שטעקן, און זעט אויס, אַז עס איז גאָרניט אַזוי שווער, האָב איך געוווּסט, אַז עפּעס קלײַבט זי זיך מיר זאָגן.
— וואָס וויל זי מיר זאָגן, די מיסיס קאָשעס?
און זעט אויס, אַז גאָר גאָלע שלעכטס איז אויף דער וועלט ניטאָ. און גראָד דעם טאָג, ווען עס איז מיר געווען זייער אָנגעזאַלצן אויפֿ'ן האַרצן האָט זיך די מיסיס קאָשעס צוגעזעצט צו מיר און האָט געזאָגט :
— ווי איז דײַן נאָמען?
איך האָב זיך פֿאַרוווּנדערט, וואָס זי האָט ניט געוווּסט מײַן נאָמען.
— רבֿקה, האָב איך איר געענטפֿערט.
— רבֿקה איז ניט קיין נאָמען דאָ, מען דאַרף דיך רופֿן "רעי", מײַן "ניעס" הייסט אויך רעי, קומט טאַקע פֿון רבֿקה.

---

112

נאָכדעם, ווי די מיסיס קאָשעס האָט מיר שוין פּאַלאַדעט מײַן נאָמען, עס זאָל טויגן "דאָ", האָט זי צו מיר געזאָגט :
— דו האָסט אַ געפֿיל, רעי, דו האָסט אַ געפֿיל צו דער נאָדל.
זי האָט אַרויסגענומען פֿון דעם קעסטעלע מיט די זײַדענע פֿעדים אַ ביינערנע טייטל און האָט דורכגעפֿירט מיטן טייטל איבער די בלעטלעך, וואָס איך האָב אויסגענייט אויפֿן הערצל, אין זי האָט אַ זאָג געטאָן :
— אָט דאָס אָ, אָט דעם בויג אינעם בלעטעלע קענען זיי ניט מאַכן. בײַ דיר קומט עס אַרויס ריכטיק, מיט געפֿיל . . . דאָס געפֿעלט מיר, דאָס. זיי פֿאַרשטייען ניט וואָס הייסט אַ שטאָך, אַ שטאָך קען מאַכן דאָס גאַנצע בלעטעלע לעבעדיק, און אַ שטאָך קען עס מאַכן ווי האָלץ, האַמעטנע. זיי פֿאַרשטייען דאָס ניט. און וואָס איך האָב מיט זיי גערעדט : האָט מען מיך געהאַלטן פֿאַר אַ משוגענער, פֿאַר אַ מרשעת, אַזוי האָבן זיי מיך טאַקע גערופֿן . . . "זי", "זי" — האָבן זיי מיך גערופֿן, די מיידלעך . . . בײַ דיר איז טאַקע פֿאַראַן דער פֿאַרשטאַנד . . ווען איך וואָלט נאָך געהאַט מײַנע אויגן, ווי אַמאָל, וואָלט איך דיר אויסגעלערנט אַרבעטן מיט קאָלירן. דאָס איז אַ באַזונדער קענטשאַפֿט. הערסט, רעי, און מיסיס קאָשעס האָט אַ טשמאָקע געטאָן מיט די ליפּן, ווי איינער, וואָס האָט פֿון עפּעס שטאַרק הנאה :
— הערסט, רעי, אַז מען קען אַרבעטן מיט קאָלירן, קען מען אַלץ מאַכן. אַ הימל קען מען אויסנייען, אַ פֿויגל, אַ וואַלד. עס איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס מען זאָל ניט קענען מאַכן מיט קאָלירן. אַז מען קען זיי אויפֿשטעלן, זײַנען זיי אַזוי ווי אַ פֿאַרפֿירעניש, סע נעמט אַזש בײַם האַרצן. דו וואָלסט עס געקענט זיך אויסלערנען, נאָר איך האָב שוין ניט די אויגן אויף דיך לערנען . . .
ווען די מיסיס קאָשעס האָט גערעדט, האָט זי געקוקט אויפֿן בלעטעלע און האָט הנאה געהאַט, און בײַ מיר איז פּאַמעלעך אַוועק די מורא פֿאַר גרענד סטריט, אַז איך בלייב אויף איר הפֿקר. די מיסיס קאָשעס איז געבליבן

זיצן מיטןביינערנעם טייטל אין האַנט, דאָס טייטל איז דאָ, און מען קען ניט לערנען . און איך האָב זיך דערמאָנט אָן אונדזער לובלינער מלמד, רב בעריש טאַרטאַקאָווער. איך בין איינמאָל געקומען צו אים אין חדר, די

---



מאַמע ע"ה האָט מיך געשיקט, איך זאָל אַוועקטראָגן פֿאַר מײַן ברודער, פֿאַר מיכלען, אַ באַרנע.
— אַ רחמנות אויפֿן קינד, האָט די מאַמע געזאָגט, זאָל ער זיך דערקוויקן מיט אַ באַרנע. ווען איך בין געקומען מיט דער באַרנע צו רב בעריש טאַרטאַקאָווער אין חדר האָט דער ברודער גראָד "געזאָגט", און איך בין געבליבן שטיין וואַרטן. דערווײַל איז איבערן גאַס דורכגעגאַנגען די "סטראַזש אָגניאָווע", פֿייערלעשער, מיט מעשענע היטלען, זיי זײַנען ניט געלאָפֿן אויף קיין שרפֿה, נאָר זיי זײַנען געגאַנגען מיט אַ פּאַראַד. דער אָרקעסטער זייערער האָט געשפּילט און די טרומפּייטן האָבן אַזוי געבלאָזן זיי האָבן געריסן די ערד, און די מעשענע היטלען האָבן געפֿינקלט גלײַך אין פֿענצטער אַרײַן. די אינגלעך האָבן אָנגעשטעלט די אויגן און די אויערן, מײַן ברודער מיכל האָט אויפֿגעהערט צו "זאָגן". פּלוצלינג האָט יאַנקעלע "שעלמע", אַזוי האָט מען אים גערופֿן, ווײַל ער איז געווען אַ גרויסער חוצפּה'ניק — אַ שפּרונג געטאָן און אויסגערופֿן :
— קומט, חבֿרה, זען די סטראַזש ! כאַדזטיע ! און ער איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון טיש. אַלע צען אינגלעך זײַנען אַוועק נאָך אים. אַ פּאָר זײַנען געלאָפֿן פֿון אונטערן טיש, און אַ פּאָר זײַנען געלאָפֿן פֿון אונטער דער באַנק. אַזוי ווי ציגן זײַנען זיי געשפּרונגען, און דער רבי, רבי בעריש טאַרטאַקאָווער, איז געבליבן מיטן ביינערנעם טייטל אין האַנט :
— זע נאָר, זע נאָר, וואָלט כאָטש זײַן אַ פֿייער !
און דער רבי האָט זיך אַ נעם געטאָן צו מיר :
— וואָס ווילסטו?
— אַ באַרנע פֿאַר מיכלען געבראַכט . . .
— טראָג צוריק, האָט זיך דער רבי אַ בייזער געטאָן, עס וועט זײַן רעכט אָן אַ באַרנע. איך האָב געזען, אַז דער רבי איז גוט אין כעס און נאָך מער פֿאַרטרויערט; איך בין אַוועק צוריק מיט דער באַרנע, און ער איז געבליבן שטיין איינער אַליין, נאָר דאָס טייטל האָט ער פֿון האַנט ניט אַרויסגעלאָזט. אָט אַזוי איז מיסיס קאָשעס איצט אויך געזעסן מיטן ביינערנעם טייטל אין האַנט און

---



האָט געהאַט פֿאַרדראָס אויף די מיידלעך, וואָס האָבן ניט קיין "געפֿיל" פֿאַרן שטאָך.
גיין אַהיים האָט זיך מיר ניט געוואָלט, אפֿשר זאָל איך בעטן דער מיסיס קאָשעס, אַז איך זאָל בײַ איר נעכטיקן?
נאָר איך האָב זיך דערמאָנט, וואָס די מיסיס קאָשעס האָט מיר געזאָגט וועגן די "הײַנטיקע" קרובים :
דו עסט בײַ זיי אויך? . . . טאַקע אַ גוטסקייט . . .
זי וועט ניט וויסן, וואָס דער אָנקל האָט מיר געזאָגט וועגן זײַן דאגה מיט סעלמאַן, און זי וועט מיינען, אַז מען האָט מיך פּשוט אַרויסגעטריבן. ניין, גלײַכער וועל איך דער מיסיס קאָשעס גאָרניט זאָגן און גאָרניט בעטן בײַ איר. נאָר גיין אַהיים איז מיר געווען שווער, בין איך אַרײַן צו דער לאָנדריניטשקע. די לאָנדריניטשקע האָט גראָד "געקאָמאַנדעוועט", זי האָט אָנגעזאָגט דעם "באַי" ער זאָל גיין שנעל, ווײַל מען דאַרף נאָך אָפּטראָגן אַ "באַנדל" (פּעקל) צום "באַרבער" (שערער). און דער שוואַרצער האָט זי געוויזן, זי זאָל אַלע זעקלעך אויפֿהענגען איבער נאַכט אין "יאַרד" (אין הויף), זיי זאָלן זיך אויסטריקענען. און צום מאַן האָט זי געשריען אַרויף צום "אָפּסטעס" :
— נעם אַן אַספּערין, צו וואָס דאַרפֿסטו זיך אַרומטראָגן מיט אַ "העדאייק" (קאָפּ-ווייטיק)? כאָטש די לאָנדריניטשקע האָט "געקאָמאַנדעוועט", האָט זי צו מיר געוואָרפֿן אַ בליק מיט אַ שמייכל, ווי איינער זאָגט : טשעפּע מיך ניט איצט, ווײַל איצט געהער איך צו דער "לאָנדרי".
— וואַרט, האָט זי געזאָגט, מיר וועלן באַלד גיין "אַפּסטעס" (אויפֿן העכערן שטאָק).
"אַפּסטעס" איז די לאָנדריניטשקע, ווי שטענדיק, געווען אַן אַנדער לאָנדריניטשקע.
— עס איז זייער פֿיין, האָט זי געזאָגט, וואָס דו ביסט אַביסל געקומען, און זי איז אַוועק מאַכן אַ "קאָפּ קאָפֿע". בײַ דער לאָנדריניטשקע איז געווען גוט צו זיצן. אָט דאָ, בײַ איר, האָב איך ניט געפֿילט ווי אינדערפֿרי, אַז איך בין הפֿקר אויף דער גרענד סטריט.
נאָך דעם "קאָפּ קאָפֿע" האָב איך געזאָגט דער לאָנדרינישקע,

---



אַז צו דער טאַנטע דאַרפֿן קומען געסט און עס וועט ווערן ענג, און איך דאַרף זוכן אַ צימער . . .
— איך וועל דיך אויף דערווײַל דאָ "אַרענדזשן" (אײַנאָרדענען), האָט די לאָנדריניטשקע געענטפֿערט באַלד

אויפֿן אָרט, און ווען איך שעם זיך ניט, וואָלט איך צוגעפֿאַלן זי קושן. איך האָב גאָר ניט געוווּסט, אַז די לאָנדריניטשקע האָט אויף יעדער זאַך אַ מעשה, און אַ מעשה פֿון אַמאָל, ווען זי איז נאָך געווען באַשקע ליכט, און ניט בווירטי שליווקע. האָט זי טאַקע וועגן מײַן נעכטיקן און וועגן דעם, אַז בײַ דער טאַנטע וועט ווערן "ענג" אויך געהאַט אַ מעשה.

— איצט, האָט זי געזאָגט, אַז מען וווינט אין פֿיר, פֿינף "רומס" (צימערן) איז ניטאָ ווו אַ מענטשן לייגן שלאָפֿן. אָבער אַמאָל איז אַנדערש געווען. אַז איך בין געווען בײַ שימאַנאָווסקין אין דער זובאָוואַטשעבנע שקאָלע האָב איך געוווינט אין אַ "קאָמנאַטע" (צימער) גרויס ווי אַ שאָלעכץ פֿון אַן איי. און בײַ מיר פֿלעגן נעכטיקן אַלע מײַנע חברטעס. וואָס דאַרף מען אַ בעט? אַ בעט איז געווען אַן איבעריקע זאַך. מען פֿלעגט ברענגען דעם "גרויסן בער", דאָס איז געווען אַן אַלטער מאַנטל מײַנער אַ וואַטענער, מיט ברייטע אַרבל, האָט מען אים גערופֿן דער "גרויסער בער", און דעם גרויסן בער פֿלעגט מען אויסציען אויף דער פּאָדלאָגע און פֿאַרשפּרייטן אַ ליילעך און אַוועקלייגן אַ קישן און מען פֿלעגט שלאָפֿן. צווייען איז צווייען, דרײַען, איז דרײַען. דער גרויסער בער איז געווען אַזוי גרויס, וויפֿיל מען האָט באַדאַרפֿט. נו, מיינסטו, אַז עס איז געווען שלעכט צו שלאָפֿן? בעסער ווי איצטער. אַ סך בעסער געווען. און גלויב מיר, איך וואָלט איצט באַצאָלט פֿינף און צוואַנציק דאָלער פֿאַר אויסשלאָפֿן זיך אויפֿן "גרויסן בער" אויף דער קראָכמאַלנע גאַס. און די לאָנדריניטשקע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי איינער זאָגט :

— אויס, געענדיקט !

בלייבן נעכטיקן בײַ דער לאָנדריניטשקע די נאַכט האָב איך ניט געוואָלט, ניט געוואָלט מען קיין עגמת נפֿש דעם אָנקל, און

---

116

אַגב האָב איך געוואָלט זען "רעד"ן, אפֿשר איז ער געקומען. און איך האָב אָפּגערעדט מיט דער לאָנדריניטשקע קומען צו איר נעכטיקן אויף מאָרגן.

ניטאָ וועמען צו זאָגן אַ "זײַ-געזונט"
3-טער אַפּריל.

איך האָב די נאַכט ניט געקענט שלאָפֿן, איך האָב אַלץ געטראַכט, ווי וועל איך זיך אַרויסציען פֿון דער טאַנטע, וואָס וועל איך איר זאָגן? וואָס וועל איך זאָגן סעלמאַן? וואָס וועל איך זאָגן דער מיסיס שאָר? וואָס וועל איך זאָגן "רעד"ן? איך קען דאָך אים ניט זאָגן, וואָס דער אָנקל האָט מיט מיר גערעדט וועגן עדין . . . איך האָב אַזוי לאַנג געטראַכט, ביז איך בין אַנטשלאָפֿן געוואָרן, און אינדערפֿרי האָב איך באַשלאָסן, גאָרניט וועל איך זאָגן, איך וועל זיך איבערציען און גאָר. פֿריער וועל איך בלויז גיין נעכטיקן אויף איין נאַכט און דערנאָך נאָך אויף איין נאַרט, און אויף מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן . . . אפֿשר וועט מיר איינפֿאַלן אַ גוטער תּירוץ. אָבער דער אמת איז, אַן איך האָב אומזיסט געטראַכט, קיינער האָט מיך גאָר אַזויפֿיל ניט געפֿרעגט, ווי זאָגט מען, קיינער האָט מיר ניט געהאַקט די רעדער. די טאַנטע האָט אַ זאָג געטאָן, ווען זי האָט געזען, ווי איך לייג אַרײַן מײַן נאַכטהעמד, מײַן האַנטאַך און מײַן ציין-בערשטל אין דער וואַליזקע :

— וואָס רבֿקה, עס איז דיר ענג בײַ אונדז?

און נאָך איידער איך האָב איר עפּעס געענטפֿערט, האָט זי שוין צוגעגעבן :

— נו, אפֿשר וועט דיר זײַן באַקוועמער. און די טאַנטע איז אַוועק זען אַ "סעיל" (אויספֿאַרקויף) פֿון לאָמפּן. אויף יעדער שד איז דאָ פֿאַראַן אַ באַזונדער "סעיל". אַ סעיל פֿון קליידער, אַ סעיל פֿון שיך, אַ סעיל פֿון מעבל, פֿון "פֿאָרניטשור", אַ סעיל פֿון לאָמפּן, אַ סעיל פֿון אַלצדינג. איך וואָלט זיך אינגאַנצן ניט געוווּנדערט, ווען מען זאָל דאָ מאַכן אַ סעיל פֿון "כלות" און אַ סעיל פֿון "חתנים". עס קען זײַן, אַז עס וואָלטן געווען "קאָסטאָמער" אויך. און יעדערער וואָלט געגאַנגען אַ קוק טאָן

---

117

אויף דעם "סעיל", גלאַט אַזוי, "דזשאָסט האָר פֿאָן". ווען איך בין אַוועק איז קיינער ניט געווען אין שטוב. עס איז ניט געווען, ווי מען זאָגט, וועמען צו זאָגן אַ זיי געזונט.

די לאָנדריניטשקע האָט מיר אַ וויס געטאָן, ווו אַוועקצושטעלן מײַן "פֿאַרמעגן" און זי איז ניט געוואָרן, זי האָט איצט "געהערט צי דער לאָונדרי".

גייענדיק הײַנט פֿון סקול, בין איך פֿאַרקראָכן צום אָנקלס הויז, און זיך שוין בײַם שוועל דערמאָנט, אַז איך גיי הײַנט נעכטיקן צו דער לאָנדריניטשקע.

— פֿאַרקראָכן, האָב איך זיך אַליין פֿאַרגעוואָרפֿן, און דערפֿילט אַ קלעם אין האַרצן, פֿאָרט איז דאָס געווען אַ שטיקל היים, ווען ניט דער עדי . . . פֿון הויז איז דערווײַל אַרויס די מיסיס שאָר :

— איך גיי טאַקע צו דיר ! האָט זי געזאָגט, עס איז דאָ פֿאַר דיר אַ קאַרטל, און אגב האָב איך געוואָלט זען וווּהין דו ביסט אַנטלאָפֿן . . .

— אַנטלאָפֿן?
— אוודאי אַנטלאָפֿן, אַפֿילו קיין גוטן טאָג ניט געזאָגט . . .
איך האָב זיך פֿאַרענטפֿערט, אַז איך האָב נאָך גערעכנט קומען, און ניט איינמאָל . . .
— איך ווייס, האָט די מיסיס שאָר אַ זשמורע געטאָן מיט אַן אויג, איך ווייס, דו ביסט אַנטלאָפֿן פֿון עדין . . . און זייער גלײַך געטאָן, זייער גלײַך . . . די ביסט אַ חכמה . . . און די מיסיס שאָר האָט זיך צעלאַכט.
— אָפֿענע קאָרטן, האָב איך אַ טראַכט געטאָן. אונדז דאַכט זיך, אַז קיינער ווייס ניט וואָס מיט אונדז קומט פֿאָר. מען ווייס. די וועלט ווייס אַלץ. אַזוי דאַכט זיך מיר איצט.
דאָס קאַרטל איז געווען פֿון שיינפֿעלדן. שיינפֿעלד איז קראַנק. "קום אַריבער, שרײַבט ער, שוין פֿיר טעג ווי איך בין קראַנק, און "צופֿיל פֿרײַנט" האָב איך ניט האָ . . . אַזוי שרײַבט ער, "צופֿיל פֿרײַנט" . . . אים איז נאָך אפֿשר ערגער ווי מיר, ווער ווייס ווי שלעכט אים איז? . . . מאָרגן וועל איך גיין זען שיינפֿעלדן . . . אַוועקגיין אַביסל פֿריער פֿון דער אַרבעט, און גיין אים זען.

---

118

די שטומע באַלעבאָסטע
4-טער אַפּריל.
איך קען ניט פֿאַרגעסן שיינפֿעלדן ווי ער ליגט איינער אַליין אין זײַן צימערל, בײַ דער "שטומער" באַלעבאָסטע. זײַן בעטל איז זייער אַ נידעריקס, און אַז איך בין אַרײַן האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער ליגט כמעט אויף דער ערד און עס האָט זיך מיר אָפּגעריסן אין האַרצן. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט :
— רבֿקה, איך בעט דיך, די ערשטע זאַך קויף מיר אַלקאָהאָל, איך האָב זיך שוין דריי טעג ניט אַרומגעוואַשן, און מיר האָכט זיך, אַז מאָך איז אויף מיר אָנגעוואַקסן. ער האָט געקוקט אויף מיר מיט פֿאַרזשמורעטע אויגן, ווי ער זאָל וואַרטן אויף אַן ענטפֿער, צי איז ער טאַקע באַוואַקסן מיט מאָך, צי ניט. איך האָב באַמערקט, אַז ער שלינגט די שפּייעכץ, מסתּם איז ער דאָרשטיק, און איידער איך בין אַראָפּ קויפֿן אַלקאָהאָל בין איך אַרײַן אין קיך מאַכן פֿאַרן קראַנקן אַ גלאָז טיי. אין קיך, אָדער, ווי זיי זאָגן, אין "קיטשן", איז געזעסן אַ פֿרוי און האָט געשטריקט.
— איך וויל דאָ מאַכן טיי פֿאַר מיסטער שיינפֿעלד, האָב איך איר געזאָגט.
די פֿרוי האָט מיר קיין וואָרט ניט געענטפֿערט, זי האָט מיר שטומערהייט דערלאַנגט אַ טשאַיניקל, וואָס איז אַלט געווען אפֿשר הונדערט יאָר, פּונקט אַזאַ טשאַיניקל האָב איך אַמאָל געזען בײַ מײַן זיידן רב מאָטיעלע אויפֿן בוידעם, אין לובלין. דאָס דעקל פֿון טשאַיניקל איז געווען צוגעטשעפּעט צום הענטל מיט אַ קייטעלע, עס זאָל ניט אַראָפּפֿאַלן און עס זאָל ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן. שטומערהייט האָט זי מיר אָנגעצונדן דעם גאַז, שטומערהייט האָט זי מיר געגעבן אַ גלאָז, מיט אַ שעלכל, מיט אַ לעפֿעלע, און שטומערהייט האָט זי זיך ווידער געזעצט אויף איר בענקל שטריקן. זי האָט געשטריקט אַן אַרבל און דער קאָליר פֿון איר שטריקעכץ איז געווען, ווי דער קאָליר פֿון איר טשאַיניקל. אַביסל גרוי, אַביסל ברוין און אַביסל דער גוטער יאָר ווייס וואָס פֿאַר אַ קאָליר. איך האָב געגעבן שיינפֿעלדן אַ גלאָז טיי. ער האָט עס אויסגעטרונקען אין איין אָטעם.
— איך טרינק שטענדיק הייסע, האָט ער זיך פֿאַרענטפֿערט.

---

119

ער האָט אויסגעזען זייער דערשלאָגן, אפֿשר האָט ער אַזוי אויסגעזען, ווײַל זײַן בעטל איז זייער נידעריק.
איך האָב אים געפֿרעגט, צי זײַן באַלעבאָסטע איז אַ שטומע? אָדער זי רעדט ניט גלאַט אַזוי, זי האָט קיין איין וואָרט ניט אַרויסגערעדט צו מיר . . .
שיינפֿעלד האָט אָפּגעלעקט די ליפּן און האָט מיר געזאָגט
— עס זײַנען בײַ איר פֿאַראַן טעג ווען זי איז שטום. אַז מען פֿאַרשפּעטיקט איר צאָלן "רענט" ווערט זי אינגאַנצן שטום. אַנדערע מאָנען מיט ווערטער, זי מאָנט מיט שטומקייט, און דאָס איז אַ סך שווערער איבערצוטראָגן. פֿיר טעג, אַז איך האָב איר פֿאַרשפּעטיקט מיטן צאָלן, איז זי שוין דריי טעג שטום, ווי די וואַנט. 15 דאָלער דאַרף איך פֿאַר איר . . . ביז איך וועל געזונט ווערן . . .
איך בין אַראָפּ אין גאַס, געבראַכט פֿאַר שיינפֿעלדן אַלקאָהאָל און עפּעס צום עסן . . . אַז איך בין צוריק געקומען האָט ער מיר געזאָגט
— שווער אַזוי צו לעבן . . . מיר וואָלט קיין שאָד ניט זײַן די גאַנצע "שפּיל" אויפֿגעבן . . נאָר מײַן פֿרוי און דאָס קינד . . . דאָס קינד איז אַלט אינגאַנצן זעקס יאָר. אפֿשר וועט זיך נאָך איינגעבן זען זיי און העלפֿן . . . אָבער ווײַטער . . . וואָס איז דאָ פֿאַראַן צו זשאַלעווען? די באַלעבאָסטע, וואָס עס פֿאַלט אויף איר אָן אַ שטומעניש?
איך האָב שיינפֿעלדן דערציילט וועגן מײַן פֿאָטערס בריוו, אַז ער ווינט בײַ קראָסוליען אין שטאָל.
—ביידע זאַכן ניט גוט, האָט שיינפֿעלד געזאָגט און האָט אַ ווין געטאָן אויף זײַן צימערל מיטן שמאָלן טישל בײַם וואַנט . . . ביידע זאַכן זײַנען ניט גוט . . .
איך בין אַוועק אַהיים, איבערגעלאָזן שיינפֿעלדן מיט אַ גלאָז קאַלטע טיי אויפֿן טישל, צווייי פֿאָמעראַנצן, "אָרנאַדזשעס", דאָס פֿלעשל אַלקאָהאָל, און די שטומע באַלעבאָסטע.

איך וועל מאָרגן גיין צו מיסטער שאַמוט, ער איז ווייס פּרעזידענט פֿון דער געזעלשאַפֿט "הילף" פֿאַר פּליכטלינגע, זאָל ער שאַפֿן פּופּצן דאָלער פֿאַר שיינפֿעלדן, באַצאָלן פֿאָר זײַן דירה



און אומקערן דאָס לשון זײַן באַלעבאָסטע. איך האָב אויסגעלייגט, וואָס איך וועל זאָגן עם מיסטער שאַמוט און וואָס איך וועל אים ענטפֿערן, אויב ער וועט ניט וועלן געבן קיין געלט . . . און אַזוי טראַכטנדיק בין איך צוגעגאַנגען ביז דער לאָנדרי, עמיצער האָט מיך אַ ריר געטאָן בײַם אַקסל :
— סטאָפּ !
"רעד" איז געשטאַנען . . .
— דו ביסט אַוועק פֿון דער טאַנטע?
אָטאָ האָסטו זיך, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַ גאַנצע נעט געטראַכט וואָס אַלעמען צו ענטפֿערן, און אַז עס קומט צו עפּעס ווייס איך ניט וואָס צו זאָגן, נאָר אויף מײַן מזל האָט "רעד" גאָרנישט געוואַרט אויף קיין ענטפֿער.
— זייער גוט, האָט ער געזאָגט, איך בין זייער צופֿרידן", א'ם גלעד".
פֿאַרוואָס איז "רעד" צופֿרידן? ער וויל אויך פּטור ווערן פֿון עדין? אָדער ער וויל, אַז רוט זאָל ניט קומען? ווער ווייס? אַבי איך דאַרף אים איצט ניט ענטפֿערן, פֿאַרוואָס איך בין אַוועק פֿון דער טאַנטע.
עס איז שוין געווען צו שפּעט אויף גיין אין די "מוווּיס", זײַנען מיר אַוועק צום איסט ריווער. זעט אויס, אַז "רעד" האָט ליב דעם איסט ריווער, אַזוי ווי לייזער האָט ליב געהאַט דעם סאַסנאָוון וואַלד, אַבי וואָס פֿלעגט לייזער מיך רופֿן : קום צום סאָסנאַוון וואַלד. און "רעד", — קאָם אָן, צום איסט ריווער. אָבער גיענדיק מיט "רעד"ן צום איסט ריווער דערמאָן איך זיך וועגן דעם סאָסינאַוון וואַלד אויך, און מיר דאַכט זיך אַמאָל, אַז איך גיי אי דאָ, אי דאָרטן.
קען אַ מענטש זײַן אין איין צײַט אין צוויי ערטער? זעט אויס, אַז י.אָ . . .
"רעד" האָט אַ נאַטור, ער קען טרעפֿן. ער האָט דעמאָלט געטראָפֿן פֿון דער פֿאָטאָגראַפֿיע, וועלכער איז ליקער און איצט האָט ער געטראָפֿן, וואָס איך טראַכט.
— דו יו טינק אַבאַוט לובלין?
— וואָס עפּעס?
— איך זע . . .



— ניין, "רעד", איך טראַכט וועגן מײַן לערער, שיינפֿעלדן, ער איז קראַנק . . . און די באַלעבאָסטע זײַנע איז שטום געוואָרן פֿון זאָרג וועגן דעם דירה געלט . . .
— ריעליי? האָט "רעד" אַ פֿרעג געטאָן און מיר האָט זיך ווידער געדאַכט, אַז אים אַרט גאָרניט . . . און אַזוי ווי "רעד" טרעפֿט וואָס מען טרעט, האָט ער מיר געזאָגט :
— דו ביסט אַ גוטע, רבֿקה, "אַי לאַיק יו", (דו געפֿעלסט מיר) נאָר עדי האָט מיר געזאָגט, אַז דו האָסט אַ חתן אין לובלין . . .
— און וואָס אַרט עס דיך? האָב איך אָנגעהויבן לאַכן, דו צאָלסט פֿאַר אים "טעקסעס"?
איך האָב געפֿילט, אַז איך האָב געזאָגט אַ נאַרישקייט, אָבער עס איז שוין געווען פֿאַרפֿאַלן . . .
— יע, איך צאָל פֿאַר אים "טעקסעס" האָט מיר "רעד" געזאָגט, ער האָט געטראַכט אַ ווײַלע און ווידער אָנגעהויבן ריידן :
רבֿקה, יו נאָו, עס זײַנען דאָ "גערלס" (מיידלעך), וואָס ווינען, און עס זײַנען דאָ "גערלס" וואָס לאַכן . . "עוורי-טינג" (אַלץ) איז בײַ זיי אַ געלעכטער . . . בײַ דיר איז אַלץ לאַכן . . .
— "לאַכן" האָב איך אים נאָכגעזאָגט מיט שפּאַס . . .
— "עוווריטינג" (אַלץ) קען מען ניט לאַכן, רבֿקה.
— עווריטינג, האָב איך אים נאָכגעזאָגט.
— מען קען מיט דיר ניט רירן, האָט "רעד" אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, "ביקאָז" (ווײַל) . . .
"רעד" האָט אַ ווײַלע געטראַכט, וואָס פֿאַר אַ "ביקאָז" ער דאַרף זאָגן.
— ביקאָז, איך בין אַ לובלינער, האָב איך אים אונטערגעהאָלפֿן . . .
— "דאַט'ס דע טראָבל", (דאָס איז די צרה), האָט "רעד" זיך אָנגעכאַפּט, "ביקאָז" דו ביסט "טו מאַטש" (צו-פֿיל) אַ ליבלינער . . .
ביי "רעד"ן גייט גיך אַריבער דער כעס, ער הויבט אָן לאַכן און פֿאַרגעסט. און עדי וויל אונח, זעט אויס, צעקריגן . הער נאָר, אַ מעשה מיט אַ חתן גייט ער אים דערציילן. עדי וויל ביידן, מיך און סעלמאַן . . . דער אָנקל איז געווען גערעכט . . .

איך טרעף משיחן
5-טער אַפּריל.

ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז ס'איז דאָ משיח אויף דער וועלט, יע, ער איז דאָ, און איך האָב אים הײַנט געטראָפֿן. ער איז מיר געקומען אַרויסהעלפֿן אין אַ גרויסער נויט. און ניט צוליב מיר איז ער געקומען, נאָר צוליב שיינפֿעלדן, צוליבן קראַנקן שיינפֿעלדן... איך בין הײַנט אַוועק פֿון דער מיסיס קאָשעס מיט אַ שעה פֿריער, איך בין געלאָפֿן צו מיסטער שאַמוט קריגן די פֿופֿצן דאָלער פֿאַר שיינפֿעלדן, באַצאָלן פֿאַר זײַן דירה. מיסטער שאַמוט האָט מיך זייער פֿרײַנדלעך באַגעגנט :

— נו ס'איז נאָך דיר אַלץ שלעכט, אַז מיסטער עדלשטיין האָט פֿאַר דיר באַצאָלט גאַנצע הונדערט קוואָדערס? וואָס ווילסטו ווײַטער?

איך האָב אים דערציילט, אַז שיינפֿעלד ליגט קראַנק, מען דאַרף פֿופֿצן דאָלער אויף באַצאָלן פֿאַר זײַן דירה, די באַלעבאָסטע זײַנע איז אַזש שטום געוואָרן פֿאַר כעס, וואָס מען האָט פֿאַרשפּעטיקט איר אָפּצאָלן דירה געלט.

— זאָל זי שטום ווערן, האָט מיסטער שאַמוט געזאָגט, אָבער מיר קענען גאָרניט טאָן . . . מיר האָבן ניט קיין פֿאָנדן אויף צאָלן "רענט". בײַ אונדז איז יעדער פּעני באַשטימט . . .

איך האָב געבעטן מיסטער שאַמוטן מען זאָל מאַכן אַן אויסנאַם, שיינפֿעלד איז אַן עלנטער מענטש, ער האָט גרויסע יסורים פֿון זײַן באַלעבאָסטע.

— פֿון אַלע ווייבער האָט מען יסורים . . . האָט זיך מיסטער שאַמוט געוויצלט, איר פֿאַרשטייט, מיר קענען אַרויסהעלפֿן מיט געפֿינען אַ "דזשאַב", אָדער מיט אַן עצה . . . און דאָס איז זייער וויכטיק. מיר קענען אים געבן אַ פּלאַץ צום שלאָפֿן אויף אַביסל צײַט, נאָר צאָלן פֿאַר עמיצנס אַ דירה, דאָס קענען מיר

— מאַכט פֿאַר שיינפֿעלדן אַן אויסנאַם, האָב איך זיך געבעטן בײַ מיסטער שאַמוט, שיינפֿעלד איז אַ מענטש וואָס וועט ניט קומען בעטן . . .

---

123

— אַן אויסנאַם מאַכט מען נאָר פֿאַר אַ שיין-מיידל, אָבער ניט פֿאַר אַ שיין-פֿעלד . . . מיסטער שאַמוט האָט הנאה פֿון זײַנע וויצן, און האָט געשמייכלט.

— וואָס זאָל מען מיט אים טאָן? האָב איך גערעדט שוין דאַכט זיך מער צו זיך, ווי צו מיסטער שאַמוט.

— אפֿשר וועט אײַך די לובלינער סאָסייעטי העלפֿן . . איך קען אײַך געבן צו זיי אַ בריוו, אָבער מיר קענען גאָרניט טאָן, און מיסטער שאַמוט האָט צענומען די הענט אין ביידע זייטן, מיר קענען, ליבינקע, גאָרניט טאָן . . .

איך האָב געזען, אַז בײַ מיסטער שאַמוט האָט זיך שוין די האַנט אַ ציג געטאָן צום זייגער, וואָס ליגט בײַ אים אויפֿן טיש. איך בין אַרויס פֿון זײַן אָפּיס. ווו זאָל איך גיין? וואָס טוט מען מיט שיינפֿעלדן? איך האָב זיך דערמאָנט, ווי שיינפֿעלד האָט געזאָגט : "איך וואָלט אויפֿגעגעבן די "שפּיל" ווען ניט דאָס ווייב און דאָס קינד" . . .

איך האָב פֿאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט, כדי צו באַטרעטן, ווו זאָל איך איצט גיין קריגן די פֿופֿצן דאָלער פֿאַר שיינפֿעלדן . . . אפֿשר זאָל איך גיין צו דער מיסיס טקאַטש? און אַזוי ווי איך בין אַזוי געשטאַנען אינמיטן וואַרט-צימער איז צו מיר צוגעגאַנגען אליהו הנביא, אָדער משיח, אַ דאגה, אַבי ער האָט מיד געהאָלפֿן . . .

— וואָס טראַכט איר אַזוי? . . .

ערשטנס, האָב איך זיך פֿאַרוווּנדערט, וואָס מען זאָגט מיר "איר", אַלע דאָ זאָגן מיר "דו". און ווער קען דאָס זײַן? גאָר אַן אַלטער מאַן איז געשטאַנען אַנטקעגן מיר, אַ הויכער אַלטיטשקער. איך האָב קיינמאָל ניט געזען גרויע האָר זאָלן זײַן אַזוי ווייס.

וואָס טראַכט איר? האָט ער מיך ווידער געפֿרעגט, און ער האָט ניט געוואַרט אויף מײַן ענטפֿער און האָט מיר געזאָגט : איך בין דאָ אַ דירעקטאָר שוין פֿערציק יאָר . . . איך האָב געבויט די "אינסטיטושאָן" . . . איר מעגט מיר זאָגן, וואָס איר דאַרפֿט דאָ . . . דער אַלטער האָט אַרויסגענומען אַ וויזיט קאַרטל :

יצחק פֿיש, דירעקטאָר פֿון דער געזעלשאַפֿט "הילף", יאָר 1900 . . .

---

124

מיט פֿערציק יאָר צוריק האָבן מיר געבויט די אינסטיטושאָן פֿאַר מענשלעכקייט . . . פֿאַר הילף . . . און דער אַלטער האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון זײַן קעשענע נאָך אַ קאַרטל :

יצחק פֿישמאַן, פּרעזידענט פֿון דער געזעלשאַפֿט "הילף" אבֿ.

"טאָג און נאַכט דאָ אָפּגעזעסן. אַליין די בענק געמאַרט . . . אַליין געפֿאַרבט . . . אויף מײַן נאָמען פֿאַרשריבן דער "טשאַרטער" ביזן הײַנטיקן טאָג" . . .

איך האָב אים דערציילט וועגן שיינפֿעלדן, אַ לערער געווען, אַן איידעלער מענטש . . . איצט איז ער קראַנק, אַ פֿליכטלינג, האָט האָ קיינעם ניט . . . פֿופֿצן דאָלער דאַרף מען האָבן באַצאָלן פֿאַר זײַן דירה . . . ער אַרבעט דאָ אין אַ "פֿעקטאָרי" פֿון "סעקאָנדהענטיקע" לעפֿל, נאָר איצט איז ער קראַנק . . . אָן אַ משפּחה . . .

אַ רחמנות . . . האָט געזאָגט דער אַלטער, אַ רחמנות . . . מענטשלעכקייט דאַרף זײַן . . . מענטשלעכקייט . . .

און וואָס זיינט איר זײַנע? אַן אייגענע?
— ניין, געווען זײַנע אַ תּלמידה . . . ער האָט געלערנט מיך חשבון . . .
— קומט, האָט דער אַלטער מיר געזאָגט, קומט . . . און ער איז אַרויף אויפֿן צווייטן שטאָק. איך בין ניט געווען זיכער, צי דער אַלטער וועט עפּעס אויפֿטאָן, נאָר איך בין אים נאָכגעגאַנגען, וואָס האָב איך דאָ צי דערלייגן?
דער אַלטער איז געגאַנגען אין אַלע טירן, ניט קלאַפּנדיק . . .
— ווּ איז מיסטער קאַן? האָט ער גע-פֿרעגט.
מיר זײַנען געקומען צו מיסטער קאַן, דעם פּרעזידענט. בײַ אַ זייטיקן טישל זײַנען געזעסן צוויי אָפּיס מיידלעך און געקלאַפּט אויף מאַשינקעס. אַז זיי האָבן דערזען דעם אַלטן האָבן זיי זיך ביידע איבערגעקוקט, ווי איינער זאָגט :
ער איז שוין דאָ, עס וועט שוין זײַן אַ חתונה . . .
מיסטער קאַן האָט אים בעגעגנט פֿריינדלעך :
— האַלאָ, האַלאָ, האַלאָ, מיסטער פֿיש ! וואַט ניוס? . . .
— טרעל... טראָבל... פֿופֿצן דאָלער דאַרף מען איר געבן...

---

125

— ניט פֿאַר מיר, האָב איך זיך פֿאַרענטפֿער.ט, ער אַ קראַנקן, פֿאַר שיינפֿעלדן . . .
— פֿופֿצן דאָלער . . אַ קראַנקער מענטש, אַ פֿליכטליג . . . ליגט אַליין . . . וויי, וויי, וויי . . . מענטשלעכקייט דאַרף זײַן . . .
— מיסטער פֿיש, האָט זיך מיסטער קאַן אַ כאַפּ געטאָן, אײַך דאַרף איך דאָך ניט דערציילן . . . איר זיינט דאָך אַליין געווען, ווען מען האָט באַשלאָסן קיינע היים אויסצאָלונגען ניט מאַרן . . . מיר האָבן ניט אויף דעם . . . איר ווייסט דאָך, מיסטער פֿיש . . .
— באַשלאָסן . . . באַשלאָסן . . . ווע, ווע, ווע . . . מענטשלעכקייט . . . אַ קראַנקער ליגט . . . אַן עלנטער. אַלע קומען דאָך ניט . . . אָט איז זי געקומען . . . עלעהיי אַ מענטש פֿאַלט אין מיטן גאַס . . . גיט מען דאָך הילף . . .
מיסטער קאַן האָט זיך אויפֿגעשטעלט :
— אָבער מיר קענען ניט איבערמאַכן קיין בשלוסן, מיר קענען ניט . . .
דער אַלטער האָט זיך אָפּגעמאַכעוועט פֿון אים מיט בירע הענט, ווי מען פֿאָכעט זיך אָפּ פֿון אַ פֿליג.
— ווע . . . ווע . . . ווע . . וואָס דערציילט איר מיר? איך האָב געבויט די "אינסטיטוטן", אַליין די ברעטער געטראָגן... אַליין געפֿאַרבט . . . צוליב וואָס? צוליב מענטשלעכקייט . . . ווע . . . ווע . . . ווּ איז דער טיש? איך זע אים דאָ ניט . . . אַ שטאַרקער טיש געווען . . . אַ דעמבענער . . . אַזעלכע טשוועקעס אַרייעקלאַפּט, געקענט שטיין הונדערט יאָר . . . "פֿאַרניטשער" דאַרף מען דאָ? ווער דאַרף דאָס? מענטשלעכקייט דאַרף מען . . . פֿופֿצן דאָלער דאַרף מען איר געבן ! . . .
מיסטער קאַן, אַז ער האָט דערהערט די מעשה מיטן דעמבענעם טיש, האָט ער אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט אויפֿ'ן שטערן . . .
— אָבער, מיסטער פֿיש, איך האָב ניט, איך בין דאָ ניט קיין באַלעבאָס, דאָט'ס אימפּאָסיבל . . .
— וואָס פּאָסיבל . . . פּאָסיבל . . . האָט אים ער אַלטער איבערגעקרימט, און האָט אויפֿגעהויבן אַ ציטעריקע שטים : איך בין דאָ יאָ באַלעבאָס ! אַליין די ברעטער געפֿאַרבט . . . 2

---

126

טאָלער וועל איך אַליין געבן . . . און דער אַלטער האָט זיך גלײַך אַ נעם געטאָן צו זײַן טייסטער.
מיסטער קאַן האָט זיך אַ ריר געטאָן, ער איז אַוועק מיטן אַלטן אַ שטאָק נידעריקער, איך האָב געוואָלט מיטגיין.
— זיצט, זיצט דאָ, האָט מיך דער אַלטער געאירצט, און ווער קען אײַך דאָ? ווער איר זיינט . . .
— מיסטער שאַמוט קען מיך . אַ לאַנדסמאַן . . .
— גוט, גוט, זיצט דאָ . . .
איך בין געבליבן זיצן. די צוויי סעקרעטאַרשעס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איינע צו דער אַנדערער, געלאַכט און זיך געשושקעט, געשושקעט זיך און ווידער געלאַכט . . . "קרייזי", האָבן זיי גערעדט צווישן זיך.
פֿאַרליבט איז "קרייזי", און דאָס, זעט אויס, וואָס דער אַלטער האָט געזאָגט איז אויך "קרייזי", אַ מאָדנע שפּראַך עליש . . . "קרייזי" זעט אויס איז אַלץ, וואָס עס נעמט בײַם האַרצן . . . מען וועט דאַרפֿן פֿרעגן די מיסיס שוואַרץ, אָדער "רעד"ן.
דער אַלטער איז געקומען צוריק, נאָך אים איז געגאַנגען מיסטער קאַן, טאַקע ווי אַ נאַסער האָן. דער אַלטער האָט געטראָגן אין האַנט אַ טשעק, די האַנט און דער טשעק האָבן בײַ אים שטאַרק געציטערט. דער אַלטער איז צוגעגאַנגען צו אַ טישל, ווּ עס איז געזעסן איינע פֿון די אָפּיס מיידלעך און האָט זי מיט אַ צייכן פֿון האַנט אַראָפּגעשאַרט פֿון בענקל, ער האָט זיך געזעצט "חתמענען" דעם טשעק. (דער טשעק איז געווען אויסגעשריבן אויפֿן נאָמען : יצחק פֿישמאַן).
— אַמאָל האָב איך געקענט זיך חתמענען שטייענדיק, הײַנט קען איך ניט, הײַנט מוז איך זיך זעצן. ער האָט די

פּען אַזוי לאַנג געשאָקלט איבערן טשעק, ביז דריי קלאקסעס טינט זײַנען אַראָפּגעפֿאַלן. דערנאָך האָט ער פּאַמעלעך, צירקלענדיק יעדן אות, אונטערגעשריבן זײַן נאָמען אויף ענגליש. די אותיות האָבן אויך געציטערט ווי זײַן האַנט, ער האָט זיי געשטעלט ווייט איינס פֿון דעם אַנדערן, מען זאָל זיי קענען איבערלייענען. צוויי שורות האָט: פֿאַרנומען זײַן אונטערשריפֿט, און דער ענדע שטריך אַ גאַנצע דריטע שורה.

---

127

— פֿאַר מענטשלעכקייט האָט מען די "אינסטיטושן" געבויט, האָט דער אַלטער געזאָגט, און מיר אָפּגעגעבן דעם טשעק. איך בין צוזאַמען מיט אים אַראָפּ פֿון די שטיגן. ער האָט מיר געוויזן האָך פֿיר קאַרטלעך.
— איך זאָג צו זיי מענטשלעכקייט . . . נו, וואָ-ס-ס-ס . . האָט דער אַלטער אויסגעצויגן זיע "וואָס" מיט ביטול און איז אַוועק. ער האָט זיך נאָך אומגעדרייט און האָט צוגעגעבן :
— אַ רפֿואה שלמה גיט אים איבער, אַ רפֿואה שלמה.
איך בין אַרויסגעלאָפֿן אויף דער גאַס און זיך אומגעקוקט. דעם אַלטן האָב איך שוין ניט געזען. זיך פֿאַרדרייט, זעט אויס, אויפֿן ראָג. מיר דאַכט זיך, איך האָב הײַנט געטראָפֿן משיח'ן . . . מען זאָגט, ער פֿאַרשטעלט זיך אין פֿאַרשיידענע געשטאַלטען און קומט העלפֿן ווו מען דאַרף. און ווידער מיט מײַנע צרה'דיקע טרערן, איך האָב געוויינט אויפֿן מיטן גאַס, און אַלע האָבן מיך אָנגעקוקט. אַ דאגה, אַבי איך טראָג דעם טשעק פֿאַר שיינפֿעלדן, און פֿאַר זײַן באַלעבאָסטע, די שטומעניש זאָל פֿון איר אַראָפּ.
6-טער אַפּריל.
"רעד" איז מיט מיר מיטגעגאַנגען צו שיינפֿעלדן. שיינפֿעלדן איז שוין בעסער. ער זאָגט, אַז דער אַלקאָהאָל האָט אים געהאָלפֿן, און איך מײַן, אַז די "רפֿואה שלמה" וואָס "משיח" האָט אים געשיקט האָט אים געהאָלפֿן. מילא, אַבי ער פֿילט זיך שטאַרקער, און אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט ער שוין גיין צוריק צו דער אַרבעט.
— געוואָלט זיך אויסדרייען, ניט בעטן בײַ קיינעם, האָט געזאָגט שיינפֿעלד, איז די קרענק אונטערגעקומען . . . פֿונוואַנען האָט איר דעם טשעק?
— משיח'ן געטראָפֿן . . .
— כ'מײַן ערנסט . . .
— איך זאָג אייך, שיינפֿעלד, משיחן געטראָפֿן, ער האָט מיר געבראַכט דעם טשעק, און האָט אים אַליין אונטערגעשריבן, און איר האָט בײַ קיינעם ניט געבעטן.

---

128

שיינפֿעלד האָט באַטראַכט די אונטערשריפֿט :
— אַ מאָדנע אונטערשריפֿט . . . זעט טאַקע אויס, ווי ניט פֿון דער וועלט . . .
מיר איז געווען פֿריילעך, איך האָב שוין לאַנג ניט געזונגען... ווי קען איך זינגען? . . . האָר איצט האָט זיך בײַ מיר אַליין אַ זונג געטאָן, ווען שיינפֿעלד האָט מיך געבעטן אָפּגעבן משיח'ס טשעק זײַן באַלעבאָסטע :
— באַלעבאָסטע זיסינקע,
זיסינקע, זיסינקע באַלעבאָסטע !
באַלעבאָסטע זיסינקע,
זיסינקע טשעקעלעך . . .
שיינפֿעלד האָט זעט אויס באַמערקט, אַז "רעד" קוקט אויף זײַנע נעגל, און ער האָט, ווי דעם ערשטן מאָל, ווען ער האָט מיך באַגעגנט, זיך פֿאַרענטפֿערט :
— די שוואַרצקייט פֿון די נעגל גייט ניט אַראָפּ, דאָס איז פֿון אַ זאַלץ, וואָס איך וואַש דערמיט די אַלטע לעפֿל, מען מאַכט פֿון זיי "סעקאָנדהענדיקע". און שיינפֿעלד האָט זיך אַביסל אויפֿגעהויבן אויף זײַן נידעריק בעטל. — איך וואָלט געקענט האָבן ווייסע נעגל אויך, און אַ "דזשאַב" דערצו, באַהאָרפֿט בלויז אונטערשרײַבן זיך . . . נו, האָט זיך מיר ניט געוואָלט. מוז מען האָבן שוואַרצע נעגל.
"רעד" איז געוואָרן נייגעריק, און איך, דעם אמת, האָב אויך געוואָלט וויסן די געשיכטע מיטן אונטערשרײַבן זיך, נאָר איך וואָלט ניט געהאַט קיין איינשטעלעניש בעטן דערציילן מיר די מעשה, אָבער "רעד" האָט אַ זאָג געטאָן :
— איז דאַט'ס אָל? האַו איז איט? (וויאַזוי איז דאָס?)
שיינפֿעלד האָט זיך שוין, זעט אויס, גענוג אָנגעשוויגן מיט זײַן שטומער באַלעבאָסטע און ער האָט אונדז דערציילט די מעשה.
— איר ווייסט דאָך, — האָט ער געזאָגט, — מײַן פֿרוי איז אַ לובלינער, נאָר איך קום פֿון לאָדזש. און כאָטש עס איז מײַן שטאָט, האָב איך ניט ליב לאָדש. צוליב די גרויסע געשעפֿטן וואָס זײַנען דאָרט געווען איז לאָדזש אַן אָנלויפֿעניש, אַלערליי מעקלערס, אַלערליי דריערס, אַלערליי מאַלווים, אַלערליי מאַכערס, אַלץ איז

---

129

אָנגעלאָפֿן קיין לאָדזש. האָט זיך אָנגעפּלאָדיעט דאָרט אַן ערב רב, דערנאָך האָט לאָדזש צעשיקט איר סחורה איבער דער וועלט . . .
כ'מײַן אויף אַ שטאָט קען מען ניט זאָגן . . . אָט האָט אין לאָדזש געוווינט רב שמואלקע קאַאוויצער אייך, וואָס ער האָט דאָס גאַנצע לעבן געגעבן "מאָר" פֿון זײַנע פֿאַרדינסטן פֿאַר שטאָט זאַכן, פֿאַר אָרעמעלייט. איך וויל גאָרניט פֿאַרינען דערפֿון וואָס דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן, — פֿלעגט ער זאָגן. איז דאָס געווען רב שמואלקע קאַטאָוויצער . .
— "רעד" האָט נעבעך ניט פֿאַרשטאַנען די מעשה, האָט ער אָנגעהויבן אויסטענן וואָס הייסט "מעשר"? (וואָט מינס "מעשר"? ) און דערנאָך "וואָס מיינט "חרוב" געוואָרן . . . הקיצור מען האָט זיך גוט אָנגעהאָרעוועט מיט "רעדן" ביז ער האָט פֿאַרשטאַנען די מעשה מיט רב שמואלקע קאַטאָוויצער, נאָר מיר האָבן פֿאָרט געוואָלט וויסן די מעשה מיטן אונטערשריפֿט, האָט אונדז שוין שיינפֿעלד דערציילט בקיצור.
— יע, זאָגט שיינפֿעלד, אַלץ וועגן לאָדזש . . . האָב איך האָ געטראָפֿן איינעם אַ לאָדזשער, אַ לאַנדסמאַן. אויסגעפּוצט, אַ גאַנצער מאַכער, אַ כל ולך אין ניו-יאָרק. דערפֿרייט ער זיך מיט מיר. אַזוווי מיר האָבן געלערנט אין איין חדר, גיט ער זיך פֿאַר מיר אַ באַרים :
— ער קען דאָ "מאַכן" אַ מענטשן אין ניו יאָרק און ער קען "מאַכן אויס" אַ מענטשן . . . ער איז דאָ דער "פּרעזעס" פֿון דער "איסט-וועסט לאָון סאָסייעטי".
— און וואָס ביסטו עפּעס געוואָרן פֿאַר אַ פּאַרשוין? געהערט, ביסט געוואָרן אַ פּראָפֿעסאָר?
— יע, אַ לערער, אַ לעקטאָר.
און ער האָט בײַ מיר גענומען מײַן אַדרעס. גוד באַי, טראַכט איך, און גוד לאָק, ווי מען זאָגט אין אַמעריקע.
אין עטלעכע טעג אַרום קומט ער אַראָפּ צו מיר און ברענגט מיר אַ גאַנצן פּאַקעט :
די "איסט-וועסט לאָון סאָסייעטי" מאַכט אים אַ באַנקעט צו זײַנע פֿופֿציק יאָר, און מען גיט אַרויס אַ בוך מיט זײַן ביאָגראַפֿיע. איז וויל ער, אַזוווי מיר זײַנען ביידע פֿון לאָדזש, און

130

איך קען אים גוט, און קען זײַן טאַטן און זיע מאַמען, און זײַנע חברים און בין נאָך אַ פּראָפֿעסאָר דערצו . . . זאָל איך אים אָנשרײַבן די ביאָגראַפֿיע זײַנע.
— דער קאָפּ איז מיר ניט דערביי . . . גלאָט אינמיטן דערינען . . . האָב איך זיך געוואָלט אויסדרייען.
— איך האָב אַלע מאַטעריאַלן, — זאָגט ער מיר און דערלאַנגט מיר אַ פּאַקעט... בלויז צוגעבן אַ ביסל פֿון איערע זכרונות, און אונטערשרײַבן, אַ געוועזענער חבר, אין איין חדר געלערנט... פּראָפֿעסאָר דר. שיינפֿעלד. דו וועסט קיין חרטה ניט האָבן, מיט דער "איסט-וועסט לאָון סאָסייעטי" איז גוט צו "שטיין אין פֿאַרבינדונגען" . . .
איך האָב בײַ אים גענומען די מאַטעריאַלן, אַ קוק געטאָן . . . ניט געקענט אונטערשרײַבן, זיך געשעמט פֿאַר זיך ליין . . און מײַן טאַטע ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר לעבט נאָך, — ניט געוואָלט אונטערשרײַבן זײַן פֿאַמיליע אויף דער "טשעפּוכא". זײַן טאַטע איז געווען אַ אידל אַ "מאַכער" פֿון די לאָדזשער . . . אין לאָדזש איז ער געקומען פֿון בענדין מיט אַ פֿאַרטיקן נאָמען, די "ווינט-מיל" . . . און אין די מאַטעריאַלן שטייט, אַז זײַן פֿאָטער איז געווען אַ כלל טוער, אַ פּרנס און אַן אב ליתומים. . . און ער אַליין — די "איסט-וועסט לאָון סאָסייעטי" — איז געווען צו ניין יאָר אַן עילוי . . . גלויבט מיר עס פֿאַלט צו חלשות . . . איך האָב טאַקע ניט אונטערגעשריבן . . . און ווי איר זעט האָב איך שוואַרצע נעגל . . . אָט אַזוי . . . און שיינפֿעלד האָט צוגעגעבן :
— איך בעט אײַך איר זאָלט קיינעם ניט דערציילן די מעשה, איך וויל זיך מיט דער "איסט-וועסט לאָון סאָסייעטי" ניט פֿאַרטשעפּען, ער וועט מיר נאָך קאַליע מאַכן די לעפֿל אויך . . .
— "דאַטס פֿוליש" — האָט "רעד" אַ זאָג געטאָן . . . באַדאַרפֿט אונטערשרײַבן די מאַטעריאַלן . . וואָט איז די דיפֿערענס, (די נפֿקא מינה) צי זײַן טאַטע איז געווען אַ "ווינט מיל" צי אַ "נאַיס מען"? (אַ פֿיינער מאַן.)
יעס, האָט שיינפֿעלד אים נאָכגעגעבן . . . איר זיינט אפֿשר גערעכט . . . נאָר איך האָב ניט געקענט . עס דאַרף דאָך זײַן עפּעס מענטשלעכקייט בײַ מענטשן . . .

131

מיר האָבן זײַנע ווערטער עפּעס אַזוווי אין קאָפּ אַ זעץ געטאָן. פֿונוואַנען ווייסט ער וועגן דער "מענטשלעכקייט" . . . ער האָט דאָך "משיחן" ניט געזען, ניט געהערט איםריידן, פֿון וואַנען ווייס ער? ווי פֿאַלט אים איצט איין, גראָד דאָס וואָרט צו זאָגן? דאָס איז טאַקע אַ מאָדנע זאַך . . .
אַז מיר זײַנען אַרויס פֿון שיינפֿעלדן האָב איך געזאָרט צו "רעדן" :
— "רעד" דו וואָלסט אונטערגעשריבן דעם לאָדזשערס מאַטעריאַלן?
— אַי דאָנט נאָו, (איך ווייס ניט), רבֿקה, איך וויל דיר קיין ליגן ניט זאָגן . . .
— יע, קיין ליגן ניט זאָגן . . . (אי דאָנט נאָו) . . . און שפּעטער האָט "רעד" צוגעגעבן :

— "הי איז אָלרייט", שיינפֿעלד . . .
דאָס שענסטע איז געווען מיט שיינפֿעלדס באַלעבאָסטע : ווען איך בין אַרײַן אין קיך מאָרגן אַ גלאָז טיי פֿאַר שיינפֿעלדן און זי האָט דאָך שוין געהאַט דאָס טשעקל, האָט זי געערעדט פֿאַר פֿייער און וואַסער . . . איך האָב שטענדיק געהערט זאָגן : געלט רעדט ! נאָר איך האָב קיינמאָל גיט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס הייסט, איצט פֿאַרשטיי איך ! סע רעדט פֿאַר פֿייער און פֿאַר וואַסער :
— איר ווילט אפֿשר אַביסעלע טרוקענע "טי"?
— איר דאַרפֿט אפֿשר אַ סטרעינערל (אַ זייערל)? איך האָב ליב "טי" מיט אַ סטרעינערל.
— פֿון וואנען זיינט איר אַ לאַנדסליידי? האָב איך זי געפֿרעגט.
— איך בין אַ לאָדזשערן, האָט זי מיר געענטפֿערט מיט אַזאַ זיסקייט, כאָטש גיב זי אַ קוש אין פּיסקעלע.
— אפֿשר ווילט איר אַ שטיקעלע גוטע לעמענע? האָט זי מיך ווײַטער געפֿרעגט.
גאָט צו דאַנקען, וואָס איך בין אַ לובלינער, און וואָס "רע" איז אַ גיו-יאָרקער.

---



איך זוך אַרבעט
7-טער אַפּריל.
איך האָב נאָך מזל, וואָס די מיסיס קאָשעס האָט געהאַט אויף דעם זונטיק אַ "פּאַרטי" בײַ איר פּלימעניק. נאָך פֿרייטיק האָט זי מיר וועגן דעם געזאָגט :
— "מעגסט זיך ווינטשן פֿאַרדינען אַלע טאָג, וואָס מיר וועט אָפּקאָסטן די "בווירטדעי פּאַדי" : אַ פּרעזענט פֿאַרן "באָיטשיק" מוז מען ברענגען צוליב דער מאַמען, און קענדי מוז מען ברענגען צוליבן "באָיטשיק" אַליין, פֿאַר אים איז דער עיקר די קענדי."
און איך בין הײַנט צוליב דער מיסיס קאָשעסעס פּאַרטי געווען פֿריי פֿון דער אַרבעט. די פֿינף און זיבעציק סענט וועלן מיר פֿעלן די וואָך, דערפֿאַר אָבער האָב איך געהאַט צײַט זיך אַרײַנכאַפּן צו "דהי דזשואיש טשאַריטי ווימען", וועגן זייער בריוו צו מיר. אפֿשר האָבן זיי טאַקע פֿאַר מיר אַ "דזשאַב"? פֿון די פֿאַרדינסטן בײַ מיסיס קאָשעס וועל איך לאַנג ניט אָנציען. עס איז מיר זייער שווער אויסקומען מיט די פֿיר דאָלער פֿופֿציק סענט אַ וואָך . . . עס איז נאָך גוט וואָס מיסיס קאָשעס וווינט אויף גרענד סטריט, און איך גיי צופֿוס אַהין און צוריק, פֿאַרשפּאָר איך "קאַרפֿער".
ווען מיר זאָל זײַן פֿרייליער אויפֿן האַרצן, איז דאָס גלאַט אַ פֿריילעכע זאַך, דאָס גיין צו זיי, צו "דהי דזשואיש טשאַריטי וויטען", זיי האָבן מיר הײַנט שיעור ניט געמאַכט פֿאַר אַ אינגל. געגאַנגען בין איך גלײַך צו דער מיסיס מאַיאָפֿעס, וואָס קען ריידן אידיש . . . איך האָב געמיינט, — געקומען, אָפּגערעדט מיט איר און פֿאַרטיק, איך וועל וויסן ווו איך האַלט אין דער וועלט. דערווײַל וריזט זיך אַרויס, אַז מען מוז שטיין אין "לאַין" צו דער אינפֿאָרמיישן. און די אינפֿאָרמיישן שיקט שוין ווו מען דאַרף. מיר האָט זיך זייער ניט געוואָלט שטיין אין "לאַין" און איך האָב זיך געפּרוווט אַרײַנכאַפּן פֿון אַ זייט צו דער מיס מאיאפֿעס אין "רום" האָט מיך דער אויפֿזעער ניט געלאָזט.
— "אַן דהי לאין, פּליז" . . .
בין איך אָמעשטאַנען מײַן פּאָרציע אין דער ריי, און דער-

---



נאָך פּונקט ווי יענעם מאָל האָט מען מיך געשיקט צו דער מיס אייכענבוים, פֿון דער מיס אייכענבוים צו דער מיס דאַבינאָוויסש, פֿון דער מיס ראַבינאָוויטש צו מיס קאָשער און פֿון מיס קאָשער צו מיס מאַיאָפֿעס.
פֿון די אַלע מיסעס אין מיר קאָשער געפֿעלן אַמבעסטן, זי האָט מיך דערקענט און אַ לאַך געטאָן
"אָ, יו ספּיק דזשואיש" . . .
דאָס ערגסטע איז האָבן צו טאָן מיט מיס אייכענבוים. אַז איך האָב איר געוויזן דעם בריוו זייערן האָט זי צו מיר — געהויבן ריידן, און אָנגעטשעפּעט זיך אין אַ וואָרט "רעלאַיעבל" און "רעלאַיעבל" אַהין, און "רעלאַיעבל" ווידער, איך פֿאַרשטיי גאָרניט וואָס זי האָט געוואָלט פֿון מיר. גאָט צו דאַנקען, וואָס זי איז מיד געוואָרן און האָט מיך אָפּגעשיקט צו מיס קאָשער. מיס קאָשער האָט כאָטש איין מעלה : זי ווייס, אַז מיר פֿאַרשטייען זיך ניט. זי גיט אַ לאַך און אַ מאַך מיט דער האַנט און מען זעט כאָטש, ס'איז ניט קיין ענגלישער גראַמאָפֿאָן, ס'איז אַ מענטש, וואָס איך פֿאַרשטיי זי ניט, און זי פֿאַרשטייט מיך ניט, אָבער פֿאָרט אַ מענטש. זי איז געפֿאָלן אויף אַ שכל און האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס פֿון דער לאַונדרי און געזאָגט :
— גאָ דהער יו'ל סי. (גיי צו אַהין וועסטו זען).
די לאָנדרי מיטן "דזשאָב" איז ערגעץ אין בראָנקס. בין איך געפֿאָרן מיט דער סאָבוועי, און דערנאָך מיט אַן עלעווײַטער און געקומען אין דער לאַונדרי. ווײַזט זיך אַרויס, זיי דאַרפֿן אַ "באָי". ער זאָל פֿאַנאַנדערפֿירן די "באָנדלס", קיין פֿרוי דאַרפֿן זיי ניט. איין מעלה האָבן זיי פֿונדעסטוועגן געהאַט דאָרטן, אין דער וועשעריי, זיי האָבן גערעדט צו מיר אידיש און איך האָב פֿאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך מיט מיר. זי די באַלעבאָסטע איז אַ

שווייַגערקע, אַ מרוק. אַ זאָג געטאָן :
— ווי ניד אַ "באָי", (מיר דאַרפֿן אַ אינגל), און פֿאַרטיק, זי זעט מיך שוין ניט, און זי הערט מיך שוין ניט מער. ער אַרער, דער מאַן אירער, איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. ער האָט מיך אויסגעפֿרעגט, ווער איך בין, און וואָס איך קען טאָן, און פֿון

---

134

וואַנען איך קום, און האָט בײַ מיר גענומען מײַן אַדרעס : טאָמער מאַרט זיך עפּעס.
ער דאַרף זײַן זייער אַ גוטער מענטש, און עס איז מיר געווען אויף אים אַ רחמנות, וואָס ער האָט אַזאַ מרוקעוואַטע ווייב. מען זאָגט טאַקע, אַז קיין גלייכע פּאָר איז אויף דער וועלט ניטאָ, און הײַנט האָב איך דאָס געזען באַשײַנפּערלעך.
איך האָב קיין ברירה ניט געהאַט, איך האָב אויסגעגעבן נאָך א ניקל און געפֿאָרן צוריק אַ "היים". אַ מאָדנע זאַך, וואָס איך זאָג "אַ היים". וואָס פֿאַראַ היים האָב איך? מײַן בעטל איז ניט מײַנע. מײַן בעטל שטייט בײַ דער "לאָנדריניטשקע" "אָפּסטערס" אין אַ צימער, ווו עס ליגן די געוואַשענע פעקלעך וועש. די "באָנדלעך" ליגן אויף פּאָליצעס בײַ אַ וואַנט, און בײַם פֿענצטער, לעבן דער צווייטער וואַנט שטייט מײַן בעטל. אַ טישל האָט מיר די לאָנדריניטשקע דאָרט אַוועקגעשטעלט און אַ שטול. קען מען דאָס אָנרופֿן אַ היים? פֿונדעסטוועגן איז דאָס בעסער ווי זײַן בײַ קראַסוליען אין שטאַל. הלוואי וואָלט דאָ דער טאַטע געווען און די ברידער, וואָלט עס פֿאַר מיר געווען אַ גוטע היים, אַז קיין בעסערע וואָלט איך גאָרניט געוואָלט. וועגן דער מאַמען איז דאָך שוין ניטאָ וואָס צו טראַכטן, באָטש איך טראַכט שטענדיק וועגן איר. ווען איך קום פֿון דער סאָבוועי טוט מיר שטענדיק אַביסל וויי דער קאָפּ. ערשטנס קען איך זיך ניט צוגעוווינען צו דער לופֿט און וריטער דאָס געדענקען שטענדיק, ווען מען דאַרף פֿאָרן "אָפּ-טאַון" און ווען מען דאַרף פֿאָרן "דאַון-טאַון", און זיך היטן ניט פֿאַרבלאָנדזשען, איז טאַקע שווערלעך און עס הויבט דערפֿון אָן וויי טאָן דער קאָפּ. און הײַנט איז אויך אַזוי געווען. געבראַכט פֿון דער סאָבוועי אַ פֿאַרטיקן קאָפּ ווייטיק, ליג איך און טראַכט : וואָס טוט מען? אפֿשר זאָל איך גאָר אָפּרופֿן מיסטער עדלשטיין און בעטן בײַ אים עפּעס אַן אַרבעט פֿאַר מיר? אויב אָפּילו איך וועל דאָ ווינען, וועל איך דאָך אויך דאַרפֿן עפּעס צאָלן, אַלע פֿון די פֿיר דאָלער מיט פֿופֿציק סענט? אויף דער ערשטער צײַט האָב איך די פֿופֿצן דאָלער, וואָס דער אָנקל האָט מיר געגעבן, אָבער שפּעטער? שפּעטער . . . שפּעטער — שמעטער — פֿעטער . . . וואָס איך דאַרף אַזויפֿיל

---

135

טראַכטן וועגן דעם? אָט האָב איך דאָך שוין געזען מיט מײַנע אויגן, אַז אין ניו יאָרק איז אויך פֿאַראַן "משיח", און ער קומט צו הילף, ווען מען דאַרף. ער איז שוין איינמאָל צו מיר געקומען, אפֿשר וועט ער ווידער קומען . . .

"ביי דיר בליען איצט רויזן"
9-טער אַפּריל.
מײַן מאַנטל איז שוין אַביסל אָפּגעריבן, קיין אַלטער מאַנטל איז דאָס נאָך ניט, אָבער, גיין אין אים איז ניט שיין. און גיין צו מיסטער עדלשטיין אין אַן אָפּגעריבענעם עאַנטל ווילט זיך מיר ניט. עפּעס שעם איך זיך. מײַן מאַמע עה"ש פֿלעגט זאָגן : אַז מען גייט בעטן בײַ עמיצן אַ גמילת חסד, דאַרף מען אָנטאָן אַ זיידן קלייד. און אפֿשר זאָל איך באָרגן אַ מאַנטל בײַ סעלמאַן? סעלמאַ האָט אפֿשר פֿיר מאַנטלען. איך קען איינעם באָרגן בײַ איר און גיין צו מיסטער עדלשטיין. איך האָב זיך נאָר געוואָלט באַראַטן מיט דער טאַנטע און מיט דער מיסיס שאָר, אָבער מיר איז גאָרניט איינגעפֿאַלן, אַז "רעד" האָט גאָר איבער מיר אויך אַ דעה !
ווען איך בין הײַנט געקומען אַ היים, האָב איך געטראָפֿן אויפֿן טיש רויטע רויזן. "רעד" איז געווען און געלאָזן אַ צעטעלע : — איל סי יו לייטער.
די לאָנדריניטשקע האָט מיר אַ זאָג געטאָן
— רבֿקה, דו ווייסט כאָטש, אַז דיר איז גוט?
— ניין, איך ווייס גאָרניט . . .
— יע, דיר איז גוט, בײַ דיר בליען איצט רויזן . . .
— "רעד" איז משוגע געוואָרן, האָט ער מיר געבראַכט רויזן.
— ס'איז אַ גוטע משוגעת, רבֿקה.
מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די לאָנדריניטשקע איז אומעטיק. קען דאָס זײַן, זי זאָל מיך מקנא זײַן? ווער ווייס? נאָר לאַנג טראַכטן האָב איך פֿאַרשפּאָרט, ווײַל זי האָט באַלד אַליין געזאָגט :
— רבֿקה, איך בין דיך מקנא . . . נאָר וואָס קען מען טאָן? צוויי מאָל קען מען אַזאַ צײַט ניט איבערלעבן . . .

---

136

אַז "רעד" איז געקומען, האָב איך אים געוויזן אויף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט די פֿעקלער וועש און איך האָב אים געזאָגט :

— וואָס טויגן די בלומען?

— איך האָב "געבערענגען" די בלומען פֿאַר דיר און ניט פֿאַר דיין "רום", האָט מיר "רעד" געזאָגט, און איין בלום האָט ער מיר אַרײַנגעשטעקט אין די האָר .

— ס'איז שיין . . . האָט ער געזאָגט, "די פֿוירסט טייס" (צום ערשטן מאָל), אַז איך האָב דיך געזען, האָסטו אויך געהאַט אַ בלום אין די האָר . . .

איך האָב דערציילט "רעדן", אַז איך וויל גיין צו מיסטער עדלשטיין וועגן אַרבעט : ער איז אַ גרויסער גביר, און אַז ער וועט נאָר וועלן, וועט ער מיך געוויס קענען פֿאַרזאָרגן. מען זאָגט, ער האָט אַ סך געשעפֿטן און איינאָרדענען אַ מענטשן איז בײַ אים גאָר קיין באַטרעף ניט.

"רעד" האָט געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— "יו העוו נאַט טו גאָ דהער" . . . דו דאַרפֿסט ניט בעטן קיין אַרבעט בײַ מיסטער עדלשטיין.

— פֿאַרוואָס?

— "ביקאָז" דו דאַרפֿסט ניט . . .

איך האָב "רעדן" געזאָגט, אַז איך דאַרף אַ מאַנטל, און מיט פֿיר דאָלער און פֿופֿציק סענט אַ וואָך קען מען ניט לעבן. "רעד" האָט מיר געענטפֿערט אין אַ שפּאַס

— ניין, רבֿקה, דו זאָלסט ניט גיין, איך וועל זײַן "ענגרי" (ברוגז) מיט דיר אויב דו וועסט גיין .

מיך האָט פֿאַרדראָסן אויף "רעדן", וואָס ער רעדט מיט מיר, ווי ער זאָל זײַן, אַ גאַנצער באַלעבאָס... און איך פֿאַרשטיי ניט, וואָס קען איך אים אַרן, אויב איך וועל גיין צו מיסטער עדלשטיין וועגן אַרבעט איך וועל זיך נאָך באַראַטן מיט דער טאַנטע און מיט דער מיסיס שאָר. און אגב, וואָס האָב איך איצט צו טראַכטן? אַז איך האָב נאָך סיווי ניט קיין מאַנטל אין וואָס צו גיין . . . עס איז גוט, וואָס עס גייט שוין צו זומער . . . אין אַ דש ארום

---

137

וועט שוין זײַן וואַרעם און איך וועל אינגאַנצן קאָנען גיין אָן אַ מאַנטל.

אויסער "רעדן" האָט זיך הײַנט אַרײַנגעכאַפּט אַהער מענדל פּושקאַרט :

— דיר איז ענג געוואָרן בײַ דער טאַנטע? — האָט ער אַ פֿרעג געטאָן, און אַ קוק געטאָן אויף "רעדן".

— צו דער טאַנטע קומען געסט, עס וועט דאָרטן אפֿשר זײַן ענג, בין איך דערווײַל אַריבער צו דער מיסיס שליוווקאָ, האָב איך אים געענטפֿערט.

איך זע זיך אַלץ מער אַרום, אַז אַ מענטש קען זיך ניט באַגיין מיטן אמת, בשום אופֿן ניט.

אין לובלין איז מיר ניט אויסגעקומען זאָגן קיין ליגנס, דאָ קומט מיר עס אויס אַזוי אָפֿט . . . פֿאַרוואָס איז דאָס אַזוי? ווער ווייס? אפֿשר האָבן דאָס אין לובלין געטאָן פֿאַרמיינטוועגן דער טאַטע און די מאַמע עה"ש? קען דאָס זײַן? דאָס מוז מען זיך גוט דערמאָנען . . .

די לאָנדריניטשקע איז געווען אין צווייטן צימער, זי האָט זעט אויס מיר געוואָלט גרינגער מאַכן אויפֿן האַרצן נאָך מענדל פּושקאַרטס פֿראַגע און זי האָט אַרײַנגעזאָגט צו אונדז אין צימער אַרײַן :

— זי איז מיר ניט איבעריק דאָ . . . איך האָב פֿיר "רומס"... אַמאָל, אַז מען איז יונג געווען . . . און די לאָנדריניטשקע איז אַרײַן אין צימער און האָט פֿאַר אַלעמען דערציילט די מעשה מיטן "גרויסן בער" בײַ איר אין דער קליינער "קאָמנאַטע" אויף קראָכמאַלנע גאַס.

— אַמאָל איז מען פֿאָרט געווען יונג, — האָט די לאָנדריניטשקע אַ זאָג געטאָן.

מתנות

11-טער אַפּריל

איך בין הײַנט רייך געוואָרן. די מיסיס קאָשעס האָט מיר געגעבן אַ "רעיז" אַ קוואָדער. אָבער ניט אויף שטענדיק. בלויז פֿאַר די עטלעכע טעג, וואָס איך האָב אויסגענייט דאָס הערצעלע. זי האָט זיך אַראָפּגערעדט פֿון האַרצן פֿאַרן קוואָדער.

---

138

מיסיס פֿרימען איז געווען זייער צופֿרידן פֿון דער אַרבעט, זייער צופֿרידן . . . זי האָט געמאַכט האָך אַן "אָרדער". טראַכט איך : זאָל רעי אויך עפּעס האָבן דערפֿון. "הײַנטיקע" וואָלטן דאָס ניט געטאָן... בײַ הײַנטיקע איז ניטאָ באַרעכענען אַ צוריטן... זיי דאַרפֿן די גאַנצע וועלט פֿאַר זיך און "דאַטס אָל". יעדער פֿאַר זיך. "מיינד יור אָן ביזנעס" (טראַכט וועגן דײַנע עסקים) און "דאַטס אָל". נאָר איך בין נאָך פֿון די "אַמאָליקע", איך וויל נאָך, אַז אַ צווייטער מענטש זאָל אויך האָבן אַ שטיקל לויתן. טראַכט איך : זאָל רעי אויך האָבן האָך אַ קוואָדער. זעקס

קוואָדערס איז אַ דאָלער פֿופֿציק . . איך בין נאָך פֿון די "אַמאָקעע,
בין איך טאַקע הײַנט רייך געוואָרן . . . אפֿשר זאָל איך אָנהויבן "קלײַבן" געלט אויף אַ מאַנטל?
איך האָב שוין באַמערקט, אַז אַ טאָג איז אַ מזלדיקער, גייט אַלץ גוט. און אַז עס טרעפֿט זיך, עס הויבט אָן גיין מיט דער פּוטער אַראָפּ, גייט שוין אַזוי כסדר. אין אַזאַ טאָג איז גלייכער נעמען און זיך לייגן שלאָפֿן.
איבערשלאָפֿן דעם שלימזל. אָבער צו וואָס טראַכט איך הײַנט וועגן שלעכטע טעג?
דער מיסעס שאָר האָט זיך הײַנט אויך פֿאַרגלוסט מיר געבן אַ "רעיז" גלאַט אַזוי . . . ס'איז טאַקע אַ גוטסקייט פֿון איר . .. די מיסיס קאָשעס וואָלט אויף איר געזאָגט, אַז זי איז אויך פֿון די "אַמאָליקע".
די מיסיס שאָר האָט מיר הײַנט געבראַכט אַ גאַנצן פּעקל. ערשטנס, אַ צודעק אויף מײַן בעט, און צווייטנס געפֿילטע פֿיש, און דריטנס אַ גאַנצן "בעג" קאַליפֿאָרניער עפּל. בלויז די שיינקייט פֿון יעדן עפּל איז ווערט כל הון דעלמא.
— דאָס האָט דיר געשיקט "ער", דער מיסטער מײַנער. — און די מיסיס שאָר האָט צו מיר אַ זשמורע געטאָן מיט אַן אויג, ווי דער שטייגער אירער, און האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן :
— רבֿקהלע, מיט מײַן מיסטער זאָלסטו נאָר קיין איבריקן גוט-לעבן ניט מאַכן. זע נאָר, ער האָט דאָך דיר געשיקט עפּל די שענסטע, וואָס מען קריגט . . .

---

139

איך האָב זיך גלײַך געשוואָרן אר דער מיסיס שאָר, אַז איך וועל מיט איר מיסטער קיין איבעריקן גוט-לעבן ניט מאַכן.
— עס געזונטערהייט, ער וועט דיר שיקן נאָך אויך. . . אַבי די צעפּ זאָלן דיר וואַקסן . . . און די מיסיס שאָר האָט מיך אַ צי געטאָן פֿאַרביידע צעפּ.
— ווילסטו האָך וויסן, ווי קומט הײַנט אינמיטן מיטוואָך געפֿילטע פֿיש? אויך אַ מעשה דערביי. צו מיר ברייגגט פֿיש אַ איד מיט אַ וועגעלע. שוין אַ יאָר אַכט, ניין, אַז ער בריינגט מיר פֿיש. הײַנט אינמיטן דערינען קומט ער אַראָפּ.
— אינמיטן דער וואָך? פֿרעג איך אים, וואָס עפּעס?
— פֿרעגט ניט, זאָגט ער, ס'איז ביליק, ס'איז גוט און ווען ניט וואָלט איך צו אײַך ניט געבראַכט. ס'איז פֿון מײַן אייגענעם יאַכט. . . .
— ער האָט אַזוי אַ יאַכט ווי איך האָב אַן עמפּייר סטעיט . . . אַ קיביצער . . .
— צו וואָס דאַרף איך אַזאַ גרויסן שלייען? האָב איך אים אַ פֿרעג געטאָן?.
— איר וועט עמיצן אַוועקגעבן, זאָגט ער, ווי ער וואָלט געווען באַלעבאָס איבער מײַן קעשענע, און ער איז שוין ניטאָ . . . אַוועק.
נו, דאָס מיינט ער פֿאַר רבֿקהן, האָב איך באַשלאָסן און אָט האָסטו געפֿילטע פֿיש . . .
"משיח", האָב איך אַ טראַכט געטאָן . . . דאַכט זיך מיר אויף אַן אמת, אַז עמיצער גיט אַכטונג אויף מיר אין ניו יאָרק. איך זאָל דאָ הועעריק ניט זײַן, איך זאָל עלנט ניט בלייבן, און ניט פֿאַרשעמט ווערן . . איך האָב זיך דערמאָנט וועגן "רעדן", ווי ער איז מיך געקומען נעמען צום "בענד", געבראַרט די "טיקעטס" . . . איך האָב זיך דערמאָנט וועגן דעם טשעק פֿון די פֿופֿצן דאָלער וואָס דער אַלטער מיסטער פֿישמאַן, אָדער ווי ער רופֿט זיך, מיסטער פֿיש, האָט מיר געבראַכט פֿאַר שיינפֿעלדן. און איך גלויב טאַקע, מען גיט אויף מיר "אַכטונג". ווער ווייסט? אפֿשר היט מיך דאָ די מאַמע מײַנע? מען זאָגט, אַז נשמות קענען פֿליען זייער ווייט . . . און אַריבערפֿליען דעם ים איז אַ

---

140

קלייניקייט אַנטקעגן דעם ריזיקן וועג פֿון דער ערד ביז צום הימל . . .
די רויטע עפּל האָב איך אַרויסגעלייגט אויפֿן טיש, לעבן די רויטע בלומען. דער טיש איז געוואָרן פֿריילעך.
— מיסיס שליוווקא, קומט עסן עפּל.
די לאָנדריניטשקע איז אַרײַנגעקומען. זי איז שוין געווען "אָפּסטערס", זי האָט זיך אַזש אַ כאַפּ געטאָן בײַם שטערן :
— וואָס פֿאַראַ שיינע עפּל . . . נעכטן האָבן בײַ דיר געבליט די רויזן און הײַנט זײַנען בײַ דיר פֿאַרטיק עפּל . . . רבֿקה, זאָלסט וויסן זײַן, עס איז דיר זייער גוט.
שפּעטער איז געקומען "רעד". איך האָב זיך געפֿילט, ווי אין אַ משפּחה. די לאָנדריניטשקע, די מיסיס שאָר, "רעד" און איך, אפֿשר איז דאָס טאַקע אַ משפּחה? אַז קיין אַנדערע איז נישטאָ, טאָ זאָל כאָטש זײַן אַזוי . . . דאָך בין איך ניט עלנט צווישן זיי.
"רעד" האָט מיך פֿאַרמסרט פֿאַר דער מיסיס שאָר, אַז איך וויל גיין צו מיסטער עדלשטיין בעטן אַרבעט.
— איט איז פֿוליש, אַי דאָנט לאיק דיס קיינד אָוו וואָרק . . . (דאָס איז נאַריש, איך האָב ניט ליב אַזעלכע אַרבעט), האָט ער געזאָגט.

מיסיס שאָר האָט מיך באַטראַכט און האָט געזאָגט : — ווען מיסטער עדלשטיין וואָלט ניט געגעבן קיין הונדערט קוואָדערס אויף גיין טאַנצן מיט רבֿקהן . . . איז אפֿשר ניט שלעכט ביי אים קריגן אַרבעט, "באָט ביקאָז" ער האָט געגעבן הונדערט קוואָדערס אויף גיין מיט איר טאַנצן, איז אפֿשר "רעד" געררעכט, דאַרף מען אים האָבן אויף כּפּרות מיט זײַן אַרבעט . . . זעט אויס אַז צו מיסטער עדלשטיין וועל איך שוין ניט גיין. אַז צווייען זאָגן שכור, דאַרף זיך דער דריטער לייגן שלאָפֿן.

מײַן מאַמע עה"ש האָט געהאַט אַ נאַטור, פֿלעגט איר זײַן שלעכט אויפֿן האַרצן —— פֿלעגט זי וויינען, פֿלעגט איר אָבער זײַן גוט אויפֿן האַרצן —— פֿלעגט זי ערשט וויינען . . . האָכט זיך, אַז דעם זעלביקן חסרון האָב איך אויך איבערגענומען. מען קען

---



זאָגן, ניט קיין שלעכטן טאָג געהאַט. אי אַ "רעיז" באַקומען פֿון דער מיסיס קאָשעס, אי עפּל פֿון מיסטער שאָר, און נאָך אַלע זאַכן, ווען אַלע זײַנען זיך צעגאַנגען און איך האָב זיך געלייגט שלאָפֿן, האָב איך זיך גאַנץ גוט אויסגעוויינט . . .

מאַרווין
12־טער אַפּריל.

מענדל פּושקאַרט האָט שוין פֿאַרק.אַכט אַ קאַשע. ערשטנס איז ער אַוועק און האָט געזאָגט דער טאַנטע און דעם אָנקל, אַז איך ווין אין "א שטאַל", דאָרט ווו עס ליגן די "באָנדלער" וועש, און אַז עס איז אַ רחמנות אויף מיר. און צווייטנס, אַז איך האָב געזאָגט, אַז צו דער טאַנטע קומען געסט, וועט זײַן ענגלער, און דערפֿאַר בין איך אַוועק . . .

די טאַנטע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן

— ווער איז ענגלער? וואָסערע געסט? און זי האָט לאַנג ניט געטראַכט און האָט אָנגעהויבן וויינען. אין אונדזער משפּחה איז דאָס אַזאַ "פּלאַמיט", אַבי וואָס, איז באַלד געוויינט . . . די מאַמע עה"ש איז אַזוי געווען, און איך בין אַזוי, און די טאַנטע, זעט אויס, האָט אויך אַזאַ פֿונק. מענדל פּושקאַרט האָט שוין דערזען, אַז ער האָט זיך אַביסל אויסגעגליטשט, האָט ער אַ דריי געטאָן דעם דישעל אויף צוריק :

אויף אַלע אידן צו זײַן אין אַמעריקע, וואָס איז דאָ פֿאַראַן צו וויינען? עס פֿעלט איר עפּעס? בלומען האָט מען איר אָנגעבראַכט און עפּל . . . און זי זעט אויס קיין עין הרע אַ "מיליאָן דאָלער".

די גאַנצע געשיכטע האָט מיר דערציילט ניט קיין אַנדערער ווי מענדל פּושקאַרט אַליין. ער איז אַ מאָדנער איד. איך פֿאַרשטיי גאָרניט, וואָס דער איד טראַכט זיך. ער האָט מיר דערציילט די מעשה און האָט געקוקט אויף מיר מיט אַזעלכע פֿריילעכע אייגעלעך, ווי ער וואָלט מיר געטאָן די גרעסטע טובה, און ניט ווי ער וואָלט פֿאַרקאָכט אַ קאַשע. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט אַ זאָג געטאָן :

— קום, די טאַנטע האָט הײַנט דיער גוטע "קוקיס",

---



וועסטו עסן בײַ דער טאַנטע "סאַפּער" און וועסט פֿאַרזוכן די "קוקיס".

— די טאַנטע האָט אײַך געבעטן מיך רופֿן?

— מענדל פּושקאַרט בעט מען ניט . . . מענדל פּושקאַרט ווייס אַליין וואָס ער האָט צו טאָן . . . און אַז איך זאָג דיר "קום", דאַרפֿסטו גאָרניט קלערן, און קום טאַקע !

הויב איך אים טאַקע ניט אָן צו פֿאַרשטיין . . . אַ איד אַ קאַרוסעל . . . אי סע דרייט זיך, אי סע שפּילט. פֿונדעסטוועגן בין איך מיט אים געהאַנגען.

ביי דער טאַנטע זײַנען טאַקע געווען גוטע "קוקיס". דער אָנקל האָט מיט מיר גאָר קיין גרויסע מחזקות ניט געמאַכט. ער האָט געלייענט די צײַטונג, האָט ער מיך לייענענדיק אַ רוף געטאָן :

— רבֿקה, קום אַהער, זעץ זיך לעבן מיר, איך וויל דיר ווייזן עפּעס אין צײַטונג. דער אָנקל האָט זעט אויס געוואָלט מען זאָל מיך ניט פֿרעגן קיין איבעריקע פֿראַגעס און האָט מיט מיר געלייענט די צײַטונג.

"די פֿאָליאַקן אַליין העלפֿן די אידן און ברענגען זיי געהיימערהייט שפּייז", האָט דער אָנקל געלייענט הויך.

— צדיקים געוואָרן, די פֿאָליאַקן, האָט מענדל פּושקאַרט געזאָגט, כ'אלטן זיי זײַנען צדיקים, ווען זיי האָבן געפֿירט מיטן סמיטשיק ! איז דעמאָלט האָט מען דעם יושר פֿאַרשלאָסן אין קאַסטן, נאָר איצט האָט מען דעם יושר אַרויסגעשלעפּט . . .

די טאַנטע האָט מיך אויפֿגענומען ווי אַן אמתן האָסט, זי האָט מיר צוגערוקט אַן עפּל און געגעבן "קוקיס" מיט "טי". נאָר מענדל פּושקאַרט האָט געטאָן זײַנס. ער האָט מיך געשיקט אָנגיסן פֿאַר אים אַ גלאָז טיי :

— רבֿקה, האָט ער געזאָגט, אַז דו דערלאַנגסט מיר אַ גלעזל "טי", האָב איך מער הנאה . . . ווי איך בין אַ איד . .

הײַנט האָט עס מיר אינגאַנצן ניט פֿאַרדראָסן, פֿאַרקערט, מיר האָט זיך געדוכט, אַז עס דאַרף גאָר אַזוי זײַן. אין

פיהאָקל שפּילן איז אָבער דעם פֿרייטיק צו נאַכט ניט באַשערט געווען, ווײַל מאַרווין איז אַרײַנגעקומען מיט זײַן חבר אייבן, און ביע

---

143

האָבן געטראָגן צײַטונגען אין די הענט, און בילע האָבן אויסגעשריען :
— "היר איט איז ! " (אָט איז דאָס !)
ווייזט זיך אַרויס, אַז מאַרווינס "פּיקטשור" איז דאָ אין צײַטונג און מען לויבט זײַנע "גערימס", און זײַן טאַנצן, און דעם קלוב זײַנעם "העפּי' אַוער". מאַרווין איז געווען אַזוי צופֿרידן, אַז ער האָט אַפֿילו ניט געוואָלט עסן. ער האָט אָנגעשטעלט די ראַדיאָ, געפֿונען מוזיק און האָט מיט אייבן צוזאַמען אָפּגעטאַנצט דאָס אמתע טענצל. מיסיס שאָר איז אַרײַנגעקומען און האָט צוגעפּאַטשט מיט די הענט. שפּעטער זײַנען געקומען סלמאַ, עדי, רוט און אַלע מיט די צײַטונגען אין די הענט. זיי האָבן לכבוד מאַרווינס "פּיקטשור" אויך אָפּגעטאַנצט אַ טענצל. די ראַדיאָ האָט געשפּילט און דער עולם האָט געטאַנצט, מען וואָלט געקענט מיינען, אַז מען פּראַוועט אין שטוב אַ חתונה.
דער אָנקל האָט געשמייכלט :
— איידע, מיר מעגן שוין פֿאַר אים בויען אַ בית המדרש, פֿאַר מאַרווינען . . .
די טאַנטע איז אויף אַן אמת אין כעס געוואָרן :
— "ווהאַט העפּנד טו יו?" וואָס איז מיט דיר? גאָט צו דאַנקען דער ,גבאַי" איז אַ ,גסוקסעס". אַ נפֿקא מינה פֿון וואָס מען מאַכט אַ לעבן? אַ בית המדרש דאַרף ער גאָר . . .
און מאַרווין האָט צוגעגעבן :
— "בעני גודמאַן מעיקס מאַני."
— בעני גודמאַן איז אַ קאָמפּאָזער, — האָט די טאַנטע אַרויסגעוויזן, אַז זי ווייס אויך עפּעס פֿון די שוואַרצע פּינטעלד.
— מען קען "מעיק מאַני" מיט "גערימס" אויך . . . "יו'ל ע,
און מאַרווין האָט לכבוד זײַן השערה, אַז ער וועט נאָך פֿאַרדינען, ווי בעני גודמאַן, טאַקע נאָכאַמאָל אָפּגעקנאַקט אַ טענצל. ער טאַנצט שיין מאַרווין, עדי קומט ניט צו אים, כאָטש עדי זאָגט, אַז מאַרווין היט ניט די "רולס" (די געזעצן).
שוין גאָר שפּעטלעך איז געקומען "רעד". "רעד" האָט אויך געבראַכט אַ צײַטונג מיט מאַרווינס "פּיקטשור".

---

144

— קאָנגראַטולעישאָנס ! האָט ער געזאָגט מאַרווינען. און מאַרווין האָט פֿאַר אים אויך אָפּגעטאַנצט אַ ריקודל.
אַז "רעד" איז אַרײַן, האָט זיך רוט אָנגעצונדן. זי איז עפּעס געוואָרן ווי אויסער זיך. זי האָט אָנגעהויבען טאַנצן מיט מאַרווינען, מיט עדין, און דערהאַך גערופֿן "רעדן", ער זאָל מיט איר טאַנצן.
"רעד" האָט זיך מיט איר אַ צווייטמאָל אַ דריי געטאָן און זיך אַוועקגעזעצט.
— יו'ר טייערד, — האָט ער אומבאַשטימט אַ מורמל געטאָן צו רוטן.
— "דאָנט וואָרי אַבאַוט מי", (זאָרג ניט וועגן מיר), האָט אים רוט אַרײַנגעזאָגט מיט ביטערקייט און מיט פֿאַרדראָס. "רעד" האָט איר עפּעס צוריקגעזאָגט אויף ענגליש, איך האָב ניט האַרשטאַנען וואָס, איך האָב בלויז געזען, אַז רוט האָט צוגעלייגט אַ האַנט צום שטערן און האָט מיט אַן איראָנישן שמייכל באַדאַנקט "רעדן".
עדי האָט בײַ מיר געפֿרעגט מײַן אַדרעס.
— איך וועל קומען צו דיר, רבֿקה, האָט ער געזאָגט. איך האָב אים ניט געוווסט, וואָס צו ענטפֿערן. זאָגן אים יאָ? איז צו וואָס האָב איך זיך אַרויסגעקליבן פֿון דער טאַנטעס? זאָגן אים ניין? איז ווי קען מען עפּעס אַזוי פֿאַרשעמען אַ מענטשן? און איך האָב אים געענטפֿערט : — געוויס עדי ! קום מיט סעלמאַן.
אָלרייט, האָט עדי אַ זאָג געטאָן און האָט זיך פֿון מיר אַוועקגעדרייט.
"אָלרייט", איז אַזאַ וואַרט, וואָס שטענדיק קומט עס צוניץ. "אָלרייט" מיינט טאַקע — גוט. און אַז מען זאָגט צווייטמאָל "אָלרייט, אָלרייט" מיינט עס : טשעפּע זיך אָפּ ! גענוג צו טומלען אַ קאָפּ ! "אָל-רייט" — מיינט אויך "איך פֿאַרשטיי זיך אויף דיר", און זעט אויס, אַז דאָס טאַקע האָט מיר געוואָלט זאָגן עדי, ווען ער האָט מיר אַן ענטפֿער געטאָן "אָלרייט".
"רעד" האָט מיך באַגלייט אַהיים.

---

145

— וואָס האָט געוואָלט פֿון דיר רוט? האָר איך אים אַ פֿרעג געטאָן.
— ,דאָנט טינק אַבאַוט איט", (טראַכט ניט וועגן דעם), רבֿקה, האָט מיר "רעד" געענטפֿערט, רוט איז גאָרניט צו מיר... איז דאָס אַן אמת, וואָס עדי האָט מיר געזאָגט, אַז "רעד', איז געגאַנגען מיט רוטן דריי יאָר מיט פֿיר

מאָנאַטן? און איצט זאָגט ער : "רוט איז גאָרניט צי מיר." נאָר איבערפֿרעגן אים, האָב איך ניט געוואָלט, עס האָט מיר עפּעס ניט געפּאַסט, און אגב טאָמער וועט "רעד" ניט וועלן ענטפֿערן?

"זיי"
14־טער אַפּריל.
עדי האָט לאַנג ניט געלאָזט אויף זיך וואַרטן. נעכטן, שבת, איז ער געקומען אינימטן דערינען, אקע אינימיטן העלן טאָג.
נאָכן שמועס מיטן פֿעטער, האָב איך זיך באמת געהיט, איך זאָל ניט טרעפֿן עדין. איך קום אפֿילו צום פֿעטער ניט אַריַין נאָך דער אַרבעט. דער אָנקל, ווען ער האָט מיט מיר גערעדט יענעם פֿאַרטאָג, כאָטש ער האָט ניט געוויינט, האָט זיך מיר שפּעטער אַלץ געדאַכט, אַז ער האָט פֿאַרשטיקט אַ געוורין. מען זאָגט, אַז מאַנצבילן קענען ניט וויינען, זעט אויס, אַז דאָס איז ניט אמת. איך האָב מיַין טאַטן זאָל געזונט זיַין, אויך קיינמאָל ניט געזען וויינען (ווער ווייסט, ווי איצט איז, אַז ער נעכטיקט נעבעך ביַי קראַסוליען אין שטאַל).
אַז עדי איז אַריַינגעקומען האָב איך זיך כמעט דערשראָקן, וויַיל געקומען איז ער אַליין אָן סעלמאַן, ווי איך האָב אים בפֿירוש געבעטן. נאָר אַז ער איז אַריַין, האָב איך באַמערקט, אַז ער ווייס ניט וואָס צו זאָגן, און מיר האָט אַ קלעם געטאָן דאָס האַרץ אויף אים.
— זעץ דיך, עדי — האָב איך אים געזאָגט און צוגערוקט דעם שטול. אַליין האָב איך זיך געזעצט אויף מיַין בעטל. איך האָב אים געגעבן אַן עפּל.
— עס, עדי אַן עפּל . . . פֿאַרוואָס איז ניט געקומען סעלמאַ?
עדי האָט מיר אויף דער פֿראַגע ניט געענטפֿערט. ער האָט

---

146

גענומען דעם עפּל און האָט זיך מיט אים געשפּילט, דערנאָך האָט ער אַ קוק געטאָן אויף די בלומען.
— ווער האָט דיר געבראַכט די "ראָוזעס"?
— "רעד" האָט געבראַכט.
— גוואַיאַי" ווילסטו ניט רבֿקה, אַז איך זאָל קומען צו דיר?
— עדי, איך וויל דו זאָלסט קומען מיט סעלמאַן, דו ווייסט דאָך עדי, סעלמאַ איז מיַין קוזינע . . .
—רבֿקה, פֿאַרוואָס קומסטו ניט צו דער טאַנטע, "אי'ם לאָנגינג . . . טו סי יו" . . . (איך בענק נאָך דיר).
— מיר האָט זיך געוואָלט זאָגן עפּעס עדין, אַז ער זאָל פֿריילעכער ווערן.
— זאָג, עדי, דו האָסט ליב געהאַט אַ סך מיידלעך?
— "נאַט טו מאַטש", (ניט צופֿיל), רבֿקה, באַט דיך גליַיך איך מער . . .
— איך בין ניטאָ אין ניו יאָרק, עדי, איך בין אין לובלין
און איצט, עס דעם עפּל, עדי. לאָמיר זען, ווער עס וועט גיכער אויפֿעסן . . . און איך האָב זיך גענומען עסן אַן עפּל אויף שנעל, אויף געוועט. עדי האָט זיך אויך אַ נעם געטאָן צו זיַינעם און מיר האָבן ביידע געגעסן און געלאַכט . . . אויף מיַין גליק איז אָנגעקומען די לאָנדריניטשקע. זי האָט אַ שטעק געטאָן דעם קאָפּ צו מיר אין צימער און האָט אַ זאָג געטאָן :
— זע נאָר ווי זיי עסן ביידע . . . אין איין געיעג . . . עס נעמט דאָך מיר אויך אָן אַ חשק.
איך האָב דער לאָנדריניטשקע אויך דערלאַנגט אַן עפּל און זי האָט זיך געזעצט אויפֿן בעט עסן. איך בין געווען זייער צופֿרידן, וואָס זי איז אָנגעקומען.
עדי האָט זיך אויפֿגעהויבן.
— "וועל", רבֿקה, דו וועסט קומען צו דער טאַנטע . . .
— זיכער, עדי, זיכער אַ גריס סעלמאַן.
— דענקס — האָט עדי געזאָגט און איז אַוועק.
די לאָנדריניטשקע, זעט אויס, האָט אַמאָל טאַקע געפֿירט אַ ליבע, וויַיל זי האָט באַלד דערקענט, אַז מיט עדין איז ניט אַזוי גלאַט :

---

147

— אַן אמתע "צוטשעפּעניש" — האָב איך געענטפֿערט.
— רבֿקה, זאָל דיך קיינמאָל ניט אַרן, אַז אַ יונגערמאַן זיפֿצט אַביסל . . .
איך האָב אָנגעהויבן לאַכן, וויַיל מיר איז זייער געפֿעלן געוואָרן, ווי זי זאָגט : "זיפֿצט אַריסל".
— זיי האָבן דערפֿון הנאה, האָט די לאָנדריניטשקע געזאָגט, און עס איז גלייכער, אַז "זיי" זאָלן זיפֿצן איידער דו . . . ביַי "זיי" איז דאָס אַלץ אַ שפּיל . . . עס אַרט "זיי" ווי דער קאָטער, פֿאַרמאַכט די טיר איז פֿאַרגעסן . . .
אויב אַזוי, האָב איך אַ טראַכט געטאָן איז דאָך די אַקטריסע אין די מוּוויס געווען גערעכט, זי מאַכט, אַז אַלע

זאָלן האָך איר "זיפֿצן" און זי "זיפֿצט" נאָך קיינעם ניט . . . קען דאָך זײַן, אַז מיט "רעדן" איז אויך אַזוי? און אפֿשר מיט לייזערן אויך? און איך האָב אַ זאָג געטאָן צו דער לאַנדריניטשקע :
— אויב אַזוי איז דאָך די וועלט קיין וועלט ניט . . .
די לאַנדריניטשקע האָט מיר ניט אַזוי שנעל געענטפֿערט, זעט אויס, אַז עס איז איר ניט גרינג געווען אויף דער מינוט צו בשליסן, אַז די וועלט איז טאַקע קיין וועלט ניט . . .
זי האָט זיך נאָך אַ ווײַלע געדרייט איבערן צימער, געזוכט אַן אָרט ווו אַוועקצולייגן דאָס שטיינגל פֿון דעם עפּל, וואָס איז בײַ איר געבליבן אין האַנט און האָט דערנאָך צו מיר אַ זאָג געטאָן .
— געוויס זײַנען פֿאַראַן אויסנאַמען, אָבער דאָס טרעפֿט זיך זייער זעלטן . . . אָט אַבראַשאַ איז געווען אַן אויסנאַם . . . און אַז מען לאָזט דורך אַזאַ פֿאַל, איז טאַקע אַ שאָד . . .
די לאַנדריניטשקע איז אַוועק, זי האָט זיך באַדאַרפֿט גיין "דרעסן", ווײַל שבת גייט זי אין די מוווים, און זי האָט גיט געוואָלט פֿאַרשפּעטיקן.

צוויי גוטע געסט
18־טער אַפּריל.
די מאַמע עה"ש האָט זייך מיר געחלומט די נאַכט. זי איז געקומען צו מיר אין דעם צימער טאַקע בײַ דער לאַנדרי-

---



— אַ צוטשעפּעניש? — האָט זי פֿריילעך אַ פֿרעג געטאָן. ניטשקע. זי האָט צוגערוקט דעם שטול צו מײַן בעט און האָט אַוועקגעשטעלט אַ קריגל וואַסער.
— דו וועסט זיך דערקוויקן, האָט זי מיר געזאָגט, און עס וועט דיר חלילה ניט פֿעלן גאָרניט . . . און זי איז אַוועקגעגנגען.
דער חלום איז געווען אַזאַ קלאָרער, אַז איך האָב זיך געוווּנדערט, ווען איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט, פֿאַרוואָס דאָס קריגל איז ניט געווען . . .
פֿאַרנאַכט, גאָך דער אַרבעט איז געקומען די טאַנטע. דאָס איז הײַנט געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי איז אַרײַן צו מיר. עס האָט מיך טאַקע געוווּנדערט די גאַנצע צײַט, וואָס די טאַנטע קומט ניט אַ קוק טאָן, ווו איך בין, און ווי איך בין . . . האָר, זעט אויס, אַז אַ טאַנטע איז גיט קיין מאַמע, די מאַמע איז טאַקע פֿריער געקומען, כאָטש אין חלום.
— געהאַט אַ "ביזי" וואָך, מיט מיטינגען, מיט "סעילס" און זיך אַלץ צו דיר טאַקע געוואָלט אויסקלײַבן — זי האָט מיר געבראַכט אַ סערוועטקע אויפֿן טישל, געקויפֿט אויף אַ "סעיל" . . .
די מיסיס שאָר האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט דיר געבראַכט אַ "קאָווער" (אַ צודעק), ווו איז ער, ווייז מיר . . .
איך האָב דער טאַנטע געוויזן דעם "קאָווער" און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די טאַנטע איז געקומען צוליב עפּעס אַנדערש, ווײַל אויב ניט, איז פֿאַרוואָס איז זי ביז איצט ניט געקומען?
— וואָס טוסטו? ווער קומט דאָ צו דיר? — האָט די טאַנטע מיך אויסגעפֿרעגט.
— די מאַמע מײַנע איז דאָ הײַנטיקע נאַכט געווען, זי האָט מיר געבראַכט אַ קריגל וואַסער און האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל זיך דערקוויקן — האָב איך געענטפֿערט דער טאַנטע.
— זײַ ניט קיין קינד, רבֿקה, אַ חלום איז אַ חלום, ווער רעדט עס וועגן אַ חלום אַזוי-אָ?
— "רעד" קומט אַמאָל אַהער? — האָט מיך די האַנטע ווידער געפֿרעגט, — ער איז אַ ווילער "באַי", איד בין צופֿרידן וואָס ער קומט צו דיר.
איך האָב מורא געהאַט, אַז די טאַנטע וועט מיך פֿרעגן וועגן עדין, און איך האָב אַליין ניט געוווּסט, וואָס וועל איך

---



איר זאָגן, אויב זי וועט פֿרעגן . . . דעם אָנקל וואָלט איך געוויס געזאָגט דעם אמת, אָבער די טאַנטע איז גאָר עפּעס אַנדערש . . . און פּונקט, ווי דאָס האַרץ זאָל מיר זאָגן, האָט די טאַנטע אַ פֿרעג געטאָן :
— האָסט געזען עדין די לעצטע צײַט?
אָט האָסטו זיך ! האָב איך אַ טראַכט געטאָן. און עס האָט מיך אָנגעהויבן האַקן אין האַרצן . . .
— כ'האָב אים געזען די טעג, האָב איך זיך ווי עס איז אויסגעדרייט פֿון דער טאַנטע און עס איז בײַ מיר געבליבן אַ פֿאַרדראָס, וואָס זי פֿאַרשט בײַ מיר.
— דו דאַרפֿסט זיך עפּעס צוגרייטן אַ נײַע ,אדרעס", מיר גרייטן זיך צו סעלמאַס "אינגעידזשמענט" (תּנאים) . . . האָט מיר די טאַנטע געזאָגט.
בײַ דער טאַנטע איז אַלץ סעלמאַ ! איך דאַרף האָבן אַ נײַע "דרעס" צוליב סעלמאַס "אינגעידזשמענט". צוליב סעלמאַן, דאַרף איך ניט זען עדין, צוליב סעלמאַן דאַרף איך ,אַרויסמופֿן", אַזוי קומט אויס בײַ דער טאַנטע, עס איז נאָך גוט, וואָס די נאַכט איז צו מיר די מאַמע עה"ש געקומען צו חלום און האָט מיר געבראַכט אַ קריגל

וואַסער, טאַקע פֿאַר מיר, אַז איך זאָל זיך דערקוויקן, און ניט פֿאַר סעלמאַן.
עס קען זײַן, אַז די טאַנטע האָט מיר דערציילט וועגן סעלמאַס תּנאים, כדאי איך זאָל וויסן, אַז מיט עדין איז ניט כדאי זיך צו טרעפֿן.
גוט וואָס "רעד" איז שפּעטער געקומען ! דאָס האָרע האָט מיר ווי געטאָן נאָך דער טאַנטעס אַוועקגיין, איך האָב זיך ווידער דערפֿילט הפֿקר אויף דער גרענד סטריט, דער עיקר דאַרף איך ניט טאָן קיין זאַך, וואָס קען שאַטן סעלמאַן . . .
— בײַ סעלמאַן וועט זײַן אַן "אינגעידזשמענט", האָב איך אָנגעזאָגט "רעדן".
— עדי האָט מיר גאָרניט געזאָגט וועגן דעם . . . "אַי'ם סורפּרייזד" . . . (אַ וווּנדער).
— די טאַנטע איז דאָ הײַנט געווען, זי האָט מיר געזאָגט, איך זאָל צוגרייטן אַ "דרעס".

---



"רעד" האָט, זעט אויס, ניט געהערט, וואָס איך האָב אים דערציילט. ער האָט געקוקט אויף אַ שעלכל, וואָס איז געשטאַנען בײַ מיר אויפֿן טיש. אין שעלכל איז געווען אַן אָפּגערויכערטער "קעמל" סיגאַרעט.
— דו רויכערסט, רבֿקה? — האָט מיך "רעד" אַ פֿרעג געטאָן.
— ניין, עדי איז דאָ נעכטן געווען . . .
— "וואַט אַבאַוט?" (וואָס וויל ער?)
— גלאַט געקומען זען מײַן "רום" . . .
"רעד" האָט זיך פֿאַרטראַכט.
— זעסטו, "רעד", האָב איך אים געזאָגט און געוויזן זײַנע רויזן אײַנגעטריקנט אין אַ בוד, זיי זײַנען געווען אַזעלכע שיינע, אַז איך האָב זיי געוואָלט אײַנטריקענען . . .
— דו ביסט אַ מאָדנע, רבֿקה, עדי האָט מיר געזאָגט, אַז דו האָסט אַ חתן אין לובלין. צוויי מאָל האָט ער דאָס שוין מיר געזאָגט. עדי קומט זען דײַן "רום", און דו היטסט די רויזן, וואָס איך האָב דיר געבראַכט . . . "רעד" האָט פֿאַרשאַרט די האָר אַרויף.
— נו, ווילסטו ניט איך זאָל זיי טריקענען?
— גיין, איך וועל דיר "אָלוועיז" ברענגען פֿרישע רויזן.
צוויי גוטע געסט האָב איך הײַנט געהאַט, די מאַמע, וואָס האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל זיך דערקוויקן מיטן וואַסער, און "רעד", וואָס האָט מיר צוגעזאָגט "אָלוועיז" פֿרישע רויזן . . .

אַזוי טוט מען אין לובלין
19־טער אַפּריל.
דאָס מיידל, וואָס קלייבט די "פּיסעס" בײַ מיסטער רובין אין "פֿעקטאָרי" האָט שוין אויף אַן אמת חתונה ! די מיסיס רובין האָט אָפּגערופֿן צו דער טאַנטע, און די בשורה איז מיר געקומען אָנזאָגן סעלמאַ :
— די "גוירל" האָט חתונה מיט די "פּיסעס" בײַ מיסטער רובין אין פֿעקטאָרי, האָט מיר סעלמאַ אָנגעזאָגט, די מיסיס רובין האָט "געגרונגען".

---



געקומען איז סעלמאַ ניט אַליין, נאָר מיט רוטן. רוט איז געווען אויסגעפּוצט אין אַ קורץ פֿוטערנע זשאַקעטעלע מיט אַ רויט קליידל, מיט אַ פֿוטערנע היטעלע מיט אַ רויטן פֿעדער. אין מײַנע אויגן האָט זי אויסגעזען, ווי אַ פּורים-שפּילער. רוט און סעלמאַ האָבן זיך געזעצט בײַ מיר אויפֿן בעט. רוט האָט אַרויסגענומען אַ קליין שפּיגעלע און האָט אין דעם אַ היפּשע ווײַלע אַרײַנגעקוקט :
— "יו נאָו" (דו ווייסט), האָט זי געזאָגט צו סעלמאַן, "מיי פּאַודער איז טו דאַרק" ! (מײַן פּודער איז צו-טונקל ! ), און זיי האָבן זיך ביידע אַרײַנגעלאָזט אין אַ שמועס אויף ענגליש. ביידע מיט די שפּיגעלעך אין די הענט. איך האָב אַ וואָרט ניט פֿאַרשטאַנען, אַזוי שנעל האָבן זיי גערעדט. סעלמא האָט אַ כאַפּ געטאָן די פֿיס אונטער זיך, די שאַרפֿע אָפּצאַסן פֿון אירע שיך האָבן אַרויסגעשטעקט. סעלמאַ און רוט האָבן איינע די אַנדערע געוויזן זייערע פּודער קעסטלעך, און זײַנען געווען זייער פֿאַרטאָן.
איך האָב ניט געוווסט וואָס צו טאָן מיט זיך, אויפֿנעמען
זיי האָב איך ניט געקענט, זיי זײַנען געזעסן, ווי אויף אַ וואַקזאַל, ווי דאָ זאָל קיין סימן פֿון קיין באַלעבאָסטע ניט זײַן . . . עפּעס האָט עס מיר אָנגעהויבן פֿאַרדריסן. וואָס איז מײַן בעט הפֿקר? אין לובלין פֿלעגט זיך קיינער אויף מײַן בעט ניט זעצן . . . אַ בעט דאַרף זײַן ווייס, פֿלעגט זאָגן די מאַמע עה"ש.
איך האָב זיי דערלאַנגט עפּל. זיי האָבן זיך, זעט אויס, געכאַפּט, אַז זיי זײַנען צו גאַסט און געפּרוּווטריידן צו מיר.
— דו שלאָפֿסט היר? האָט מיך סעלמאַ געפֿרעגט, ווײַזנדיק אויפֿן בעטל, ווו זיי זײַנען געזעסן. איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. אַז מיך פֿאַרדריסט עפּעס, איז מיר די שווערסטע זאַך —י ריידן, און איך בין שוין געווען זייער

בייז, איבערהויפּט אויף רוטן, נאָך וואָס איז זי געקומען? און ווער האָט זי געבעטן?
און אינמיטן דערינען האָט זי גאָר אָנגעהויבן ריידן וועגן די בלומען, טאַקע "רעדס" "ראָוזעס", וואָס זײַנען געשטאַנען אויפֿן טיש.

---

152

— "נייס ראַוזעס", (שיינע רויזן), האָט זי געזאָגט, און האָט זיך צאַצקענדיק די רויטע נעגל, אַ פֿרעג געטאָן :
— "ווער דו יו געט סאַטש נייס ראָוזעס"? (ווּ האָסטו באַקדמען אַזעלכע שיינע רויזן?).
מײַן מאַמע עה"ש פֿלעגט שטענדיק צו מיר האָבו טענות, וואָס איך ענטפֿער ניט צו דער זאַך, נאָר "קאַפּידריך". "דינע ענטפֿערס קלעפּן זיך ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט", פֿלעגט די מאַמע עה"ש זאָגן. איז איצט האָט זיך מיר אויך פֿאַרגלוסט רוטן ענטפֿערן "קאַפּידריך", און איך האָב איר געזאָגט : — יִי וואַקסן בײַ מיר אויפֿן טיש . . .
איך האָב איר געוויס געדאַרפֿט אַנדערש ענטפֿערן, עס קען זײַן, עס וואָלט איר ניט געשאַדט צו זאָגן, אַז קיינער האָט זי ניט געבעטן קומען אַהער, און אַז צו "גרינע" מעג מען אויך זײַן אַביסל איידעלער, ווי זי איז . . . און אַ סך אַנדערע זאַכן . . . האָר געזאָגט האָב איך גאָרניט . . . שטענדיק קומט צי מיר דער שכל אויף מאָרגן, נאָר אַזוויוי רוט און סעלמא האָבן זיך ניט געקליבן אַוועקגיין, פֿאַרקערט זיי זײַנען זיך געזעסן געקוקט אין די שפּיגעלעך און "געטשעבעטשעט", אויף ענגליש, אַזוי שנעל, אַז איך האָב אַ וואָרט ניט פֿאַרשטאַנען — האָב איך זיך מישב געוען, איך האָב אָנגעטאָן מײַן היטעלע מיט מײַן מאַנטל מיט מײַנע הענטשעקעס. מילא, זיי זײַנען אַזעלכע געסט, וואָס קוקן זיך ניט אַרום אויף מיר, דאַרף איך זיך ניט אַרומקוקן אויף זיי. אַזוי טוט מען אין לובלין, און איך האָב באַשלאָסן אַזוי צו טאָן אין ניו-יאָרק אויך.
— ווי שפּעט איז? האָב איך געפֿרעגט סעלמאַן.
— "יו העוו עי דעיט" (דו האָסט אַ ראַנדע-ווּ?) — האָט מיך רוט אַ פֿרעג געטאָן מיט איראָניע.
— ניין, איך גיי צו דער חופּה . . .
די מיידלעך האָבן זיך איבערגעקוקט, זיי זײַנען עפּעס געוואָרן אַזוויוי באַליידיקט . . און בײַ מיר, אַז איך הויב אָן ריידן "קאַפּידריך", קען איך זיך בשום אופֿן ניט איינהאַלטן. וואָס מען זאָל מיר ניט פֿרעגן, ענטפֿער איך קאַפּויר. די מאַמע עה"ש

---

153

פֿלעגט מיך דערפֿאַר קליינערהייט דערלאַנגען מיט אַ האַנטוך אויך.
סעלמאַ און רוט האָבן זיך אויפֿגעהויבן פֿון בעטל. איך האָב
אויסגעגלייכט דעם "קאָווער", אויפֿגעשלאָגן די קישעלעך, און געבראַכט אין אָרדענונג דאָס בעט.
— "עקסקיוז מי," איך האָב דיר "צעבראָכן" דעם "קאָווער" האָט סעלמאַ געזאָגט, און זי האָט זיך דערפֿילט ניט גוט.
— מער קיין בראָך זאָל ניט זײַן, האָב איך זי באַרואיקט, און מיר זײַנען אַלע דריי אַראָפּ אויף דער גאַס.
אַבי מיר זײַנען שוין אַוועק פֿון שטוב ! אַבי פּטור פֿון רוטן מיטן רויטן פֿעדער און מיטן שפּיגעלע !
— גוד באַי ! ", האָבן אויסגעזונגען טעלמאַ און רוט. מאָדנע, צי מען גייט אַוועק, ווי גוטע פֿרײַנט, אָדער ווי שואים, דעם "גוד מאַי" זינגט מען סיי ווי אויס, און מיט אַ שמייכל. איך האָב שוין אויך געוואָלט אויסזינגען מײַן "גוד באַי", איז פּלוצלונג אָנגעקומען "רעד". ער איז אָנגעקומען אין אַ סוודער, אָן אַ מאַנטל, אַזוי קומט ער לעצטנס אָפֿט. ער איז, זעט אויס, געוועזן פֿאַרוווּנדערט צו זען אונדז אַלעמען זאַלבעדריט, און ער האָט באַטראַכט יעדערע פֿון אונדז, פֿריער סעלמאַן, דערנאָך רוטן, דערהאָך מיך . . .
— "ווער אַר יו גאָאינג? " (וווּהין גייט איר?) — האָט ער אונדז אומבאַשטימט אַ פֿרעג געטאָן.
— "שי העז עי דעיט" (זי האָט אַ ראַניע-ווּ), האָט מיך רוט פֿאַרמסרט . . .
איך האָב געשוויגן, דאָס הארץ האָט מיר געקלאַפּט, "רעד" האָט מיך אָנגעקוקט, ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז עפּעס איז דאָ אַ שפּיל. מיר זײַנען אַלע געשטאַנען און געוואַרט, געוואַרט, ווּ יעדערער וועט גיין. סעלמאַ האָט געשמייכלט.
גוד באַי, האָב איך אַ זאָג געטאָן און געוואָלט ערגעץ גיין, אַבי אַוועקגיין.
— "ווער אַר יו גאָאינג" (וווּהין גייסטו? ), האָט רוט געפֿרעגט בײַ "רעדן" און האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויע פֿייערן אין די אויגן.

---

154

— "ווי העוו די דעיט טוגעטער" (מיר האָבן דעם ראַנדעווו צוזאַמען), האָט זיך "רעד" איינגעשטעלט פֿאַר מיר.
רוט איז רויט געוואָרן. זי האָט "רעדן" געזאָגט עפּעס אויף ענגליש, וואָס איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען.
— "אָקעי" ! האָט "רעד" געענטפֿערט און איז אַוועק מיט איך קען גיט האָרגעסן רוטס פּנים. די רויטקייט האָט

ביי
מיר.
איר דורכגעשלאָגן דורכן פּודער, און איז פֿאַרלאָפֿן אויפֿן שטערן און אויפֿן האַלדז. אין לובלין איז אַמאָל געווען אַ פֿאַל — י אַ פֿרוי האָט אָפּגעגאָסן אַ מיידל מיט "אַלעם", דערפֿאַר וואָס זי איז אַרומגעגאַנגען מיט איר מאַן. מיר דאַכט זיך, אַז רוט וואָלט מיך אָפּגעגאָסן מיט "אַלעם" ווען זי האָט עס אונטער דער האַנט, אַזאַ פּנים האָט זי געהאַט.
איך בין געווען צופֿרידן, וואָס "רעד" גייט מיט מיר, כאָטש מיר האָבןביידע געשוויגן. דאָס האַרץ האָט נאָך ביי מיר געקלאַפּט. ווען ניט "רעד", וואָלט איך געוויינט.
וואָס "רעד" האָט געטראַכט ווייס איך ניט, ער האָט גאַרניט געזאָגט, ערשט שפּעטער, ווען מיר זײַנען שוין געווען ביי דעם איסט ריווער האָט מיך "רעד" אַרומגענומען אַרום די אַקסלען און האָט מיר געזאָגט :
— "עווריטינג איז אָלרייט", (ס'איז אַלץ אין אָרדענונג), !עפּפּפ
איך האָב אים געוואָלט דערציילן, יוי רוט איז געקומען ניט געבעטענערהייט, און ווי זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט און צעקנייטשט מײַן בעט, נאָר איך האָב ניט געוווסט פֿון וואָס אָנצוהויבן, און איך האָב שוין בעסער גאָרניט דערציילט, האָר פּשוט נאָכגעזאָגט "רעדס" ווערטער :
— "עווריטינג איז אָלרייט ! " "רעד" . . .
מיר האָבן ביידע אָנגעהויבן לאַכן און "רעד" האָט מיך געשטראָפֿט אויף זײַן אידיש :
— ביסט ניט אַ מענטש, רבֿקה ! עווריטינג איז ביי דיר אַ לאַכן . . .
— אַ געלעכטער מיינסטו?
— יע, אַ געלעכטער . . .

155

אויפֿן איסט ריווער זײַנען הײַנט אויך אַרומגעשווומען ליכטיקע שיפֿן ווי הייזער, נאָר מיר האָט זיך געדאַכט, אַן אויב איך וועל מיט "רעדן" אַרײַן אין אַ שיף, וועט אַהין קומען רוט מיט אַ רייטן פֿעדער אין מיט גלאַנציקע נעגל און וועט זיך זעצן אויף מײַן בעט.
מאָדנע מיידלעך אין ניו-יאָרק . . . ווי שעמט זי זיך ניט קומען צו מיר אומגעבעטענערהייט. זעט אויס, אַז האָ איז דאָס ניט קיע חרפּה . . .

סדרים
22-טער אַפּריל
מאַרווין איז מיך געקומען רופֿן צום סדר.
— "די טאַטע און די מאַמע זאָגן, דו קומסט טו דהי סדר".
מאַרווין אַליין איז שוין געווען אויסגעפּוצט יומטובדיק. אַז עס קומט אַ יום טוב, זעט די טאַנטע אויס זייער ענלעך צו דער מאַמען עה"ש. אַז די טאַנטע בענטשט ליכט פֿרייטיק, זעט זי אויך אויס ווי די מאַמע, הײַנט צום סדר אויך אַזוי. אויפֿן טיש זײַנען געווען מצות, ווייַן איז געשטאַנען, כוסות, הגדות זײַנען געלעגן, און ליכט האָבן געברענט. כמעט, ווי אין לובלין, נאָר קיין היים איז דאָס פֿונדעסטוועגן ניט, אַבי וואָס הייסט מען אַוועקגייַן . . . און פֿאַראַיאָרן צום סדר אין לובלין איז אויך געווען אַ קנאַפּע שמחה, עס איז געווען די חתונ'קע, מיטן פֿעטער זיידל. באַלד נאָך קידוש איז געקומען צעלויפֿן נחומטשע, דעם פֿעטער זיידלס זון, די אויגן זײַנען ביי אים רויט גערוען :
— די רשעים האָבן דעם טאַטן געכאַפּט, גייענדיק פֿון בית המדרש און אים געשלאָגן מיט אַ דראָנג איבערן פּלייצע . . . פֿאַרוואָס? גאָרניט . . . זיי האָבן צו אים געטענה'עט פֿאַרוואָס ער גייט אונטערגעשאָרן די באָרד.
— זשידאָווי ניע וואָלנאָ, ראַבין ניע קאַזאַל (אַ ייִד טאָר ניט, דער רב הייסט ניט) . . און זיי האָבן אים דערלאַנגט עטלעכע מאָל מיט אַ דראָנג, ביז ער איז אַנידערגעפֿאַלן. דעמאָלט זײַנען די רשעים אַוועק און האָבן זיך געוויצלט : נאַ

156

פּשישלי ראָק, זשעבי סאָביע בראָדע אָטפּושטשיל . . . (אויף איבעראַיאָר זאָלסטו זיך פֿאַרלאָזן די באָרד . . .)
דעם פֿעטער זיידל האָט אויפֿגעהויבן אַ אידישער דאַראָזשקאַזש (פֿורמאַן) וואָס איז פֿאַרבייגעפֿאָרן און געבראַכט אים אַהיים, קיין געלט האָט ער ניט געוואָלט נעמען.
פֿאַר אַזאַ יאַזדע נעמט מען קיין געלט ניט, האָט ער געזאָגט, וועלכער ייִד איז דאָס באַוואָרנט פֿון אַזאַ יאַזדע? דער רבונו של עולם זאָל זיי געבן, זיי זאָלן פֿאַרזוכן אונדזער טעם, די צדיקים, האָט ער צוגעוווּנטשן און איז אַוועקגעפֿאָרן. "זיי" האָט ער דאָס געמיינט די שלעגער.
מיר האָבן איבערגעלאָזן דעם סדר אינמיטן און מיר זײַנען אַלע אַוועק צום פֿעטער זיידל, זען וואָס ער מאַכט. ער האָט זיך געפֿילט בעסער, מען האָט אים געלייגט קאָמפּרעסן צום פּלייצע. דעם סדר האָבן מיר פֿאַרענדיקט שפּעט ביינאַכט, בײַם "שפֿוך חמתך" האָט אונדז דער טאַטע געהייסן זיך אויפֿשטעלן. מיר האָבן זיך אַלע גוט

אויסגעווײנט. בײַם טאַטן זײַנען אין די אויגן קײן טרערן ניט געווען, נאָר די ליפּן האָבן בײַ אים געציטערט, אַז מען האָט קוים געהערט די ווערטער.

‏אָט אַזאַ "פֿרײלעכער" איז געווען אונדזער סדר פֿאַראיאָרן נאָך פֿאַר דער מלחמה אין לובלין.

‏אַז מאַרווין איז אַ גאַנצער למדן האָב איך ניט געוווּסט. ער האָט געפֿרעגט דעם אָנקל די קשיות און האָט זײ פֿאַרטײטשט אויף ענגליש. אמת, בײַ דער צווײטער קשיא האָט שוין אים דער אָנקל באַדאַרפֿט אונטערשטופּן, און ער איז געווען באַגאָסן מיט שווייס, און ער האָט הויך אָפּגעזיפֿצט, ווען ער האָט פֿאַרענדיקט פֿרעגן, טאַקע פּונקט אַזוי, ווי ער זאָל נאָר וואָס אַלײן אַרויס פֿון מצרים. דער אָנקל האָט געזאָגט די הגדה, די טאַנטע האָט אויך געשעפּטשעט פֿון אַן הגדה'לע אַרויס, און מאַרווין האָט געמאָלן גיך און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער קען זאָגן גיך די עברי.

‏— "איל בעט יו טען דאָלערס" (איך וועט זיך אין צען דאָלער), אַז ער ווייס ניט די "וואָירדס" (ווערטער), האָט סעלמא לכבוד פּסח גערעדט אויף אידיש. איך האָב געוואָלט נאָכזאָגן די

---

157

‏הגדה, נאָר איך האָב ניט געקענט. איך האָב אַלץ געטראַכט, ווי זעט אויס איצט דער סדר בײַ מײַן טאַטן, אין לובלין, בײַ קראַסוליען אין שטאַל, און ווו איז דער פֿעטער זײדל. אַלע זײַנען דורכגעגאַנגען פֿאַר מײַנע אויגן, אפֿילו די מאַמע עה"ש מיטן קריגל וואָסער, ווי איך האָב זי געזען אין חלום. ניו-יאָרק איז געוואָרן לובלין, און לובלין האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט קײן ניו יאָרק. אַ טעלעפֿאָן האָט אונדז אַלעמען איבערגעשלאָגן :

‏— מיסטער עדלשטײן? פֿון לאָנג אײלאַנד? — האָט די טאַנטע איבערגעפֿרעגט.

‏בײַם טיש איז געוואָרן אַזאַ ערד-ציטערניש, אפֿשר ניט קײן קלענערע, ווי פֿאַראיאָרן, ווען מען האָט אונדז בײַם סדר אָנגעזאָגט, אַז די רשעים האָבן געכאַפּט דעם פֿעטער זײדל. דער אָנקל איז צוגעגאַנגען צום טעלעפֿאָן. געגעדט האָט, זעט אויס, ניט מיסטער עדלשטײן אַלײן, האָר עמיצער פֿון זײַנע אָנגעשטעלטע. אַז דער אָנקל האָט אים געזאָגט, אַז הײַנט איז פּסח, דער ערשטער סדר, די אידן זײַנען אַרויס פֿון "אידזשיפּט", האָט יענער זעט אויס, עפּעס איבערגעפֿרעגט, און דער אָנקל האָט אים געענטפֿערט :

‏— "יעס, דזשאָסט טאָדעי" (יע פּונקט הײַנט).

‏דער אָנקל איז צוריקגעקומען צום טיש, מען האָט אויף שנעל אָפּגעזאָגט די הגדה. דער אָנקל האָט זיך געזעצט צוגרייטן די נויטיקע פּאַפּירן, ער דאַרף זײַן מאָרגן גאַנץ פֿרי בײַ מיסטער עדלשטײן וועגן אַן "אינשורענס" פֿאַר זײַן פלימעניק, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פֿון בעסאַראַביע. בײַם טיש האָט מען זיך איבערגערעדט :

‏— וואָס עפּעס אינמיטן דערינען?

‏די טאַנטע האָט געכאַפּט אַ קוק אויף מיר :

‏— אפֿשר ווײַל נאָכן באָל, אַ לובלינער . . .

‏— קען זיע . . .

‏מאַרווין, וואָס איז אַ פּשוטער חי וקיים, כאָטש זײַן פּיקטשור איז געווען אין די "פּעיפּערס", האָט געזאָגט, האָס וואָס אַלע האָבן געטראַכט און איך אויך :

‏— "דאַטס ביקאָז הי גײווו האַנדרעט קוואָדערס" (ווײַל ער

---

158

‏האָט געגעבן הונדערט קוואָדערס), טאַנצן אַ קאַראַהאַד מיט רבֿקהן . . .

‏— וואָס אים פֿאַלט איין ! האָט אים די טאַנטע איבערגעשלאָגן . . . און איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז עס קען זײַן, "רעד" איז טאַקע געווען גערעכט . . .

‏עס איז שוין סיי ווי געווען בקיצור מיטן סדר. און אַז עס זײַנען געקומען מענדל פּושקאַרט מיט דער פּושקאַרטע, האָט מען זיך געזעצט שפּילן אין אַ פּינאָקל, ווי אין אַ פּראָסטן פֿרײטיק צו נאַכט, און מאַרווין מיט סעלמאַן זײַנען אַוועק אין די מוּוויס. איך בין אַוועק "אַהיים", שלאָפֿן האָב איך ניט געקענט. אַלץ האָט זיך בײַ מיר אויסגעפּלאָנטערט אין קאָפּ. דער טאַטע בײַ קראַסוליען. מיסטער עדלשטײנס טעלעפֿאָן. מאַרווין, סעלמא, "רעד", ניו-יאָרק און לובלין, שווער צו אַנטשלאָפֿן ווערן, ווען מען טראַכט פֿאַראַמאָל וועגן אַזױפֿיל זאַכן.

דער קריג

26־טער אַפּריל.

‏זינט דער טאַטע האָט מיר געשריבן, אַז ער וווינט בײַ קראַסוליען אין שטאַל איז בײַ מיר געוואָרן אַ שטענדיקע שרעק : וואָס איז מיט אים? איך וויל זייער וויסן וואָס טוט זיך דאָרט אין לובלין? וואָס טוט מען דאָרט מיט מײַן טאַטן און מיטן ברודער? אין די צײַטונגען איז געווען, אַז מען שיקט אַלע יונגע מענער אַוועק פֿאַר שקלאַפֿן קײן דײַטשלאַנד. איך בין אַוועק מיט דער טאַנטע אויף אַ מיטינג פֿון דער לובלינער "לײדיס אייד סאָסייעטי", אפֿשר האָט עמיצער פֿון זײ בריוו, אפֿשר וויסן זײ מער פֿון מיר.

דער מיטינג איז געווען ניט קיין מיטינג, נאָר פּראָסט פּשוט אַ מלחמה. אַ נס די לובלינערקעס האָבן ניט קיין
האַרמאַטן, ווען ניט וואָלטן זיי זיך, חס ושלום, געשאָסן אויך. די מיסיס טקאַטש האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון זײַן
פּרעזידענטין. זי "ריזיינט" (רעזיגנירט), ווײַל די מיסיס ראַבקין, די ווייס פּרעזידענטין, האָט אַליין אָנגעשריבן אַלע
דאַנק בריוו צו די איינטיילנעמער פֿון באָל, צו אַלע "קרעפֿטן" און זי האָט זיך אַליין אויף די בריוו
אונטערגעשריבן,

---

159

אָן אַ מיטינג, אָן אַ באַראַטונג, גלאַט גענומען און אָנגעשריבן די דאַנק בריוו, און זיך אַליין אונטערגעחתמעט.
די מיסיס טקאַטש איז געווען אַזוי אויפֿגעבראַכט, אַז די שטים האָט בײַ איר געציטערט. — ווען ניט איך וואָלטן
מיר קיינמאָל ניט "געקריגן" מיסטער עדלשטיין צום באָל. איך האָב אים אָפּגערופֿן, מיר האָט ער צוגעזאָגט
קומען, און איז טאַקע געקומען . . . ווער וואָלט עס געקענט באַווייזן?
ביי דער מיסיס טקאַטש זײַנען געשטאַנען טרערן אין די אויגן :
— "איט איז נאַט סופּאָזד טו בי סאָ", (עס דאַרף אַזוי ניט זײַן), האָט זי גערעדט . . . און האָט געדרייט מיטן קאָפּ
אויף ניין. די מיסיס ראַבקין, די ווייס פּרעזידענטין, האָט "עקספּלעינט", (ערקלערט), אַז די אינוויטעישנס דאַרף
מאַכן די פּרעזידענטין, אָבער די דאַנק בריוו דאַרף שרײַבן די ווייס-פּרעזידענטין, "דאַטס די רול", (אַזוי פֿירט זיך),
האָט זי געזאָגט.
— וואָס איז אַזאַ גליק, אַז איך האָב געקראָגן אַ בריוו פֿון מיסטער עדלשטיין? "וואַט'ס די מעטער? " (וואָס איז
דער מער?) מען קען אָנשרײַבן נאָכאַמאָל דאַנק בריוו אין נאָמען פֿון דער פּרעזידענטין "ספּעשל" . . .
— נאָ, איט איז נאַט סופּאָזד טו בי", האָט געטענהט די מיסיס טקאַטש. און פֿון מיסטער שאַמוט איז אויך
אָנגעקומען אַן ענטפֿער אויפֿן נאָמען פֿון דער מיסיס ראַבקין, און פֿון דער פֿידלשפּיעלירן אויך.
די מיסיס ראַבקין איז געווען רויט, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ היץ שלאָגט פֿון איר. זי האָט זיך געבלאָזן און
געשריען :
נו, בין איך גליקלעך געוואָרן פֿון די בריוו? וואַט'ס די מעטער?
די טאַנטע האָט זיך אַרײַנגעלייגט אין אַ שלום : זי איז געפֿאַלן אויף אַ פּלאַן, מען זאָל מיסטער עדלשטיין און
מיסטער ש.אַמוט באַשטימען פֿאַר ערן-מיטגלידער און די מיסיס טקאַטש, אַלס פּרעזידענטין, זאָל זיי וועגן דעם
פּערזענלעך "מיטטיילן" אַזוי האָט זי געזאָגט די טאַנטע "מיטטיילן".
עס האָט שוין כמעט געהאַלטן בײַ אַ שלום, דער טאַנטעס עצה

---

160

האָט גערעדט צו אַלעמענס הערצער, כאַפּט זיך אַרויס די מיסיס רובין און גיט אַ וואָרף אַרײַן אַ שטיין. מען קען
ניט אין אַ "ליידיס סאָסייעטי" אַרײַננעמען מענער פֿאַר ערן-מיטגלידער . . . זיי וועלן זיך נאָך באַליידיקן, וועט זיע
אַ שיינע חתונה . . . דאָס האָט ווידער גערעדט צו אַלעמענס הערצער, און די מיסיס טקאַטש האָט געזאָגט :
— "וואַטס די יוז? אַי ריזײַן, ענד דאַטס אָל" (צו וואָס טויג עס? איך רעזיגניר און גאָר !) און זי איז געוואָרן אויס
פּרעזידענטין.
דער מיטינג האָט געדויערט ביז שפּעט אין דער נאַכט. די פֿרויען האָבן געהאַט אַזויפֿיל "טראָבל", אַז איך האָב
זיך בײַ זיי גאָרנישט געקענט דערוויסן, וואָס פֿאַר אַ בריוו זיי קריגן, און וואָס עס הערט זיך אין לובלין. דין פֿרוי
בלויז האָט מיר געזאָגט, אַז איר משפּחה האָט מען אינגאַנצן אַוועקגעשיקט אין ערגעץ און זיי שרײַבן, אַז זיי ווייסן
ניט ווו זיי וועלן זײַן . . . צוויי טרערן זײַנען בײַ איר אַראָפּגערונען, זי האָט זיי אָפּגעווישט און אָפּגעפּודערט דאָס
פּנים.
די פֿרויען האָבן אָנגענומען אַ "רעזאָלושן", אַז די מיסיס טקאַטש ווערט "געדרעפֿטעט" (מאָביליזירט) אויף צו
בליבן פּרעזידענטין.
— זי וועט זיך איבערבעטן . . . האָט מיסיס ראַבקין שטילערהייט אַ זאָג געטאָן צו דער טאַנטע, זי וועט זיך
איבערבעטן, מען זאָגט זיך ניט אָפּ אַזוי שנעל . . . וועט אַריבער נאָך אַ מיטינג . . . וואָס דען? מען האָט ניט
באַדאַרפֿט שיקן קיין דאַנק בריוו? וואָס פֿאַר אַ טעטיקייט וואָלט עס געווען?
דערווײַל איז די ליידיס סאָסייעטי געבליבן אָן אַ פּרעזידענטין, און איך בין געבליבן אָן ידיעות וועגן לובלין.

דער ערשטער טאָג אין שאָפּ
2-טער מאַי.
מיסטער רובין איז געווען גערעכט : מען דאַרף קענען גוט
ענגליש, ווען מען גייט קלײַבן די "פּיסעס" בײַ אים אין "פֿעק-
טאַרי". די מיידלעך, די אַפּריטערקעס ריידן עפּעס אַזאַ מאָדנע

---

161

לשון, וואָס איך האָב נאָך אויף מײַן לעבן ניט געהערט. זיי גיבן אַ מאָלשפּ עטלעכע ווערטער און מען דאַרף
וויסן וואָס זיי מײַנען, הײַנט גיי ווייס, אַז מען פֿאַרשטייט ניט וואָס זיי "מאָלן".
איינע אַ שוואַרצינקע, אַ קליינינקע, אַ דאַרינקע, אַ ברעטעלע ניט קיין מיידל, מערי הייסט זי, מאָלט גאָר ווי אַ
ווינט-מיל. ווי קען דאָס אַ מענטש אַזוי שנעל ריידן? גיט זי עפּעס אַ מאָל און איך דערהער דאָס וואָרט "וואָסער".
בין איך שוין צופֿרידן, הייסט דאָס, אַז זי וויל אַביסל וואַסער. (און עס איז טאַקע געווען אַ הייסער טאָג, כאָטש
עס איז איצט אָנהויב מאַי). גיי איך גלײַך און ברענג איר אַ גלאָז וואַסער. גיט זי אַ קנייטש מיט די אַקסלען און
גיט ווײַטער עפּעס אַ מאָל און ווײַטער הער איך דאָס וואָרט "וואָסער". בלייב איך שטיין און ווייס ניט וואָס צו טאָן
מיט זיך. זי וויל ניט קיין וואַסער, צו וואָס זשע דאַרף זי "וואָטער? " ערשט דאָס דאַרינקע ברעטעלע גיט זיך אַ
הויב און גייט אין אַלדי שוואַרץ יאָר אין אַ ווינקל, און נעמט אַ קאַן מיט וואַסער מיט אַ שפּריצער און באַשפּריצט
אַרום איר מאַשין. דער שטויב שטערט זי . . . "דאָסט". און זי גיט אַ שטעל דעם קאַן און זעצט זיך אַרבעטן,
ברוגז די ליאַלע. איך האָב אַוועקגעטראָגן דעם קאַן, ווייס איך שוין, אַז "וואָטער" מיינט דעם קאַן מיט וואַסער,
באַשפּריצן הייסט עס אַרום דער מאַשין. נו האָט איינע געבעטן וואַסער צום טרינקען, האָב איך אומזיסט
געשלעפּט דעם קאַן, יענע וויל טאַקע אַ טרונק... עס איז מיר פּשוט געווען אַ חרפּה ווי איך האָב זיך
אַרומגעיאָגט איבער דער "פֿעקטאָרי" פֿאַרשוויצט און צעטומעלט, און די מיידלעך רופֿן מיך די אַהין, און די
אַהער. זעט אויס, אַז זיי האָבן דערטאַפּט, אַז איך בין אַ גרינע, איז געווען איין רופֿעניש נאָך דער אַנדערער. איך
האָב געמיינט איך פֿאַל אַוועק. עס האָט זיך מיר שוין געוואָלט נעמען האַק און פּאַק און גיין צוריק צו דער מיסיס
קאָשעס אויסנייען די "פֿלאַווערס", נאָר איך האָב זיך דערמאָנט, ווי מיסיס רובין האָט מיר אַמאָל געזאָגט :
— אַוועקגיין איז גרינג, גיין, חלילה, צוריק איז זייער שווער. אַ נס די פֿאָרליידי האָט מיך אַביסל באַרואיקט. זי איז
אַן עלטערע פֿרוי, דאַכט זיך מיר אַ אידישע. קיין אידיש רעדט זי אַפֿילו ניט, נאָר די נאָז איז בײַ איר אַ אידישע. זי
האָט מסתם

---

162

באַמערקט, ווי איך בין פֿאַרשוויצט און צעטומלט און זי האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן :
— טעיק איט איזי (נעם זיך ניט איבער) . . . און זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט : ניו-יאָרק
קערט זיך ניט איבער . . . אַ זייגער איינס זײַנען די אַפּרייטערקעס אַראָפּ אויף "לאַנטש" און איך בין אויך אַראָפּ.
עסן האָב איך ניט געקענט, עס איז מיר געווען הייס און דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרייט. איך האָב גענומען אַ
"קאָפּ קאָפֿע". בײַ מײַן טישל האָט זיך צוגעזעצט אַ מיידל פֿון אונדזער "שאַפּ". איך האָב זיך זייער פֿאַרוווּנדערט,
זי האָט צו מיר אָנגעהויבן ריידן אויף אידיש.
— דו ביסט איצט געקומען?
— יע, ניט לאַנג.
— אַ "רעפֿיודזשי"?
— יע.
— דו פֿאַרשטייסט ניט קיין ענגליש?
— זייער וויניק . . .
— דאָס מאַכן זיי אַ "דזשאָק" (אַ שפּאַס), וואָס זיי רופֿן דיך אַלע ווײַלע. זיי טוען אַזוי מיט אַלע נײַע, מען גיט זיי
"די העל" (דעם גהינום).
— וואָס גיט מען זיי?
— מען מאַטערט זיי . . .
— "ביקאָז" (ווײַל) זיי זײַנען "נײַע", דאָס איז אַ "דזשאָק", "דאַטס אָל" (דאָס גאָר).
דאָס איז, הייסט עס, אַזאַ נײַער סאָרט חבוט הקבר. גלאַט מען מאַטערט אַביסל, ניט פֿאַר קיין זינד.
מיסטער רובין איז הײַנט אין "פֿעקטאָרי" ניט געווען, אפֿשר וואָלט ער זיך אָנגענומען פֿאַר מיר, און אפֿשר איז
גלייכער, וואָס ער איז ניט געווען. געקומען אַהיים בין איך אַן אויסגעמאַטערטע, די "לאַנדרינישקע" האָט מיר
געגעבן אַן אַספּירין.
— שווערע אַרבעט?
— ניין, די אַפּרייטערקעס מאַכן "דזשאָקס"
— נעם אַן אַספּירין האָט זי געזאָגט, אַמעריקע מוז מען

---

163

איינעמען די ערשטע צײַט מיט אַספּירין, עס וועט דיר ווערן גרינגער.
מענדל פּושקאַרט איז גראָד אַרײַנגעפֿאַלן. ער האָט געזען, ווי איך ליג אויפֿן בעטל אַ מידע, און ער האָט
אָנגעהויבן ריידן — אַז איך בין געקומען קיין אַמעריקע פֿלעגט מען אַרבעטן פֿערצן שעה אַ טאָג און אַז מען

פֿלעגט ענדיקן פֿלעגט מען נאָך איצט גיין עפּעס צו-פֿאַרדינען. אין אַמעריקע ציילט מען ניט די שעהן און מען מעסט ניט קיין קאָפּ ווייטיק.

יעדערער זאָגט עפּעס אַנדערש וועגן אַמעריקע. די לאַנדריניטשקע זאָגט, אַז מען האָדף זי, די אַמעריקע, איינענעמען די ערשטע צײַט מיט אַספּירין, און מענדל פּושקאַרט זאָגט, אַז מען מעסט דאָ אינגאַנצן ניטן קיין קאָפּ ווייטיק . . . עס קען זײַן, אַז מענדל פּושקאַרט איז גערעכט, אַז מען ווערט מיד אַביסל, דאַרף מען זיך באַלד איבערנעמען? עס איז אפֿשר גאָרניט שווער . . . מיר דאַכט זיך בלויז . . . און מיר האָט ווידער פֿונדעסטוועגן אַ קלעם געטאָן אין האַרצן, מיר ה.אָט זיך ווידער געדאַכט, אַז איך בין הפֿקר אויף גרענד סטריט. צי וועל איך דאָס אויסהאַלטן? וואַר וועט זײַן מיט מיר? איך ווייס ניט. איך ווייס גאָרניט.

ניסים

5-טער מאַי.

די מיסיס שאָר האָט מיר הײַנט געבראַכט אַ בריוו פֿון לייזערן.

— נאָך נעכטן איז דער בריוו אָנגעקומען, האָט די טאַנטע געזען, אַז עס איז ניט פֿון לובלין האָט זי געזאָגט : עס וועט ניט קאַלט ווערן ביז מאָרגן. אַ פֿיינקייט פֿון דער מיסיס שאָר, וואָס זי האָט מיר געבראַכט דעם בריוו.

— "איך ווייס, אַז אַמאָל קען מען אויף אַ בריוו וואָס איז ניט פֿון דער היים, וואַרטן נאָך מער ווי אויף אַ בריוו פֿון דער היים", אַזוי האָט די מיסיס שאָר אַ זאָג געטאָן און האָט אַ זשמורע געטאָן מיט אַן אויג, ווי זי טוט עס אָפֿט.

---

164

לייזער שרײַבט מיר : "איך בין געקומען קיין א"י מיט נסים, און אַרויסגעהאָלפֿן האָט מיר מײַן גאָלדענער זייגער, אָט דער זייגער טאַקע, וואָס דו פֿלעגסט אויף אים זאָגן, אַז גאָלד איז ער, אָבער קיין זייגער ניט. אָט דער זייגער איז געפֿעלן געוואָרן האָנטשיקן. געדענקסט האָנטשיקן? דעם כל בוניק, וואָס האָט גדינט פֿאַר אַ סטרוזש אין פּאָטשט? מאַכט צו מיר דער האָנטשיק :

— דו ווילסט אַוועקפֿאָרן פֿון לובלין?

איך האָב אים מורא געהאַט זאָגן יאָ, מאַלע וואָס דער האָנטשיק קען אָפּטאָן? אָבער ער פֿאַרשטייט אַליין, אַז איך וויל אַוועקפֿאָרן, וואַרט ער גאָרניט אויף מײַן ענטפֿער, ער שטייט און קוקט אויפֿן גאָלדענעם זייגער.

— ער גייט דער זייגער? פֿרעגט מיך האָנטשיק.

— וואָס הייסט ער גייט? ער לויפֿט . . . קיין ליגן האָב איך אים געזאָגט, ווי דו ווייסט. און דער האָנטשיק זאָגט צו מיר

— גיב מיר דעם זייגער, וועל איך דיך ברענגען קיין רומעניע.

ווען האָטשיקן זאָל זיך פֿאַרגלוסטן גלאַט צונעמען מײַן זייגער, וואָלט אים עפּעס שווער געווען? איך וואָלט אים געגאַנגען פֿאַרקלאָגן פֿאַרן דײַטשישן גענעראַל? און דער האָנטשיק פֿילט זיך ניט און זאָגט עס מיר . . .

— ווען איך וויל, זאָגט ער, קען איך בײַ דיר צונעמען דעם זייגער פֿאַר גאָרניט. נאָר, זאָגט ער, איך בין אַ "פּאָלסקי אוזשענדניק" (אַ פּוילישער באַמטער) און איך טו ניט אַזעלכע זאַכן. ביסט געווען אַ זעלנער אין דער פּוילישער אַרמיי? נעם מיט דײַנע פּאַפּירן, און איך וועל דיך ברענגען קיין רומעניע.

אין אָוונט האָט מיך האָנטשיק גענומען אויף אַ שפּאַציר ביז ביאַלע גניאַזדאָ, און דאָרט האָט ער מיך גענומען אויף אַ וואָגן. מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט אין והאָלד ביז פֿאַרטאָג און פֿאַרטאָג האָט ער מיך געבראַכט, מיינסט ווּהין? אפֿשר קיין רומעניע, ניין, קיין אָסטראָדראָגע.

---

165

— גיב מיר דעם זייגער . . .

— עס איז דאָך נאָך ניט רומעניע . . .

— דאָ שטייט נאָך פּויליש מיליטער, וועסט מיט זיי אַוועקגיין קיין רומעניע. זיי וועלן אַנטלויפֿן, האָט ער נביאות געזאָגט.

איך האָב אים אָפּגעגעבן דעם זייגער. האָנטשיקס נביאות איז מקוים געוואָרן. איבערן וועג האָבן זיך געשלעפּט מיליטערישע אָפּטיילונגען, באַוואָפֿנטע און ניט-באַוואָפֿנטע. איך בין מיט זיי אַריבער די גרעניץ. צוויי טעג האָב איך ניט געזען קיין שטיקל ברויט, די קני האָבן זיך ניט געוואָלט בויגן, און די בלאָטע איז געווען אַזאַ טיפֿע, נישט אַרויסצוקריכן. איך בין אַנידערגעפֿאַלן און אויפֿשטייענדיק דערפֿילט, אַז איך קען ניט גיין. זעט אויס זיך אַ פֿוס אויסגעלונקען אָדער געקראָגן אַ קלאַפּ אין קני. דער רומענישער קאָנוואָי, וואָס האָט אונדז געפֿירט, האָט זעט אויס ניט געהאַלטן, אַז אַ פּוילישער זעלנער איז אַ גרויסע מציאה, און ער האָט מיך פּשוט איבערגעלאָזט אויפֿן וועג. ער האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן אַ נאָמען פֿון אַ דאָרף, צי פֿון אַ שטאָט, און זיי זײַנען אַוועק . . . זיץ איך אַליין אין דער גרויסער בלאָטע, מיט אַ קראַנקן פֿוס און איך טראַכט איין זאַך : ווי קען איך זיך ראַטעווען? — אַז איך בין אָפּגעלעגן אַזוי אַ שעה, אָדער צוויי, אָדער מער, אָדער ווייניקער, ווער קען וויסן? מײַן זייגער איז דאָך שוין געווען בײַ האָנטיטיקן, און סיי ווי איז געווען פֿינצטער, עס וואָלט מיר מײַן זייגער אויך ניט געהאָלפֿן — האָב איך

דערהערט — מענטשן גייען צופֿוס. זעט אויס, אַז נאָך אַן אָפּטיילונג פּוילישע זעלנער זײַנען אַריבער די גרעניץ. איך האָב אָנגעהויבן שרייען. איך האָב געשריען און זיי זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען . . . איך האָב זיך נאָכגעשאַרט אויף אַלע פֿיר. איינער פֿון רומענישן קאָנוואָי האָט, זעט אויס, אויף מיר רחמנות געקריגן, ער האָט געהייסן צווייען מיך מיטנעמען, זיי האָבן מיר געהאָלפֿן און איך בין מיט זיי אַוועקגעהונקען. דאָס איז געווען דער צווייטער נס, וואָס עס האָט מיר מיר פּאַסירט, ווײַל איך וואָלט געוויס דערפֿראָרן געוואָרן יענע נאַכט אין דער קאַלטער בלאָטע. מען האָט אונדז אַוועקגעפֿירט עפּעס אין אַ שייער. מען האָט אונדז געגעבן הייס וואַסער, פּשוט הייס וואַסער. קיינמאָל אין מײַן לעבן האָב

---

166

איך ניט האה געהאָט פֿון קיין עסן, און פֿון קיין טרינקען, פֿון בעסטן פּסחדיקן ווײַן אַפֿילו, ווי דעמאָלט באַנאַכט פֿון דעם קענדל הייסן וואַסער . . . אַלע גלידער האָבן זיך מחיה געווען, אַפֿילו דער קראַנקער פֿוס האָט אויפֿגעהערט ווײ צו טאָן. צוויי וואָכן האָבן מיר געוווינט אין דעם שייער. אַ דריטל מענטשן זײַנען קראַנק געוואָרן און אַרומגעגאַנגען מיט היץ. אין צוויי וואָכן אַרום איז אין שייער געקומען אַ דאָקטער. ווען ער איז געקומען בין איך געלעגן אויף דער ערד און שוין ניט געקענט הערן וואָס מען רעדט צו מיר. מען האָט מיך אַוועקגעפֿירט אין שפּיטאָל. דער דאָקטער האָט גערעדט צו מיר האַלב אידיש, האַלב דײַטש, אַ איד געווען. ער האָט מיך אָנגעקוקט ווי משוגע, וואָס איך בין ניט געשטאָרבן, אין אַזאַ פֿאַל בלייבט מען קיינמאָל ניט לעבן, האָט ער געזאָגט.

אין שפּיטאָל איז געקומען אַ פֿאָרשטייער פֿון "דזשאָינט". און שטעל זיך פֿאָר, אַ נײַער נס : דער פֿאָרשטייער איז געווען אברהם ראַפּאַלאַוויטש, שכנא ראַפּאַלאַוויטשעס זון, פֿון לובלין. ער האָט מיך דערקאָנט, ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין אַ לובלינער. ער האָט מיר שפּעטער אַ סך טובות געטאָן.

ווי אַזוי איך בין געקומען אויף דער גריכישער שיף? ווי אַזוי איך האָב זיך דערשלאָגן קיין א"י? דאָס זײַנען ווידער גרויסע נסים, וואָס האָבן מיט מיר פּאַסירט, אָט אַזוי ווי מיט די אידן, ווען זיי זײַנען אַרויס פֿון מצרים. דאָס וועל איך דיר אָנשרײַבן אין אַ צווייטן בריוו. איצט וויל איך דיך בעטן : שרייב מיר אָפֿט, רבֿקה, יעדעס מאָל ווען עס קומט אָן די פּאָטשט, וואַרט איך, אפֿשר איז דאָ פֿון דיר אַ בריוו. פֿאַרוואָס שרייבסטו ניט, רבֿקה, פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס?

דו חלומסט זיך מיר אָפֿט. און איך בין גליקלעך, וואָס איך לעב און וועל נאָך דיך זען. דו וועסט דאָך קומען, רבֿקה, קיין א"י? . . . איך וואַרט אַזוי שטאַרק אויף דעם טאָג" . . .

אָט אַזוי שרײַבט לייזער. אַבי די לאָנדריניטשקע זאָגט, אַז בײַ "זיי", דאָס מיינט זי די מענער, "פֿאַרמאַכט די טיר און פֿאַרגעסן". זעט אויס, אַז עס איז ניט אַזוי, און ניט אַלץ וואָס מענטשן זאַרן דאַרף מען גלויבן.

---

167

"רעד" וויל לייענען לייזערס בריוו

6-טער מאַי.

זעט אויס, אַז לייזערס בריוו האָט זיך אַ פּאָר טעג געוואַלגערט בײַ דער טאַנטע. סעלמאַ האָט אים געזען און עדי האָט אים געזען. ווער עס האָט דערציילט "רעד"ן וועגן דעם בריוו, ווייס איך ניט, נאָר אַז איך בין הײַנט געקומען פֿון דער אַרבעט, איז "רעד" געווען אין צימער. ער האָט געוואַרט אויף מיר. עס האָט זיך מיר גלײַך געוואָרפֿן אין די אויגן, וואָס ער זיצט ניט, נאָר ער שטייט. שטייט און וואַרט. עפּעס אַזוי ווי איינער, וואָס וויל עפּעס אָפּזאָגן און אַוועקגיין. ער איז געשטאַנען מיטן פּנים צום פֿענצטער, און אַז בין אַרײַן אין צימער, האָט ער זיך אומגעדרייט צו מיר.

— זעץ זיך, "רעד", וואָס שטייסטו?

— איך וויל שטיין.

— שטיי.

איך האָב געזען, אַז "רעד" וויל זיך מיט מיר קריגן, כאָטש איך האָב נאָך ניט געוווּסט פֿאַרוואָס. "רעד" איז געשטאַנען אַ היפּשע ווײַלע מיטן פּנים צום פֿענצטער און האָט אַ וואָרט ניט אויסגערעדט. איך האָב דערווײַל אויסגעטאָן דעם מאַנטל, צוגעקעמט די האָר, אַוועק אין קיך צוגרייטן טיי, און ווען איך בין צוריקגעקומען, איז נאָך "רעד" אַלץ געשטאַנען אויפֿן זעלביקן אָרט און געקוקט אין פֿענצטער.

— דו ציילסט די שטערן, "רעד"?

"רעד" האָט גאָרניט געענטפֿערט.

— וואָס זעסטו דאָרט אין פֿענצטער, "רעד", זאָג מיר, וועל איך אויך אַ קוק טאָן.

פּונקט ווי מען זאָל וואַרפֿן אַרבעס אין דער וואַנט, אַזאַ פּעולה האָבן געהאַט מײַנע ווערטער. ער שטייט און קוקט אין פֿענצטער, ווי ער זאָל זיך ניט קענען פֿון עפּעס אָפּרייסן.

— קום, "רעד", טרינקען טיי און זאָג מיר פֿאַרוואָס דו ביסט געוואָרן אַזאַ "שווײַגער"?

---

"רעד" איז צוגעגאַנגען צום טישל און האָט זיך געזעצט. איך האָב געטרונקען, נאָר ער האָט זיך ניט צוגערירט צום גלאָז.
— זאָג מיר, רבֿקה, "די טרו" (דעם אמת) . . .
ער האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז "רעד" האָט שוין ווידער געהערט עפּעס פֿון עדין.
— זאָג מיר, רבֿקה, דו האָסט געקראָגן אַ בריוו פֿון דעם, וואָס אויף דער "פּיקטשור"?
— יע, "רעד", איך האָב געקראָגן אַ בריוו פֿון אים.
— דו וועסט אַוועקפֿאָרן צו אים?
— וואָס עפּעס?
— רבֿקה, איך וויל לייענען זײַן בריוו.
— מער ווילסטו גאָרניט, "רעד"? האָב איך אים געענטפֿערט מיט אַ שפּאַס, אפֿשר ווילסטו בעסער טרינקען טיי?
דער אמת איז, אַז איך האָב גאָר ניט געוואָלט באַליידיקן "רעד"ן, איך האָב פּשוט ניט געוואָלט אים ווייזן לייזערס בריוו. נאָר "רעד" איז געוואָרן אָנגעצונדן. דאָס ערשטע מאָל, אַז איך האָב אים געזען אַזוי אויפֿגעבראַכט. ער האָט מיך אַ נעם געטאָן בײַ דער האַנט און האָט מײַן האַנט אַ דריק געטאָן אַזוי שטאַרק, אַז מיר האָבן ווי געטאָן די פֿינגער.
— רבֿקה, רייד נישט אַזוי, "דאָנ'ט ספּיק טו מי דיס ווײ"... (רעד נישט צו מיר אַזוי).
די פֿינגער האָבן מיר ווי געטאָן, רעד איז געזעסן אַנטקעגן מיר אַ בייזער, איך האָב אַ קוק געטאָן אַרום זיך און דערזען די פּעקלעך וועש אויפֿן וואַנט און מיר האָט זיך זייער פֿאַרוואָלט לאַכן. איך האָב זיך באַמיט אײַנהאַלטן, ניט לאַכן, און איך האָב בשום אופֿן ניט געקענט. איך האָב זיך טאַקע פֿאַנאַנדערגעלאַכט, אַזש טרערן זײַנען בײַ מיר אַרויס פֿון די אויגן. און די ריפּן האָבן בײַ מיר אַזש געציטערט. איך האָב געלאַכט און געוווּסט, אַז מײַן לאַכן האָט קיין זין ניט. איך האָב זיך געוואָלט אָפּשטעלן און ניט געקענט. "רעד" האָט מיך אָנגעקוקט :
— קרייזי, (משוגע), האָט ער אַ זאָג געטאָן אָן דעם מינדסטן שמייכל. און האָט רואיק געוואַרט ביז איך וועל ענדיקן לאַכן.
— זאָג מיר, רבֿקה, דו ווילסט פֿאָרן קיין פּאַלעסטיין?

---

169

— ווער האָט דיר געזאָגט?
— עדי האָט מיר געזאָגט.
— עדי? פֿונוואַנען ווייס עדי? און דו גלויבסט אים?
— יע, איך גלויב אים.
— פֿאַרוואָס?
— "ביקאָז" (ווײַל) דו זאָגסט מיר גאָרניט.
— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, וואָס?
— ווייז מיר דעם בריוו.
— זאָל דיר עדי ווייזן.
"רעד" האָט זיך אויפֿגעהויבן. ער האָט זיך אומגעדרייט אַ פּאָר מינוט איבערן צימער ; ער איז געשטאַנען אַ ווײַלע בײַם פֿענצטער און דערנאָך האָט ער גענומען דאָס היטל.
— גוד באַי, רבֿקה, האָט ער אַ זאָג געטאָן און האָט זיך אויף אַ ווײַלע פֿאַרהאַלטן בײַם שוועל.
— פֿאַרוואָס גייסטו אַוועק, "רעד", עס איז דאָך נאָך פֿרי? . . . האָב איך געפֿרעגט, און עס האָט מיר אַ קלעם געטאָן אין האַרצן, ווי פֿאַר אַן אומגליק.
— גוד באַי, רבֿקה, האָט "רעד" געזאָגט, נאָכאַמאָל אַנשטאָט אַן ענטפֿער, און האָט צוגעמאַכט די טיר.
איך ווייס ניט פֿאַרוואָס, נאָר עס האָט מיר אַזוי ווי געטאָן, אַז איך האָב געוויינט, ווען ער איז אַוועק. "רעד" איז מײַן בעסטער פֿרײַנט געוועזן. "רעד" האָט מיך גענומען צום "בענד", ווען איך האָב זיך געפֿילט אַזוי פֿאַרשעמט פֿון אַלעמען, פֿון סעלמאַן, און פֿון רוטן, און פֿון מאַרווינען, און אפֿילו פֿון דער טאַנטע. איך ווייס, אַז "רעד" וועט שוין מער ניט קומען צו מיר. איך ווייס דאָס אויף געוויס.

איך טראַכט וועגן נעכטן
7-טער מאַי.
"רעד" איז טאַקע הײַנט ניט געקומען. איך טראַכט איבער אַלץ וואָס נעכטן איז געווען. געוויס האָב איך ניט באַדאַרפֿט לאַכן. מײַן לאַכן האָט קיין זינען ניט געהאַט, קיין זינען ניט. און איך האָב אים באַדאַרפֿט זאָגן עפּעס אַנדערש. באַדאַרפֿט זאָגן,

---

170

אַז ער זאָל ניט ריידן וועגן לייזערס בריוו . . . בריוו פֿון אַ פֿרײַנט איז ניט שיין, אַז מען לייענט פֿאַר עמעצן, אַזוי האָב איך אים חאַדאַרפֿט זאָגן . . . ער וואָלט זיך געוויס ניט באַליידיקט אויף מיר. אָבער איצט איז שוין פֿאַרפֿאַלן. און אפֿשר איז גלייכער אַזוי. איך וועל אַוועקפֿאָרן צו לייזערן קיין א"י, ער בעט מיך, איך זאָל ניט פֿאַרגעסן, אַז מײַן וועג איז נאָך ניט געענדיקט. לייזער איז גערעכט. פֿונדעסטוועגן טוט מיר וויי, וואָס "רעד" איז ניט געקומען. און ער האָט ניט באַדאַרפֿט אַזוי גיך אין כעס ווערן אויף מיר. ער האָט דאָ נעכטן פֿאַרגעסן זײַנע סיגאַרעטן. איך וועל זיי באַהאַלטן, ביז ער וועט זיי קומען אָפּנעמען, אויב ער וועט קומען. די לאָנדריניטשקע זאָגט, אַז בײַ "זיי" — צוגעמאַכט די טיר איז פֿאַרגעסן . . . מעגלעך, אַז "רעד" האָט שוין אויך פֿאַרגעסן. אַוועק און פֿאַרגעסן. ווער ווייס? דווקא זאַכן, וואָס מען וויל זייער שטאַרק ויסן — ווייס מען ניט. איך האָב דאָס שוין אַ סך מאָל באַמערקט. איך וויל זייער וויסן, וואָס איז מיט מײַן טאַטן אין לובלין — ווייס איך ניט. און איצט מיט "רעד"ן . . . עס קען זײַן, אַז ער איז גאָר הײַנט אַוועק זען רוטן. רוט וועט זיך אויספּוצן מיט אירע רויטע היטעלעך. מיט אירע רויטע פֿעדערן און וועט גיין שפּאַצירן מיט "רעד"ן בײַם איסט ריווער.

— "דאַן וואָרי", וועט ער איר אפֿשר זאָגן. "רבֿקה איז גאָרניט צו מיר" . . . אַזוי ווי ער האָט מיר געזאָגט וועגן רוטן. און אַז איך וואָלט אים געוויזן לייזערס בריוו? קען זײַן, אַז ער וואָלט אויך אַוועק און ניט געקומען הײַנט? דעמאָלט וואָלט געווען נאָך ערגער . . . נאָר איך וואָלט אים קיינמאָל ניט געוויזן לייזערסבריוו . איך וועל דאָס קיינמאָל ניט טאָן. עס איז מיר שווער געווען צו זיצן אין שטוב אַ גאַנצן אָוונט. איך בין אַרויס אויף ער גרענד סטריט. איך האָב צוגעשפּאַצירט ביז דער מיסיס קאָשעס הויז. מיר האָט זיך געוואָלט אַרײַן צו דער אַלטער און פֿרעגן בײַ איר : ווען איר זיינט געווען "די שיינע פּאַווע" האָט מען אײַך אויך געלאָזן אַליין, פֿאַרמאַכט די טיר און געלאָזן אַליין, ווי מיך הײַנט? נאָר איך בין ניט אַרײַן. ווער ווייס צי די אַלטע געדענקט שוין גאָר עפּעס וואָס עס איז געווען מיט דער "שיינער פּאַווע". בין איך דורכגעגאַנגען הין און צוריק אויף דער גרענד סטריט, הין

171

און צוריק, ביז דער קאָפּ האָט זיך מיר פֿאַרדרייט. איך בין אַרויף צו זיך און האָב געטראַכט, אפֿשר וועל איך טרעפֿן "רעד"ן שטיין בײַם פֿענצטער אַזוי ווי נעכטן? ער וועט שטיין און שווײַגן אַזוי ווי נעכטן. נאָר "רעד" איז ניט געווען. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז "רעד" האָט מיר צוגעזאָגט "אָלווייז" (שטענדיק) פֿרישע רויזן, נאָר געבליבן זײַנען בײַ מיר די, וואָס איך האָב פֿאַרטריקנט. איך האָב זיי אַוועקגעלייגט צוזאַמען מיט די סיגאַרעטן. אַז ער וועט קומען, וועל איך אים אַלץ צוזאַמען אָפּגעבן. אויב ער וועט קומען, וועל איך אים דערמאָנען פֿונדעסטוועגן, אַז ער האָט מיר צוגעזאָגט "אָלווייז" פֿרישע רויזן און האָט זײַן וואָרט ניט געהאַלטן. און אפֿשר איז אַמעריקע אַזאַ לאַנד, וואָס מען דאַרף גאָר קיין וואָרט ניט האַלטן? מען דאַרף בלויז צוזאָגן? . . . ווער ווייס? איצט ווייס איך גאָרניט. איך האָב געוואָלט איבערלייענען לייזערס בריוו און אויך ניט געקענט. איך בין צוגעגאַנגען צום פֿענצטער זען, וואָס האָט "רעד" נעכטן אַזוי לאַנג געקוקט אַהין? אַ סך פֿייערן האָט מען געזען דורכן פֿענצטער. איין פֿייער האָט זיך פֿאַרלאָשן. אפֿשר איז דאָס מײַן פֿייער, וואָס האָט זיך אָטאָ פֿאַר מײַנע אויגן פֿאַרלאָשן? אָט אַזוי ווי איך, וואָס איך קען איצט מער גאָרניט טאָן . . . אויסער טראַכטן וועגן נעכטן.

געהאָלפֿן געוואָרן פֿון איין "האַו-דו-יו-דו".

9-טער מאַי.

איין "האַו דו יו דו" און "האַר דו יו פֿיל" — האָט מיך געראַטעוועט פֿון די אַפּרייטערקעס. זיי האָבן פּשוט געהאַט "פֿאָן" (הנאה געהאַט) פֿון אַרומיאָגן מיך הין און צוריק און ניט לאָזן מיך אַ ווײַלע צורו. האָט גאָט געהאָלפֿן און הײַנט איז געקומען מיסטער רובין אין דער פֿעקטאָרי, ער איז עטלעכע טעג ניט געווען, ערגעץ אַוועקגעפֿאָרן. אַז מיסטער רובין איז געקומען, איז ער פֿריער אַרײַן צו זיך אין אָפֿיס, און שפּעטער איז ער אַרײַנגעקומען אין דער "פֿעקטאָרי". ער האָט מיך דערזען און האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן — האַו דו יו דו? ענד האַו דו יו פֿיל? מער, זעט אויס, האָט מיסטער רובין קיין צײַט ניט געהאַט צו מיר צו ריידן, ער איז צוריק אַרײַן אין אָפֿיס. פֿונדעסטוועגן

172

בין איך פֿון דעם איינעם "האו דו יו דו" געהאָלפֿן געוואָרן. די אפּרייטערקעס זעען און הערן אַלץ וואָס מיסטער רובין טוט, און זיי האָבן געהערט וואָס ער האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן ; און אַפֿילו בײַ דער שוואַרצינקער אפּרייטערקעלע, בײַ דער דינינקער, וואָס זעט אויס מער ווי אַ ברעטל איידער אַ מיידל, איז עפּעס אַזוי ווי שטייפֿער געוואָרן דער האַלדז און נאַקן. זי ה.אָט זיך אויפֿגעהערט דרייען אין מײַן זייט אַלע ווײַלע און מיך רופֿן. זי האָט נאָך מיך שפּעטער, זעט אויס, פֿאַר יוצא וועגן איינמאָל אַ רוף געטאָן, אָבער אין אירע אויגן איז שוין ניט

געווען קיין געלעכטער, ווי ביז איצט. אַגב, האָט זי מיר געזאָגט "פּליז" און אויסער דעם, אַז איך האָב איר צוגעטראָגן דעם קאַן מיט וואַסער און דעם שפּריצער, האָט זי מיר געזאָגט : "דענק יו" (אַ דאַנק). דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב פֿון איר געהערט "דענק יו". אַזאַ איידעלע זאַך איז זי געוואָרן. הײַנט איז געווען דער ערשטער טאָג, וואָס איך האָב צײַט געהאַט זיך אַרומקוקן אַרום די "פּיסעס", לייגן באַזונדער די וואָלענע און די זיידענע. איך האָב הײַנט, קען מען זאָגן, אָפּגעעטעמט. טאַקע פֿשוט אַ נס מן השמים האָט זיך מיט מיר געטראָפֿן, וואָס מיסטער רובין איז געקומען און ער האָט צו מיר געזאָגט "האַו דו יו דו" און "האַי דו יו פֿיל".

איך האָב זיך קיינמאָל ניט פֿאָרגעשטעלט, אַז אַ מענטש קען זײַן אַזוי אַנדערש אין פֿאַרשידענע ערטער. אין דער לאַנדסמאַנשאַפֿט איז מיסטער רובין אַ לאַנדסמאַן, ווי אַלע לאַנדסלייט. ער רעדט אַביסל מיט דעם, אַביסל מיט יענעם, און זײַן ווייב, די מיסיס רובין, איז גער אַ היימישער מענטש. זי האָט אפֿילו אַרויסגעלאָזט אַ טרער, ווען איך האָב זי געזען צום ערשטן מאָל און איר דערציילט וועגן מײַן מאַמע עה"ש.

אינדערהיים בײַ זיך איז מיסטער רובין אַ פּריץ. די פּאָר מאָל, וואָס איך בין געווען בײַ אים אין הויז, איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ זיידענעם כאַלאַט, דער ציגאַר זײַנער איז כמעט אויסגעלאָשן, אָבער דאָך פֿון צײַט צו צײַט גיט ער אַ פּיפּקע און עס יאָגן זיך אַרויס עטלעכע רינגעלעך רויך. אַן אמתער פֿריץ. אַ פּריץ, וואָס רעדט אידיש.

אין דער פֿ'עקטאָרי איז מיסטער רובין אַ "באַס". אַ "באַס"

173

איז הונדערט מאָל מער ווי אַ פֿריץ, און אפֿשר טויזנט מאָל מער ווי אַ לאַנדסמאַן. אַ "באָס" איז זייער אַ וויכטיקע זאַך. אַז מיסטער רובין איז צוריקגעקומען פֿון זײַן רייזע, האָט מען באַלד כהרף עין געוווּסט אין דער פֿעקטאָרי וועגן דעם. און אַז מיסטער רובין איז אַרײַנגעקומען, האָבן אפֿילו די מאַשינעס אָנגעהויבן זשומען שטילער. טאַקע דער זעלביקער "זשו-זשו", אָבער אַביסל רואיקער, איינגעהאַלטענער. און מיך האָט ער מיט איין וואָרט אַרויסגעראַטעוועט אַזוי גרינג, ווי מען נעמט אַרויס אַ האָר פֿון דער מילך. אין דער "פֿעקטאָרי" האָט מיסטער רובין גערעדט ענגליש, צו דער פֿאָרליידי האָט ער גערעדט אויף ענגליש און צו מיר האָט ער אויך געזאָגט "האַי דו יו דו" און "האַו דו יו פֿיל" אויף ענגליש. הײַנט האָב איך צום ערשטן מאָל באַקומען אויסגעצאָלט פֿאַר דער אַרבעט. אַכט' דאָלער האָב איך באַקומען פֿון אָפֿיס און צוויי דאָלער פֿאַר די "פּיסעס". דאָס איזווירקלעך זייער אַ סך געלט. איך וועל שוין געוויס קענען קויפֿן אַ מאַנטל און אפֿשר וועל איך טאַקע קויפֿן אַ ,אדרעס" צו סעלמאס "אינגעידזשמענט". ווען דאָס וועט זײַן ווייס מען נאָך ניט. אַז עס וועט זײַן סעלמאַס "אינגעידזשמענט" וועל איך געוויס טרעפֿן "רעד"ן. ער וועט דאָך קומען. איך וואָלט אים זייער ווען זען און פֿרעגן, פֿאַרוואָס ער קומט ניט מער.

די לאָנדריניטשקע, מיסיס שליווקא, איז הײַנט אַרײַן צו מיר :

— רבֿקה, דו ביסט עפּעס בלייך געוו רן, וואָס איז מיט דיר?

— שווער צו אַרבעטן אין דער פֿעקטאָרי . . .

די לאָנדריניטשקע האָט געשוויגן, דאַכט זיך מיר, זי האָט געצווייפֿלט, צי איך זאָג איר דעם אמת. יעדערער וויל מען זאָל אים זאָגן דעם אמת, ווי "רעד" זאָגט "דהי טרוט", און פֿונדעסטוועגן זאָגט מען אַזויפֿיל ליגנס אויף דער וועלט, אַז ווען אַלע ליגנס וואָלטן זיך אַ הויב געטאָן, וואָלט די וועלט אַוועקגעפֿלויגן.

— ווּ איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן "רעד"? האָט די לאָנדריניטשקע מיך אַ פֿרעג געטאָן, נאָכדעם ווי זי האָט אַ ווײַלע געשוויגןשוין אַ פּאָר טעג ניט געווען, דאַכט זיך . . .

ווען די טאַנטע פֿרעגט מיך דאָס, וואָלט איך איר געענטפֿערט אַבי וואָס, אַבי זיך אָפּטשעפּן. דער לאָנדריניטשקע איז מיר שווער צו זאָגן אַ ליגן. זי י איז געווען זייער גוט צו מיר. זי האָט מיר

174

דערציילט אַ סך מעשות פֿון איר לעבן, האָב איך איר געזאָגט דעם אמת :

— "רעד" איז עפּעס אין כעס געוואָרן אויף מיר . . . ער וועט שוין מסתם קיינמאָל ניט קומען.

די לאָנדריניטשקע האָט אָנגעהויבן לאַכן

— ער וועט קומען. ער וועט געוויס קומען. "זיי" קומען שטענדיק צוריק, ווען אַ מיידל געפֿעלט "זיי" . . .

מאָדנע ווי די "לאָנדריניטשקע" זאָגט אויף אַלע מענער "זיי", פֿונקט ווי מען רעדט פֿון גויים, "זיי" . . . איך האָב ניט אַזאַ געפֿיל און איך פֿאַרשטיי ניט פֿאַרוואָס די לאָנדריניטשקע רעדט אַזוי.

אָבער, זי מיינט פֿונדעסטוועגן, אַז "רעד" וועט קומען . . .

אפֿשר איז זי גערעכט? אפֿשר וועט ער נאָך טאַקע קומען . . .

איך האָב איר געזאָגט, אַז איך האָב באַקומען צען דאָלער אין דער "פֿעקטאָרי" און אַז איך וויל איר באַצאָלן פֿאַר דער דירה.

— אַז דו וועסט געבן, וועלן מיר נעמען, האָט זי אַ זאָג געטאָן, ניטאָ אַזאַ שד, ווי ניט נעמען קיין געלט אין

אַמעריקע, און זי האָט אַ רוף געטאָן איר מאַן:

— סעם! מיר ווערן רייך.

מיסטער שליוווקע איז צוגעקומען צום טיר. ער איז אַ שטילער, אין שטוב הערט מען אים כמעט ניט. אַנשטאָט ריידן — שמייכלט ער.

— מיר ווערן רייך? נו איז דאָך גוט . . .

— רבֿקה וויל צאָלן געלט . . . זי איז געוואָרן אַ גבירטע . . .

— נו איז דאָך ווידער גוט . . .

צאָלן וועל איך זיי צוויי דאָלער אַ וואָך. איך בין גליקלעך, וואָס איך קען שוין צאָלן אַליין פֿאַר מײַן דירה.

ווידער עדי

11-טער מאַי.

פּטור געוואָרן פֿון מײַן ווינטערדיקן מאַנטל, גאָט צו דאַנקען!

די אויגן האָבן זיך מיר געעפֿנט אַראָפּגעוואָרפֿן דעם אָרימאַן פֿון

די פּליעס! עס איז שוין וואַרעם. פֿרילינג איז דאָ אין ניו יאָרק,

---

175

אַזוי ווי אין לובלין. אַ ווינטל קומט פֿון הימל, און די האָר הויבן זיך אויף צום .הימל. אַ שאָד, וואָס דער בערעט פֿאַרשטעלט. איך גיי שוין אין גאַס אין מײַן "דרעס". פֿריער פֿלעג איך די "דרעס" האַלטן נאָר אויף קומען צווישן מענטשן, און אַלע טאָג טראָגן די היימישע קליידלעך, אָבער איצט, אַז איך גיי אָן אַ מאַנטל, איז גוט צו טראָגן די "דרעס". איך וואָלט זייער וועלן באַגעגענען "רעד"ן אָט אַזוי, ווי איך בין אָנגעטאָן איצט. עס קען זײַן, אַז ווען מײַן מאַנטל וואָלט ניט געווען אַזוי אָפּגעריבן, וואָלט אפֿשר "רעד" אויך ניט אויפֿגעהערט קומען. אפֿשר האָט ער גאָרניט געקענט פֿאַרליידן מײַן מאַנטל. ווער ווייס? זעט אויס, אַז סעלמאַ וויל מער צו מיר ניט קומען, ווײַל דעם פֿרייטיק, איז מאַרווין מיך געקומען רופֿן "עסן געפֿילטע פֿיש", ווי די טאַנטע זאָגט. אָבער מאַרווין זאָגט שטענדיק די זעלביקע ווערטער, ווי ער וואָלט זיי אַ גאַנצע וואָך געחזרט אויף אויסנווייניק:

— די טאַטע און די מאַמע האָבן געזאָגן דו קומסט עסן פֿיש. אַז איך בין געגאַנגען צו דער טאַנטע האָב איך געמיינט, אַז איך וועל דאָרט אפֿשר טרעפֿן "רעד"ן. ער ווייס, אַז פֿרייטיק צו נאַכט רופֿט מיך די טאַנטע עסן, אָבער ער איז ניט געקומען. סעלמאַ און עדי זײַנען אויך ניט געווען. אַלע פֿרייטיק גייען זיי אין די מוּוויס און איך קום עסן פֿיש. די מיסיס שאָר איז אַרײַנגעקומען.

— רבֿקה, ביסט עפּעס זייער אויסגעפּוצט! דאָס האָט זי אַוודאי געמיינט מײַן "דרעס". איך האָב דערציילט, אַז איך האָב שוין די וואָך פֿאַרדינט צען דאָלער. זיי האָבן אַלע געפּאַטשט בראַוואָ, און די טאַנטע נאָכן "בראַוואָ" האָט אַ זאָג געטאָן:

— זאָל גאָט געבן, אַז דו זאָלסט אונדז אָנזאָגן בעסערע בשורות אויך . . . און טרערן זײַנען בײַ איר גלײַך אָנגעלאָפֿן אין די אויגן. דאָס איז, ווײַל זי איז פֿון אונדזער משפּש פֿון די "ווײַנער". און אפֿשר טוט דער טאַנטע באַנג, וואָס זיי האָבן מיך משלח געווען פֿון שטוב. זיי ווייסן נאָך ניט, זעט אויס, אַז "רעד" איז ברוגז אויף מיר. אַז מענדל פּושקאַרט איז געקומען "צום פּינאָקל", האָט אים די טאַנטע אָנגעזאָגט, אַז איך פֿאַרדין שוין צען דאָלער אַ וואָך.

---

176

— איך האָב באַלד געוווּסט, אַז זי איז ניט קיין "גרינע". גלויבט מיר, מענער זײַנען דאָ, אַמעריקאַנער סיטיזנס, וואָס וואָלטן זיך געוווּנשן אַזויפֿיל פֿאַרדינען . . . אוי, אוי זײַנען דאָ אַזעלכע! ניט. איינער.

און לכבוד מײַן גרויסן פֿאַרדינסט, האָט ער מיר געשיקט אָנגיסן פֿאַר אים אַ "גלעזל טיי". בײַ מענדל פּושקאַרט ענדיקט זיך יעדער זאַך מיט אַ "גלעזל טיי". און די מיסיס שאָר האָט לכבוד מײַנע צען דאָלער מיר געגעבן אַ שאַליקל, אַ "סקאַרף", וואָס "מעטשעט עקזעקטלי" (פּאַסט זיך) צו מײַן "דרעס". זי האָט מיך אַרײַנגערופֿן צו זיך און מיר געגעבן דעם שאַליק. בײַ דער מיסיס שאָר האָב איך געטראָפֿן מײַן אַלטע באַקאַנטע, די טערקישע פּרינצעסין מיט דער קרוין, און אירע באַדינערקעס, וואָס דערלאַנגען איר פֿרוכט. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז שטענדיק ווען מיר איז שווער אויפֿן האַרצן, דערזע איך די טערקישע פּרינצעסין בײַ דער מיסיס שאָר אויפֿ'ן וואַנט. און איך האָב זיך דערמאָנט פֿון "רעד"ן, אַז ער איז ברוגז אויף מיר, ער קומט ניט מער . . . אַ שלעכטע געוווינהייט, וואָס איך דערמאָן זיך אַזוי אָפֿט פֿון "רעד"ן.

דאָס שאַליקל וואָס די מיסיס שאָר האָט מיר געגעבן איז טאַקע זייער שיין צו מײַן קלייד, און עס איז גוט, וואָס איך וועל זײַן גוט אָנגעטאָן. ווען איך האָב זיך שוין געקליבן גיין אַהיים, איז געקומען סעלמאַ, און עדי איז אויך מיט איר אַרײַנגעקומען אויף אַ פּאָר מינוט. ער איז באַלד אַוועקגעגאַנגען. איך האָב ניט געוואָלט אַראָפּגיין מיט אים צוזאַמען און בין געבליבן נאָך אַ ווײַלע שפּעטער.

אַז איך האָב דערזען עדין האָט מיר אָנגעהויבן קלאַפּן אין האַרצן. ער מיט זײַנע מעשׂות, וואָס ער טראַכט אויף

מיר אויס .
ער האָט' מיר אַ זאָג געטאָן :
— האַלאָ, רבֿקה ! דאָס גאָר, וואָס ער האָט מיר געזאָגט. דאָס איז אויך צופֿיל, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, גלייכער ער זאָל צו מיר אינגאַנצן ניט ריידן און לאָזן מיך צורו. נאָר אַז איך בין שפּעטער געקומען צו אונדזער הויז, האָב איך געטראָפֿן עדין זיך

---



אַרומדרייען בײַ דער לאָונדרי. אויף דעם האָב איך זיך גאָרניט גריכט.
עדי האָט מיר גאָרניט געענטפֿערט, ער איז געשטאַנען און געשוויגן. אַזאַ נאַטור האָט ער, פֿון אָנהויב שווײַגט ער אַביסל. און דערנאָך האָט ער געזאָגט אַזוי שטיל, ווי מען בעט אַ טובה :
— "יו דאָנט אַנדערסטענד מי" (דו פֿאַרשטייסט מיך ניט),
איך האָב בײַ אים ניט געוואָלט פֿרעגן, נאָר עס האָט זיך בײַ מיר פּשוט אַרויסגעריסן :
— פֿונוואַנען ווייסטו, עדי, אַז איך פֿאָר קיין פּאַלעסטיין?
עדי האָט ווײַטער געשוויגן, אַזוי ווי ער זאָל גאָר ניט הערן, וואָס איך פֿרעג אים.
— ניין, זאָג מיר, עדי ! ווער האָט דיר געזאָגט, אַז איך פֿאָר קיין פּאַלעסטיין?
נאָר עדי האָט זיך, זעט אויס, אַרײַנגענומען אין קאָפּ איין זאַך
— "יו דאָנט אַנדערסטענד מיז, רבֿקה" . . .
פֿון אָנהויב האָב איך געהאַט אויף אים פֿאַרדראָס, דערנאָך איז מיר דער פֿאַרדראָס איבערגעגאַנגען, מיר איז געוואָרן הייס און איך האָב אַראָפּגענומען דעם בערעט. עדי האָט אַ גלעט געטאָן מײַנע האָר אַרום און אַרום מײַן קאָפּ.
— "דאָנט בי ענגרי" (זײַ ניט בייז), רבֿקה . . .
דאָס האַרץ האָט מיר אַ קלעם געטאָן. איך האָב זיך צוגעזעצט אויף די שטיגן, וואָס גייען צו דער לאָונדרי. עדי האָט זיך צוגעזעצט לעבן מיר.
— ווען איז דיע "אינגעידזשמענט" (תּנאים), עדי?
— "אַי דאָנט נאָו, דאָנט עסק מי אַבאַוט, רבֿקה, פּליז" . . . (איך ווייס ניט, פֿרעג מיך ניט, רבֿקה, איך בעט דיך).
עדי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף דעם פּאַרענטש פֿון די טרעפּלעך און האָט געקוקט אויף די פֿייערן פֿון גרענד סטריט. איך האָב זיך דערמאָנט פֿון "רעד"ן, ער האָט אויך געקוקט אויף די פֿייערן פֿון גרענד סטריט דורך מײַן פֿענצטער. עדי האָט נאָך אַ היבשער ווײַלע אַ זאַר געטאָן :

---



— "אַי וווּד לאַיק טו גאָ וויט יו" . . . (איך וואָלט וועלן פֿאָרן מיט דיר).
— וווּהין?
— קיין פּאַלעסטיין.
— נו, קום, עדי, לאָמיר פֿאָרן, האָב איך אַ זאָג געטאָן און זיך אויפֿגעהויבן פֿון די שטיגן.
— דהי פֿוירסט טיים, אַז דו זאָגסט מיר פֿאַר "סאַמטינג" (אויף עפּעס) —— יע.
עדי האָט געשמייכלט אומעטיק און האָט אויסגעזען עלטער, ווי געוויינלעך.
איך בין אַרײַן אין שטוב. איצט וועט עדי זאָגן "רעד"ן, אַז איך האָב מיט אים געמאַכט אַ "דעיט" (אַ ראַנדע-וואו) .
. . ני, מילא . . . "רעד" קומט דאָך סיי ווי ניט, וואָס דאַרף איך וועגן דעם זאָרגן?
איך טראַכט וועגן עדין, ווי מאָדנע ער איז אַראָפּ פֿון די שטיגן. פּאַמעלעך, ווי ער זאָל אַראָפּ אויף אַ גליטשיגער גאַס . . . וואָס וואָלט דער אָנקל געטראַכט, ווען ער זעט אונדז דאָ?

רוט פֿאָרט קיין קאַליפֿאָרניע
14־טער מאַי.
אין לובלין איז אַן עפּידעמיע. אין אַלע צײַטונגען איז הײַנט געווען וועגן דעם.
אַ טיפֿוס עפּידעמיע. ווי וועט זיך דער טאַטע אויסהיטן, אַז ער איז בײַ קראַסוליען אין שטאַל? אַז איך האָב איבערגעלייענט וועגן דער עפּידעמיע האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זי האָט לאַנגע פֿיס און זי גייט אַרום איבער לובלין, ווי אַ גרויסע טשאַפּליע. און אויב דער טאַטע איז חלילה קראַנק, ווער וועט אים היטן? גוט וואָס איך פֿאַרגעס זיך אָן אַלע, ווען איך קום אין סקול, נאָר פֿונדעסטוועגן אַלץ פֿאַרגעס איך ניט, איך פֿאַרגעס ניט קיינמאָל, אַז "רעד" קומט ניט . . . ער איז שוין אַ גאַנצע וואָך ניט געווען. ער איז ערגעץ פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אין ניו יאָרק. ווו גייט אַרים "רעד"? אפֿשר בײַם איסט ריווער? מיר דאַכט זיך, ווען איך זאָל

---

צוגיין צום איסט ריווער, דאָרט ווו די ליכטיקע שיפֿן שווימען, וואָלט איך געטראָפֿן "רעד"ן.

קומענדיק פֿון "סקול" היינט, האָב איך געפֿונען אויפֿן טיש פֿיר פֿרישע רויזן. איך האָב זיך אַזוי דערפֿרייט, אַז איך האָב זיך אַזש דערשראָקן, איך האָב געמיינט, אַז "רעד" איז געווען, ער האָט זיך אפֿשר דערמאָנט, אַז ער האָט מיר צוגעזאָגט "אָלווייז" פֿרישע רויזן. נאָר אויפֿן טיש איז געלעגן אַ צעטעלע, "עדי".

עדי איז משוגע געוואָרן, וואָס ער ברענגט מיר רויזן. איך האָב ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט זיי. אַוועקשטעלן אויפֿ'ן טיש? האָט זיך מיר ניט געוואָלט. צו וואָס דאַרף איך די רויזן? עדיס רויזן . . . אַרויסוואַרפֿן? האָב איך קיין האַרץ ניט געהאַט. נאָר מיר איז עפּעס ענגער געוואָרן אין צימער מיט די רויזן. איך בין אַוועק צו דער מיסיס שער און איר אַוועקגעטראָגן די רויזן.

— וואָס עפּעס? — האָט זי מיך אַ פֿרעג געטאָן. רייך געוואָרן?

— דאָס איז פֿאַרן "סקאַרפֿל", האָב איך איר געענטפֿערט, עס פּאַסט זיך זייער גוט צו מײַן קלייד.

די מיסיס שאָר האָט די בלומען אַרײַנגעשטעלט אין אַ הויכער וואַזע, און אַז זיי זײַנען שוין געשטאַנען אויפֿן טיש, האָב איך דערזען, אַז זיי זײַנען שיינע רויזן. אַזוינע שיינע, ווי די וואָס "רעד" האָט מיר געבראַכט. און אין שטוב בײַ מיר האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זיי זײַנען גאָר קיין רויזן ניט.

איך בין געווען צופֿרידן, וואָס איך האָב קיינעם ניט געטראָפֿן אויף די שטיגן, ניט דער טאַנטע, ניט דעם אָנקל, ניט סעלמאַן. די מיסיס שאָר האָט מיר אָנגעזאָגט אַ בשורה : דו ווייסט, רוט פֿאָרט אַוועק קיין קאַליפֿאָרניע. זי האָט דאָרט געקראָגן אַ "דזשאַב". "אי העיט ניו יאָרק" (איך האָב פֿײַנט ניו יאָרק), האָט רוט געזאָגט. די מיסיס שאָר האָט דערביי אַ זשמורע געטאָן מיט אַן אויג, ווי איר שטייגער איז.

מיר איז געוואָרן פֿריילעך פֿון דעם, וואָס די מיסיס שאָר האָט מיר דערציילט. מיר האָט זיך אַ ווײַלע געדאַכט, אַז אַלע פֿאָרן ערגעץ אַוועק. "רעד" איז אַוועקגעפֿאָרן זיך באַהאַלטן אין ניו

---



יאָרק. רוט פֿאָרט אַוועק קיין קאַליפֿאָרניע. לייזער איז אַוועקגעפֿאָרן קיין א"י. איך בין אַזש אויף גרענד סטריט . . . די גאַנצע וועלט מענטשן צעפֿאָרן זיך און דערנאָך קען מען איינער דעם אַנדערן ניט געפֿינען. מיר האָט זיך זייער געגלוסט ערגעץ גיין. אפֿשר צוגיין צום איסט ריווער?

די מיסיס שאָר האָט געבראַכט אַ "קאָפּ קאָפֿע".

— "רעד"ן זעסטו? האָט די מיסיס שאָר בײַ מיר אַ פֿרעג געטאָן. אַז דו האָסט "געמופֿט" (זיך איבערגעצויגן), קומט ער ניט מער צו דער טאַנטע. די "כלה" פֿאָרט מסתּם אַוועק צוליב דעם קיין קאַליפֿאָרניע. די "כלה" — מיינט די מיסיס שאָר — רוטן.

— איך האָב אים שוין ניט געזען אַ פּאָר טעג, "רעד"ן,

מסתּם איז ער עפּעס פֿאַרנומען, האָב איך זיך אויסגעדרייט פֿון אַן ענטפֿער.

די מיסיס שאָר האָט אַ שמייכל געטאָן :

— דו זאָלסט וויסן, רבֿקה, "באָיעס" זײַנען קיינמאָל ניט פֿאַרנומען, ווען זיי ווילן זען אַ מירל. אַז זיי קומען ניט, איז אָדער זיי "שפּילן צו להכעיס" אָדער זיי ווילן ניט . . . ניטאָ אַזאַ זאַך ווי פֿאַרנומען . . . מסתּם "שפּילט" דער "רעד" מיט דיר צו להכעיס, ווײַל ער איז "קרייזי" פֿאַר דיר.

כ'האָב ניט באַמערקט, ווי איך האָב אויסגעטרונקען די קאָפֿע און נאָך אַלץ געהאַלטן דאָס טעפּעלע בײַ די ליפּן. אַ נס די מיסיס שאָר האָט עס ניט באַמערקט, איך וואָלט זיך באמת געשעמט פֿאַר איר. די גרענד סטריט האָט גערוישט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס רוישט אַ באַן, און רוט פֿאָרט אַוועק מיט דער באַן קיין קאַליפֿאָרניע . . .

שיינפֿעלד ווערט אַ לייט

17־טער מאַי.

שיינפֿעלד איז געוואָרן אַ לייט. ער איז היינט געקומען צו מיר אין אַ בלויעם אנצוג. די שוואַרצקייט פֿון זײַנע נעגל איז שוין ממעט אַראָפּגעוואַשן. ער האָט געקראָגן אַ "דזשאַב" אין דער "איסט

---



וועסט לאָון סאָסייעטי", ווו זײַן לאָדזשער לאַנדסמאַן איז אַ פּרעזידענט. שיינפֿעלד איז דאָרט אַ געהילף בײַם "בוק-קיפּער" און קריגט דרייסיק דאָלער אַ וואָך.

— איך בין געוואָרן אַ גביר, האָט זיך געוויצלט שיינפֿעלד. נאָר מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז אומעטיק.

שיינפֿעלד האָט ריידנדיק געקוקט אויף זײַנע נעגל. ער האָט זיך, זעט אויס, שטאַרק אָנגעליטן פֿון דעם, וואָס זיי זײַנען שוואַרץ געוואָרן, און איז איצט געווען צופֿרידן, וואָס זיי ווערן ווייסער.

זײַן "דזשאַב" האָט ער געקראָגן טאַקע דורך דעם לאָדזשער לאַנדסמאַן, קאַרעלין.

— ער קען "מאַכן" אַ מענטשן אין ניו יאָרק, האָט שיינפֿעלד געזאָגט, ער איז דאָ מיט יעדערן קנעפּל שבהעקל,

און יעדערער איז זײַנער אַ "פֿרענד אָף מײַן". זינט איך אַרבעט מיט אים, האָט ער מיר שוין אָנגערופֿן אפֿשר פֿופֿציק מענטשן "אַ פֿרענד אָף מײַן"... אָ, יע, מיסטער קאַרעלין קען "מאַכן" אַ מענטשן אין ניו יאָרק ! שיינפֿעלד האָט מיך געבעטן גיין מיט אים אין די מאָוויס.

איך האָב ניט געוואָלט פֿרעגן בײַ שיינפֿעלדן, צי ער האָט זיך אונטערגענומען אָנשרײַבן די ביאָגראַפֿיע פֿון זײַן לאָדזשער לאַנדסמאַן. צו וואָס זאָל איך אים ווייטאָן? איך בין געווען צופֿרידן, צו זען שיינפֿעלדן געזונט, און ניט אויף זײַן נידעריק בעטל, וואָס עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער ליגט כמעט אויף דער ערד, אַזש אַ שרעק האָט אָנגענומען. צו וואָס זאָל איך אים פֿרעגן?

נאָר שיינפֿעלד, אַזוי ווי ער זאָל וויסן, וואָס איך טראַכט, האָט מיר אַליין געזאָגט :

— איך מאַך זײַן בוך, די ביאָגראַפֿיע, מיסטער קאַרעלינ'ס. טאַקע צוליב דעם האָט ער מיר געגעבן דעם "דזשאַב" אין דער "איסט וועסט לאָון סאָסייעטי". איך וויל ברענגען מײַן פֿרוי, צוליב איר האָב איך זיך אונטערגענומען די אַרבעט . . .

שיינפֿעלד האָט וועגן דעם גערעדט אָפֿנהאַרציק, ווי מען רעדט וועגן אַ מוז זאַך. געקוקט האָט ער ניט אויף מיר, נאָר אויפֿן טיש. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער רעדט עס טאַקע ניט צו מיר, נאָר צו זיך אַליין, ער דערציילט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל זיך אַליין, פֿאַרוואָס ער האָט זיך "אונטערגענומען" טאָן די אַרבעט.

---

182

— איך קען אײַך איצט אָפּגעבן די פֿופֿצן דאָלער, וואָס איר האָט מיר געבראַכט, ווען איך בין געווען קראַנק, ווײַל איר האָט מיר דעמאָלט ניט געזאָגט, בײַ וועמען איר האָט זיי באַקומען.

— איך האָב אײַך געזאָגט, שיינפֿעלד, אַז איך האָב זיי באַקומען בײַ משיח'ן, און משיח'ן דאַרף מען ניט אָפּגעבן צוריק.

— איר האָט מאָדנע אײַנפֿאַלן, האָט שיינפֿעלד געלאַכט, גאָר בײַ "משיח"ן . . .

דערנאָך האָט מיך שיינפֿעלד אַ פֿרעג געטאָן :

— יענער יונגערמאַן, וואָס איר זײַנט מיט אים געווען בײַ מיר, ווי הייסט ער?

— יענער יונגערמאַן האָט אפֿשר ריכטיק געזאָגט . . . וואָס איז די נפֿקא מינה, צי מיסטער קאַרעלינס פֿאָטער איז געווען אַ ,,גווינט-מיל" צי אַ "נייס מען" (אַ פֿיינער מענטש)? פֿאַר וועמען איז דאָס אַן אונטערשייד?

איצט האָב איך געזען באַשיינפערליך, אַז שיינפֿעלד רעדט צו זיך אַליין, ווײַל אויף מײַנע ענטפֿערס האָט ער אינגאַנצן ניט געוואַרט.

— ווען איך וואָלט געקענט פֿרעגן אַן עצה בײַ מײַן פֿרוי, וואָלט זי מיר געוויס געזאָגט יאָ . . . געוויס. איך האָב איר שוין אַוועקגעשיקט צוויי פּעקלעך שפּייז, אפֿשר וועט זי זיי באַקומען.

— שיינפֿעלד איז שוין איצט ניט דער זעלבער שיינפֿעלד, איר פֿאַרשטייט, רבֿקה? לאָדזש איז שוין ניטאָ. "זײַן" טאַטע, דער "ווינט מיל", שוין אויך ניטאָ. רב שמואל קאַטאָוויצער, וואָס האָט קיינמאָל קיין ליגן ניט געזאָגט, און האָט ניט געקענט פֿאַרליידן, אויב עמיצער אַנדערש זאָגט אַ ליגן, איז שוין אויך ניטאָ. טאָ וואָס איז די נפֿקא מינה, צי מיסטער קאַרעלינס טאַטע איז געווען אַזוי, צי אַזוי? אין דער אמתן?

אין די מוּוויס האָבן מיר געזען, ווי איין שפּיאָן גיט אַרויס דעם צווייטן, און זיי טרעפֿן זיך דערהאַך אין איין תּפֿיסה און וואַרפֿן זיך איינער אויפֿן אַנדערן מיט די פֿויסטן.

— אַ שיינע וועלט געוואָרן, האָט שיינפֿעלד אַ זאָג געטאָן און

---

183

האָט אַ בראָך געטאָן די פֿינגער פֿון ביידע הענט מיטאַמאָל, ווי איינער, וואָס עס האָט אים אַן אומגליק געטראָפֿן.

— "פּראָפֿעסאָר", וועל איך ניט אונטערשרײַבן אונטערן בוך, בלויז "דאָקטער", אַזוי האָב איך אָפּגעמאַכט מיט מיסטער קאַרעלינען, און אַן אוניווערסיטעט האָב איך דאָך טאַקע געענדיקט . . . און שיינפֿעלד האָט אַ מאַך געטאָן מיט אַ האַנט . . . איך וואָלט געוואָלט זען דעם יונגען מאַן, וואָס איר זײַנט דעמאָלט מיט אים געווען בײַ מיר. ווי הייסט ער? האָט שיינפֿעלד מיך איבערגעפֿרעגט נאָך אַמאָל.

— לעוויט, האָב איך אים געענטפֿערט, ווײַל דאָס מאָל, האָט שוין שיינפֿעלד געוואַרט אויף אַ תּשובה.

— קומט מיט אים צו מיר, האָט שיינפֿעלד געבעטן אַוועקגייענדיק.

ער וויל זען "רעד"ן. צוליב וואָס וויל ער אים זען? אַלע ווילן זען "רעד"ן, און רוט איז צוליב אים אַוועקגעפֿאָרן קיין קאַליפֿאָרניע.

מיר דאַכט זיך, אַז אינדערהיים בײַ זיך ליגט שיינפֿעלד אויף זײַן נידעריק בעטל, כמעט בײַ דער ערד, און רעדט צו זיך אַליין. צי איז טאַקע אַ נפֿקא מינה פֿאַר עמיצן, צי מיסטער קאַרעלינס טאַטע איז געווען אַ "ווינט מיל", צי "אַ נייס מען", אַז לאָדזש איז שוין סײַ ווי ניטאָ . . .

רי "שרפֿה"

19־טער מאַי.
איך האָב אַזאַ מזל, אַז קיין זאַך גייט מיר ניט אָפּ גלאַט, דאַרף איינפֿאַלן דער מיסיס שאָר צו דערציילן בײַ דער טאַנטע אין הויז, אַז איך האָב איר געקראַכט "ראָוזעס" . . . איז דאָרט געווען די אמתע חתונה. איז דאָך נאָך ווייניק געווען, וואָס זי האָט דערציילט, זי האָט פּשוט גענומען די בלומען און האָט זיי מיט דער וואַזקעלע אַרײַנגעטראָגן ווײַזן, וואָס הײַנטיקע "גרינע" זײַנען. דאָס ערגסטע איז, וואָס עדי איז אויך געווען דערבײַ. ער האָט געוויס דערקענט די רויזן. ווען איך ווייס, אַז דערפֿון וועט אַרויסקומען אַזאַ פֿאַרקאָבעניש, וואָלט איך דאָס געוויס ניט געטאָן. אַלע מאָל

---

184

טו איך אָפּ אַ נאַרישקייט און זע זיך אַרום שפּעטער, ווען מען קען שוין ניט כאַפּן צוריק.
— אַזוי רייך ביסטו דאָס געוואָרן? אינמיטן דערינען ברענגען אַזעלכע פֿיר "ראָוזעס" . . . — האָט מיך די טאַנטע געפֿרעגט. איך האָב הײַנט געגעסן בײַ דער טאַנטע אָוונט ברויט. סעלמאַ און עדי זײַנען אַרויסגעפֿאָרן מיט אַן "עקסקוירשן" (אויספֿלוג) אין אַטלאַנטיק סיטי — האָט מיך די טאַנטע גערופֿן צי זיך אויף "סאַפּער". ווען די טאַנטע זאָל דאָס וויסן, פֿונוואַנען די רויזן קומען, — מער וואָלט ניט געפֿעלט . . . אין "רעד" ווייס שוין אויך פֿון די רויזן. ער איז פֿרייטיק צו נאַכט אַרײַן צו דער טאַנטע. ער האָט געבראַרט פֿאַר מאַרווינען אַ "מעגעזין" מיט "געימס", פֿאַרוואָס איז ער גראָד געקומען פֿרייטיק צו נאַכט? אפֿשר ווײַל איך קום אַהין? און אפֿשר איז ער טאַקע געקומען צוליב מאַרווינען? זיי זײַנען דאָך אויך פֿרײַנט, אָדער ווי שיינפֿעלדס לאַנדסמאַן זאָגט : אַ פֿרענד אָף מײַן
. ווער קען
וויסן? עס טוט מיר באַנג פֿונדעסטוועגן, וואָס איך בין גראָד דעם פֿרייטיק אַוועק מיט שיינפֿעלדן אין די מוּווּיס . ווען שיינפֿעלד זאָל פֿרייטיק ניט קומען צו מיר, וואָלט איך געזען "רעד"ן .
און אפֿשר איז די לאָנדריניטשקע גערעכט, אַז זי זאָגט . "זיי" קומען שטענדיק צוריק, אויב אַ מיידל געפֿעלט "זיי" . .
דער אָנקל איז הײַנט געווען זייער פֿאַרזאָרגט. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין אַלע צימערן אַזוי ווי ער זאָל עפּעס זוכן. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט גענומען אַ בלייפֿעדער און האָט געמאַכט דעם רעכענונג פֿון דער "שרפֿה". די "טרפֿה", — רופֿט דער אָנקל די הוצאות, וואָס מען דאַרף מאַכן צו סעלמאַס חתונה. פֿון אָנקלס רעכענונג האב איך זיך דערוווּסט, אַז קיין "אינגעידזשמענט" (תּנאים) וועט מען ניט מאַכן בײַ סעלמאַן. עס דאַרף צו טייער קאָסטן. פֿון דער חתונה וועט מען אויך בלייבן "אָפּגעקאָכט". עדיס מאַמע זאָגט, אַז זי דאַרף "אינווייטן" (איינלאַדן) הונדערט "קאָפּלס" (פּאָרלעך). און אַז זיי "אינווייטן" הונדערט פּאָרלעך, מוז דאָך די טאַנטע איינלאַדן כאָטש פֿינף און זיבעציק.
— אַז זי האָט דעם "באָי", — האָט זי די גוטע קאָרט אין האַנט, האָט די טאַנטע געטענה'עט, דאַרף מען איר נאָכגעבן אַלע

---

185

משוגעתן . . . אַנדערש פּאַסט איר ניט, ווי נאָר אין האָטעל "דאלעי". זי וועט אַנדערש איר עדין צו דער חופּה ניט פֿירן, ווי נאָר אין האָטעל "ראלעי". הונדערט "קאָפּלס" דאַרף זי איינלאַדן ! וואָס איז דאָס? אַ "פּרעזידענשל קאַמפּיע"? און "אַ מעסטער אָף סערעמאָני" (אַ צערעמאָני מייסטער) האָרף זי. און אַ "מעסטער אָף סערעמאָני" אין האָטעל "ראַלעי" הייסט זיך אָנשרײַבן אַ טשעקל פֿון פֿופֿציק דאָלער.
— נו ,אַ "טרפֿה", האָט געזאָגט דער אָנקל, אַ "טרפֿה" ניט קיין חתונה . . . אָט לאָמיר זען וויפֿיל די שרפֿה דאַרף קאָסטן : הונדערט "קאָפּלס" זייערע און פֿינף און זיבעציק אונדזערע, איז אַ קיימאַ-לן פֿון זיבן הונדערט דאָלער . . . .
די טאַנטע, וואָס האָט, זעט אויס, געטראָגן דעם גרעסטן פֿאַרדראָס אויפֿן "מעסטער אָף סערעמאָני", האָט באַלד אים אונטערגעטראָגן צום חשבון :
— נו, און דער "מעסטער אָף סערעמאָני", די אָנשיקעניש, דאַרף קאָסטן פֿופֿציק דאָלער . . .
— דער רב, מיטן חזן, מיטן באַהעלפֿער, מיטן כאָר, מיט דער באַזינגערקע . . איז אַ קיימאַ-לן פֿון אַ צוויי הונדערט דאָלער . . .
— אַז עס איז דאָ אַ רב, צו וואָס דאַרף מען נאָך דעם באַהעלפֿער?
— מען דאַרף דעם באַהעלפֿער, האָט דער אָנקל דערקלערט, ווײַל בײַ איר טאָכטער, איירין, איז אויך געווען אַ באַהעלפֿער, וועט "זי" דיר דעם זון אָפּגעבן ביליקער ווי אַ טאָכטער?
"זי", עדיס מאַמע הייסט עס, וואָס האָט די גוטע קאָרט אין האַנט.
די טאַנטע איז געפֿאַלן אויף אַ פּלאַן :
— צו וואָס דאַרפֿן מיר "אינווייטן" פֿינף און זיבעציק קאָפּלס? אפֿשר וועט זײַן גענוג פֿופֿציק ז' וועט אויך זײַן גענוג דער יריד...

— נייַן, איידע, אַז עס איז דאָ רב פּייקל מוז שוין זײַן רב צימבל . . . האָט דער אָנקל אויסגעזונגען מיט אַ גמרא ניגון, און פֿאַרגעס ניט, אַז די געסט וועלן ברענגען פּרעזענטן און דערנאָך וועט מען זיך ניט שעמען אויסציילן וויפֿיל פּרעזענטן עס האָט

---

186

געבראַכט דעם חתנס צד, און וויפֿיל דער כלהס צד . . . און אפֿשר וועלן מיר טאַקע אויך איינלאַדן אַלע הונדערט "קאָפּלס", אַז עס איז אַ שרפֿה — איז פֿאַרפֿאַלן . . .
הײַנט דערנאָך משקה, קענדי, "פֿלאַורס", "טיפּס" "אינוויטישן קאַרטס" (איינלאַדומס קאַרטלעך), און איין קליינינקייט, אַ "דרעס" (קלייד) פֿאַר דער כלה, און "וועדינג פּיקטשורס" (חתונהבילדער), און סתם איז דאָך אַ דאָלער אַ ממזרל בײַ אַזאַ געלעגנהייט. מיר וועלן דאָס ניט מאַכן מיט קיין פֿופֿצן הונדערטער.
איך בין געזעסן און געזען פֿאַר די אויגן עדין, אָנגעשפּאַרט אויף דער פּאַרענטש בײַ די טרעפּלעך פֿון דער לאָונדרי, און איך האָב זיך דערמאָנט דעם ניגון, וס ער האָט געברומט. דער אָנקל האָט באַמערקט, אַז איך בין אַרטראַכט און האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן :
— און רבֿקה גייט שוין גאָרניט אַרײַן אין רעכענונג ! רבֿקהן דאַרף מען אויך אויסשטאַטן צו דער חתונה, אַז עס איז דאָ אויף אַ טיר איז דאָ אויף אַ קליאַמקע . . .
איך האָב באַמערקט, אַז דער אָנקל האָט זיך אַביסל פֿאַרכאַפּט, ווען ער האָט עס געזאָגט, און די באַקן זײַנען בײַ אים ראָז געוואָרן. זעט אויס, ער האָט חרטה געהאַט, וואָס ער האָט געמאַכט דעם רעכענונג פֿון דער "שרפֿה" פֿאַר מיר אין די אויגן . . .
מער פֿון אַלץ האָט מיך געאַרט, וואָס מען לייגט דערווײַל אָפּ סעלמאָס תּנאים, ווײַל ווען וועל איך זען "רעד"ן? און די חתונה איז אַזש אין אָקטאָבער . . . מאַי, יונ, יולי, אויגוסט, סעפּטעמבער, אָקטאָבער . . . זייער לאַנג צו וואַרטן, זייער לאַנג . .

אַ בריוו פֿון רוטן
12-טער מאַי
איך האָב הײַנט געזען "רעדן". ווען איך בין געפֿאָרן מיט דער "סטריט קאַר" פֿון דער אַרבעט, האָב איך אים געזען. ער איז געגאַנגען מיט אַ מיידל. אָן אַ היטל איז ער געווען. עס האָבן אַ לויכט געטאָן זײַנע רויטע האָר.
— ווער איז דאָס מיידל?
— וווּהין גייען זיי?

---

187

טראַכטנדיק בין איך איבערגעפֿאָרן מיט צוויי סטאַנציס ווײַטער, ווי איך האָב באַדאַרפֿט, און בין אַוועק צוריק צופֿוס. גיין איז בעסער ווי פֿאָרן. אַז מען גייט, קען מען זיך אָפּשטעלן אוא צוגיין צו וועמען מען וויל.
אינדערהיים האָב איך געטראָפֿן אויפֿן טישל בײַ מיר אַ בריוו אין אַ לאַנגן געלן קאָנווערט. איך האָב געוואָלט זען פֿון וועמען דער בריוו איז, נאָר קיין צוריק-אַדרעס איז ניט געווען. דער בריוו איז אָנגעקומען צו דער טאַנטע און געבראַכט האָט אים מסתם די מיסיס שאַר. זי פֿאַרדינט שטענדיק די מצווה און ברייגנט מיר די בריוו. איך וואָלט זיך גיכער געקענט ריכטן, אַז לובלין איז אַרײַנגעפֿאָרן קיין ניו יאָרק, אָדער די ווענט בײַ מיר אין צימער זאָלן אָנהויבן ריידן, איידער אויף אַ בריוו פֿון רוט'ן. וואָס האָט מיר רוט צו שרײַבן? רוטס בריוו איז באַשטאַנען בלויז פֿון אַ פּאָר ווערטער .
— "דאָנט טינק יו'ר לאָקי" (מיין ניט, אַז דו ביסט גליקלעך) . . . רוט.
וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אָנשיקעניש? גראָד הײַנט, אַז איך האָב געטראָפֿן "רעדן" גיין מיט אַ מיידל אויף דער גאַס, האָט מיר רוט אַרײַנגעשיקט איר גוטע ווינשעוואַניע. און גאַנץ מעגלעך, אַז רוט איז גערעכט, און עדי איז אויך גערעכט געווען, אַז "רעד" איז אַ "לאָופֿער" און אַ "באָט". רוטס בריוועלע איז געווען געשריבן מיט געדרוקטע אותיות, ניט מיט קיין געשריבענע, מסתם האָט זי געוואָלט, אַז איך זאָל דאָס קענען איבערלייענען, און אפֿשר האָט זי ניט געוואָלט שרײַבן מיט איר ריכטיקן כתב, טאָמער איך וועל ווײַזן דעם בריוו "רעדן". ווער ווייסט זיי? די היגע מידלעך זײַנען אַנדערע . . . און די היגע בחורים זײַנען "באָיעס", און עס קען דין, אַז די לאַנדריניטשקע איז גערעכט וועגן זיי :
"פֿאַרמעט די טיר און פֿאַרגעסן . . ." און "רעד" איז אויך מסתם אַזוי . . . אָט שרײַבט דאָך רוט : "דאָנ'ט טינק יור לאָקי..."
איך האָב הײַנט געהערט, ווי די לאַנאָדריניטשקע האָט זיך איבערגערדט מיטן מאַן. ער האָט זי גערופֿן אין אַ "מוווי", און זי האָט בעסער געוואָלט ליגן און לייענען אַ בוך.

---

188

— אַז דו לעבסט דאָך נאָך אַלץ מיט טאָלסטאָיען, האָט ער איר געזאָגט.
— נו טאָ וואָס אַרט דאָס דיך?
— עס דט מיך שוין גער . . . האָט ער געענטפֿערט, און איז אַוועק אין די "מוּוויס" אַליין.
פֿאַרן אַוועקגיין האָט ער אַ מירמל געטאָן — אַזוי גוט ווי אַליין דאָס גאַנצע לעקן . . .
קען דאָס זײַן, ער זאָל זײַן אײַפֿערזיכטיק צו טאָלסטאָיס בילד? עפּעס אַזוי האָט עס אויסגעזען הײַנט.

די וועדט דרייט זיך
און "די לובלינער ליידיס סאָסייעטי" — אויך
25־טער מאַי.
ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז די וועלט דרייט זיך. ניט נאָר די וועלט דרייט זיך, נאָר אַפֿילו די "לובלינער ליידיס סאָסייעטי" דרייט זיך אויך. די מיסיס טקאַטש איז שוין ווידער געוואָרן פּרעזידענטין. עס האָט איר צוגעשפּילט דאָס מזל, וואָס מיסטער שאַמוט ווערט דעם זומער אַלט פֿופֿציק יאָר. די "לובלינער ליידיס סאָסייעטי" האָט גערופֿן צוליב דעם אַן "עקסטראַ" מיטינג, און די מיסיס ראַבקין האָט פֿאָרגעלייגט, אַז מיסיס טקאַטש זאָל זײַן "קעפּטן" פֿון דער גאַנצער אונטערנעמונג. (זעט אויס, אַז די מיסיס ראַבקין וויל זיך צוחנדלען צו דער מיסיס טקאַטש, און פֿאַרגלעטן, וואָס זי האָט בײַ איר אַרויסגעכאַפּט דאָס אָנשרײַבן די דאַנק-בריוו נאָכן "באַל").
די מיסיס טקאַטש האָט זיך פֿון אָנהויב אַביסל געקנייטשט :
— איך זאָג ניט אָפּ "באָט פּאָסיבל" (נאָר מעגלעך), עס זײַנען פֿאַראַן בעסערע פֿון מיר . . .
די מיסיס ראַבקין האָט דעמאָלט געהאַלטן אַ "ספּיטש", אַז קיין בעסערע, ווי די מיסיס טקאַטש וועט מען ניט קענען געפֿינען. זי האָט דערמאָנט, אַז דורך דער מיסיס טקאַטש האָט זיך איינגעגעבן "קריגן" צום "באַל" דעם מיסטער עדלשטיין. זי האָט אויך דערמאָנט די צוועלף פֿלעשלעך "פּאַלעסטיין" וויַע, וואָס די מיסיס טקאַטש האָט באַזאָרגט צום "באַל", און אַז עס

---

189

איז אַ "כבוד און אַ פֿאַרגעניגן" מיט איר צו אַרבעטן. דער ספּיטש איז געווען אַזאַ געראָטענער, אַז אַלע מעמבערקעס האָבן געפּאַטשט בראַוואָ, און די מיסיס טקאַטש האָט מען באַשטימט פֿאַר אַ "קעפּטן" פֿון מיסטער שאַמוטס יובילײ, און אַחוץ דעם איז זי ווידער דערווײַלט געוואָרן פֿאַר פּרעזידענטין פֿון דער "לובלינער ליידיס סאָסייעטי".
— "בעליוו מי" (גלויב מיר) — האָט מיסיס ראַבקין געזאָגט צו דער טאַנטע, "בעילוו מי", איך האָב צוויי נעכט ניט געשלאָפֿן, אַלץ געטראַכט, ווי זאָל מען דאָ "אויספּרעסן" דעם פֿאַרדראָס מיט דער מיסיס טקאַטש? און מיר איז איינגעפֿאַלן דער מיסטער שאַמוט ! מיר וועלן אים מאַכן אַ יובילײ, און מיסיס טקאַטש וועט זײַן "קעפּטן" ! און דאַטס אָל ! (און דאָס גאָר), נעכט ניט געשלאָפֿן, "באָט" ניט אומזיסט . . . און מיסטער שאַמוט איז ווערט אַ שיינעם יום טוב, ער האָט געמאַכט אַזאַ "ביוטיפֿול" (פֿיינעם) אַפּיל צו אונדזער "באַל". די מיסיס ראַבקין האָט אַזש אַ קנאַק געטאָן מיט אַ פֿינגער פֿון פֿאַרגעניגן. די מיסיס טקאַטש איז אויך געווען צופֿרידן, מען קען זאָגן, אַזש גערירט. זי האָט פֿאַררופֿן אַלע "אָפֿיסערס" (באַמטע) פֿון דער "לובלינער ליידיס סאָסייעטי" צו זיך אויף אַ "טי- פּאַרטי" (אַ גלעזל טיי). עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז "אָפֿיסערס" זײַנען דאָ אַכצן. די פּרעזידענטין, פֿיר וויצע-פּרעזידענטינס, אַ סעקרעטאַר, אַ געהילף, פֿיר אין דער קאָנטראָל קאָמיטע, פֿיר אין אַ סאָשל קאָמיטע און צוויי אין דער טייבל קאָמיטע, אַ קאַסירער און איין טרעזשורער. אַרום און אַרום אַכצן אָפֿיסערס.
נאָך דעם מיטינג האָט די מיסיס טקאַטש זייער האַרציק געדריקט די האַנט דער מיסיס ראַבקין :
— "רילי" (ווירקלעך), האָט זי איר געזאָגט, "יו'ר וואַנדערפֿול" (ביסט אַ זעלטענער מענטש) ! איך האָב ניט געוווּסט, אַז איר קענט אַזוי שיין ריידן, "דאַטס ביוטיפֿול ! " (זעלטן פֿיין). אויף דעם מיטינג האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין לובלין האָט מען צוגענומען הונדערטער יונגע לייט אויף שקלאַפֿן אַרבעט. ווו איז מיכל? און וואָס איז געוואָרן מיטן טאַטן, אויב מען האָט מיכלען אויך צוגענומען?

---

190

פֿון דעם מיטינג בין איך אַוועק מיט אַ פֿאַרטומלטן קאָפּ, דאָס האָ.רע האָט מיר ווײ געטאָן פֿאַרן טאַטן און פֿאַר מיכלען. און נאָך דאָס האָט מיר געפֿעלט . . . לעבן דער לאונדרי האָב איך געטראָפֿן עדין. איך האָב זיך דערמאָנט וועגן זײַנע רויזן, וואָס איך האָב אָפּגעגעבן דער מיסיס שאָר . . . וואָס זאָל איך אים זאָגן? . . .
— עדי, מיר האָבן שוין אַ פּרעזידענטין . . .
איך האָב זיך דערמאָנט, אַז די מאַמע עה"ש פֿלעגט אויף מיר זאָגן : "זי רעדט שוין "קאַפּידריך", ווײַל איך האָב אַליין דערפֿילט, אַז איך רייד איצט צו עדין "קאַפּידריך". עדי, זעט אויס, האָט עס אויך פֿאַרשטאַנען, נאָר ער האָט ניט געוווּסט, אַז דאָס הייסט "קאַפּידריך" און ער האָט געזאָגט
— "וועריִ גוד", רבֿקה.

ער האָט אַפֿילו ניט געשמייכלט. וואָס איז דאָס מיט עדין? ער איז אין כעס? טאָ פֿאַרוואָס בייזערט ער זיך ניט?
— "יו דאָנט לייק ראָזעס" (האָסט ניט ליב קיין רייזן), רבֿקה? האָט ער מיך אַ פֿרעג געטאָן.
— פֿאַרוואָס מיינסטו, עדי? איך האָב דיינע רויזן פֿאַרטריקנט אין בוך . . .
איך קען ניט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס מיר איז איינגעפֿאַלן אים דאָס צו זאָגן . . . נאָר מיר איז שווער געווען מודה זײַן דעם אמת... איך ווייס ניט, צי עדי האָט מיר געגלויבט, צי ניט, ווײַל ער האָט מער גאָרניט געזאָגט, ער האָט ניט דערמאָנט די מיסיס שאָר, נאָר שפּעטער האָט ער צוגעגעבן :
— "עניהאַו" (סיי ווי), רבֿקה, איך בין "גיעד" (צופֿרידן), איך זע דיך . . .
איך האָב אים גאָרניט געענטפֿערט. איך האָב זיך דערמאָנט וועגן דער "שרפֿה", ווי דער אָנקל רופֿט סעלמאַס חתונה מיט עדין אין דעם "ראַלעי" האָטעל, און איך האָב אַ פֿרעג געטאָן .
— ווען איז אייער חתונה, עדי?
— "דאָנ'ט עסק מי" (פֿרעג ניט), פּליז, רבֿקה . . .

---



עדי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין דעם פּאַרענטש פֿון די טרעפּלעך, אַזוויי יענעם מאָל, ווען איך האָב אים געזען. ער האָט שטיל געפֿײַפֿט אַ ניגון.
— זאָג מיר, עדי, דו ביסט אַ "דזשיריבאָג"?
— ,אשור, אַי עם עי בעטער דזשיריבאָג דען מאַרווין" (זיכער, איך בין אַ בעסערער "רזשיריבאָג"-טענצער ווי מאַרווין).
— מיר האָט מען געזאָגט, אַז אַ "דזשיריבאָג" איז קיינמאָל ניט אומעטיק . . .
— "דאַט'ס אַ לאַי" (דאָס איז אַ ליגן), האָט עדי געזאָגט און געשמייכלט, אַ "דזשיריבאָג" קען "סאָמטיימס" (אַמאָל) שטאַרבן אויך . . .
עדי וויל ניט חתונה האָבן, דאָס זע איך, ער איז אומעטיק... אפֿשר איז גאָר דער אָנקל ניט גערעכט וועגן עדין? אַז דער אָנקל האָט גערעדט, איז דער אָנקל געווען גערעכט, און אַז עדי שטייט דאָ בײַם פּאַרענטש און פֿײַפֿט, איז דאַכט זיך מיר עדי גערעכט.
איצט זע איך, אַז איך וריס ניט, ווער עס איז גערעכט . . .

לייזער
26־טער מאַי.
הײַנט באַקומען אַ בריוו פֿון לייזערן. זעט אויס, אַז איין בריוו זײַנער איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, ווײַל ער שרײַבט מיר : "פֿון מײַן פֿריערדיקן בריוו ווייסטו שוין מיט וואָס פֿאַראַ ניסים איך בין געקומען קיין ארץ ישראל" . . . און איך ווייס גאָרניט וועגן דעם, איך ווייס בלויז די "ניסים" ווי ער האָט זיך דערשלעפּט קיין רומעניע און דאָרטן געלעגן אין אַ שפּיטאָל. אין איצטיקן בריוו שרײַבט מיר לייזער : "איך בין געקומען קיין ארץ ישראל אָן אַ גראָשן געלט, אָן שיך, אין צעריסענע הויזן, מיט אַ צעקלאַפּטער האַנט און מיט אַ גרויסן ווייטיק, וואָס איך ווייס פֿון דיר גאָרניט. הײַנט האָב איך באַקומען דײַן ערשטן

---



בריוו און מיר דאַכט זיך, אַז די האַנט איז בײַ מיר פֿון פֿרייד בעסער געוואָרן, איך האָב געמיינט דער ווייטיק וועט קיינמאָל ניט אַריבער . . .
לייזער איז טאַקע מער לייט פֿון מיר, ער פֿירט זיך ניטאָרום אָרום מיט "רעדן" און מיט עדין אַזוויי איך דאָ . . .
לייזער איז לייזער. ער שרײַבט מיר, אַז בײַ דער ערשטער מעגלעכקייט וועט ער מיר שיקן אַ וויזע. "רבֿקה, שרײַבט ער, דו דאַרפֿסט קומען אַהער. ניו-יאָרק איז שוין אויסגעבויט. וואָס ווילסטו דאָרטן אויפֿטאָן? וואָס וועט פֿון דיר דאָרט ווערן? נאָך אַ פֿאַבריק מיידל? אָדער נאָך אַ קרעמערקע? אַשאָד אויף דעם אַוועקגעבן אַ לעבן . . ." אַזוי שרײַבט ער, לייזער. אַזוי ווי ער זאָל זײַן דערבײַ. וואָס וועט פֿון מיר ווערן? "עס קען זײַן איך וועל זיך דאָ נעמען צו מײַן אַלטן פֿאַך, שרײַבט לייזער, וועל קריגן עלעקטראָ-טעכנישע אַרבעט. איך האָב דאָ געטראָפֿן הערשל זאָמערשיין. ער הייסט דאָ הערשל שמשי. ער אַרבעט בײַ בויען היקער. ער זאָגט, ער וועט מיר העלפֿן זיך איינאָרדענען. ער רעדט העברעאיש, ווי אַ וואָסער, און ער איז אַ ווילער יונג, אַ גוטער ברודער . . . ער העלפֿט מיר אַסך אַרויס . . . שטעל זיך פֿאָר, ער געדענקט דיינע צעפּ. ער האָט מיך טאַקע געפֿרעגט : זי האָט נאָך אַזעלכע לאַנגע צעפּ? דו דאַרפֿסט, רבֿקה, דײַן אין ארץ ישראל, און ארץ ישראל דאַרף זען דיינע צעפּ."
איך ווייס ניט, וואָס מיט מיר איז געוואָרן ! . . . די מאַמע עה"ש איז געווען גערעכט, וואָס זי האָט מיך גערופֿן "קאַפּידריך", אַן אַנדערע אויף מײַן אָרט וואָלט אַנדערש געווען. און איך וועל אויך אויפֿהערן טראַכטן וועגן "רעדן". און דעם "ליכטיקן" בריוו פֿון זײַן רוטן . . . אין לובלין וואָלט מען זיך שעמען אַזאַ בריוו צו שרײַבן, און אַזאַ בריוו צו באַקומען וואָלט מען זיך אויך געשעמט. איך וועל רוטס בריוו אַוועקלייגן צוזאַמען מיט "רעדס" פּעקל פּאַפּיראָסן, וואָס ער האָט דאָ איבערגעלאָזן. און אַז "רעד" וועט קומען, וועל איך אים דאָס אַלץ צוזאַמען

אָפּגעבן. עס קען זײַן, אַז איך וועל אים איבערלייענען לייזערס בריוו אויך, זאָל ער זען, ווער לייזער איז . . . און לייזער איז גערעכט, אַז איך דאַרף פֿאָרן קיין ארץ ישראל.

---



אַנאַטאָמיע
28־טער מאַי.
אַ גוטע וואָך די הײַנטיקע. ערשטנס לייזערס בריוו. און צווייטנס די מיסיס רובין. איך האָב גאָרניט גערעכנט, אַז זי געדענקט, אַז זי איז געווען דער מאַמעס עה"ש אַ חברטע, זי האָט מיך הײַנט אינמיטן דערינען געשיקט רופֿן. איך האָב גאָרניט געקענט פֿאַרשטיין, צו וואָס זי דאַרף מיך. איך האָב שוין אַפֿילו אַ טראַכט געטאָן, מסתּם איז שוין אויס מיט מײַן "דזשאָב", מיסטער רובין וויל מיך ניט אין זײַן "פֿעקטאָרי" . . . אָבער גראָד פֿאַרקערט. זי האָט מיך גאָר געהאַט אין זינען.
די מיסיס רובין, איז, ווי שטענדיק, געווען אַרומגעשטעקט מיט די מאַשינקעס, וואָס מאַכן קרייזלדיק די האָר. איך פֿאַרשטיי ניט, פֿאַרוואָס זי גייט שטענדיק אַרומגעשטעקט מיט די מאַשינקעס. ווען זשע זײַנען אירע האָר שיין, אַז שטענדיק זעען זיי אויס ווי הערנערלעך? אָבער דערפֿאַר, אַז זי קומט צי אַ מיטינג פֿון דער "לײדיס סאָסייעטי" גיבן זיך בײַ איר די האָר קיין ריר ניט, זיי ליגן אַלע ווי אײַנגעשוואָרן, אַ קרייזעלע לעבן אַ קרייזעלע, פֿיר פֿון דער זייט, און פֿיר פֿון דער זייט, און אינמיטן אַ שרונט. איך טראַכט פֿונדעסטוועגן, אַז צוליב די מיטינגען אין דער "לובלינער לײדיס סאָסייעטי" איז ניט כדאי אַרומגיין שטענדיק מיט הערנערלעך אין די האָר. די מיסיס רובין האָט מיר געזאָגט גאָר פּשוט : "וואָס ווערסטו אויסזיצן בײַ מײַן מאַן אין פֿעקטאָרי בײַ די "פּיסעס"? דו קענסט נאָך חלילה פֿאַרזעסן ווערן, און ווערסט ניט פֿאַרדינען מער ווי צען דאָלער אַ וואָך. מײַן מאַן איז אַ פֿאַרנומענער מענטש. ער זעט זיך ניט אַרום, ווי בײַ אים לויפֿט דורך דער יאָר. און בײַ דיר, לילה, אַ יאָר, נאָך אַ יאָר — ביסטו אַ פֿאַרפֿאַלענער מענטש אין אַמעריקע. בײַ אַ מיידל, אַז עס לויפֿן דורך די פּאָר יאָר, איז זי אויס מיט אַלץ און מיט אַלעמען . . . האָב איך גערעדט מיט מײַן הערין, ער זאָל דיך לאָזן צוטרעטן צו אַ מאַשין, זיך לערנען נײַען, האָט ער מיר אַפֿילו געפּרוווט זאָגן : יוניע, שמוניע, אָבער איך ווייס, אַז אַ "באָס" וויל, וויל ער.

---



— אַז דו ווערסט וועלן, וועט רבֿקה קענען דעם "טרעיד", ביז די יוניע וועט זיך אויסשלאָפֿן וועט זי שוין זיצן בײַ אַ משין, האָב איך אים געזאָגט. מײַן הערי, אַז מע דרודלט אים אָן, לאָזט ער זיך. דו, רבֿקה, קוק זיך צו. זעץ זיך צו בײַ אַ מאַשין און קוק זיך צו . . . די "פּיסעס" וועלן ניט אַנטלויפֿן. דערנאָך וועט מען זען. האָב דאָס אין זינען, רבֿקה, וואָרום, אַז דו ווערסט, חלילה, בלײַבן בײַ די "פּיסעס" — ביסטו אַ פֿאַרפֿאַלענע, דאָס איז גוט פֿאַר אַן איטאַליענערקע, אָבער ניט פֿאַר דבֿ מאָטיעלע זילבערגס אייניקל.
זעט אויס, אַז מײַן זיידע רבֿ מאָטיעלע, כאָטש ער האָט געוווינט אין אַ וואַלד הינטער לובלין, און כאָטש ער איז שוין אַ יאָר צען טויט, און כאָטש ער האָט מסתּם קיינמאָל פֿון ניויאָרק ניט געטראַכט, איז ער נאָך אַלץ אין ניו-יאָרק מער יחסן פֿון מיר, כאָטש איך קען שוין פֿאָרן אין דער סאָבוועי. דער רבי פֿינקל האָט זיך אויך באַלד אַ באַפּ געטאָן, אַז איך בין רבֿ מאָטיעלע זילבערגס אייניקל, און די מיסיס רובין אויך.
עס וואָלט אפֿשר גוט געווען, אַז איך זאָל דערציילן "רעדן", אַז איך בין רבֿ מאָטיעלע זילבערגס אייניקל. אַז ער וועט קומען, וועל איך דאָס טאַקע טאָן . . .
— הערסט, עס איז גרינג, ווי גאָרניט זיך אָפּקוילענען אַ לעבן . . . מײַן שוועסטער גאָלדע איז דאָך געווען אַ "ביוטי", אַן אמתע קראַסאַוויצע. צעפּ האָט זי געהאַט לענגערע ווי דיינע און אַ פּאָר אויגן —— "אַ מיליאָן דאָלער." זי והאָלט געקענט חתונה האָבן מיט וועמען זי וואָלט געוואָלט, האָט זיך איר פֿאַרגלוסט ווערן אַ דאָקטערקע. נעם זשע, האָב שכל, און האָב חתונה מיט אַ דאָקטאָר — ווערסטו ווערן אַ דאָקטאָרשע . . . איז ניין, זי וויל אַליין זײַן אַ דאָקטערקע. און זי איז אַוועקגעפֿאָרן זיך לערנען. נו, האָט זי באַדאַרפֿט לערנען "אַנאַטאָמיע". דו ווייסט וואָס דאָס הייסט? איך וואָלט עס אויך קיינמאָל ניט געוווּסט, ווען ניט מײַן שוועסטער גאָלדע : בײַ אַ מענטשן זײַנען דאָ אָדערן.. דער אָדער גייט אַהין, און דער אָדער גייט אַהער, און אַזאַ אָדער הייסט אַזוי, און אַ צווייטער אָדער הייסט אַנדערש . . . מילא דאַרף מען געדענקען אַלע אָדערן, ווו וועלכער עס גייט

---



און ווי וועלכער עס הייסט . . . הײַנט גיי געדענק אַזויפֿיל אָדערן... פֿלעגט זי גאַנצע טעג אָפּזיצן איבער דער "אנאטאמיע" מיט די אָדערן. זומער, אַז מיר פֿלעגן גיין שפּאַצירן צום טײַך, פֿלעגט גאָלדע זיצן מיט די אָדערן. די אויגן זײַנען בײַ איר קאַליע געוואָרן, און די צעפּ זײַנען בײַ איר קורץ געוואָרן, ביז זי האָט זיך געכאַפּט, איז שוין געווען צו שפּעט . . . זי איז טאַקע געבליבן בײַ דער "אַנאַטאָמיע" און האָט פֿאַרגעסן חתונה האָבן, ניט פֿאַר דיר געדאַרט. נו, אַז איך האָב זיך דערמאָנט הײַנטיקע וואָך וועגן גאָלדען מיט אירע צעפּ, האָב איך זיך באַלד

דערמאָנט וועגן דיר, מיט דיינע צעפּ, און איך זאָג דיר, רבֿקה, דיין מאַמע עה"ש האָב איך אַזש דערזען פֿאַר
שרעק . . . און דערפֿאַר האָב איך דיך טאַקע געשיקט רופֿן. האָב זיך אין זינען, רבֿקה, דער עיקר די יאָרן . . . אָ
מיידל דאַרף היטן די יאָרן, ווי פּערל, ווײַל זיי זײַנען נאָך טייערער פֿון פּערל.
איך וריס ניט, וואָס זיי ציטערן דאָ אַלע אַזוי איבער די יאָרן. די מיסיס שאָר אַזוי, און די מיסיס רובין אַזוי, אין איין
קול, האָר "געדענק, רבֿקה, דיינע יאָרן" . . . זעט אויס, אַז זײַן אַן אַלטע מיידל אין ניו-יאָרק איז נאָך ערגער ווי אין
לובלין. איצט פֿאַרשטיי איך, פֿאַרוואָס דער אָנקל איז אַזוי פֿאַרזאָרגט וועגן סעלמאַן.

מאָנצי מיט בענצין
31־טער מאי.
צום ערשטן מאָל אויף מײַן לעבן הער איך אַזאַ נאָמען, ווי מאָנצי, אין מײַנע אויגן זעט "מאָנצי" אויס צו זײַן, ווי אַ
נאָמען פֿון אַ קעצל, אָדער פֿון אַ קאַלב, אָבער אַז מאָנצי זאָל זײַן אַ נאָמען פֿון אַ מענטשן, דאָס איז מעגלעך
טאַקע נאָר אין אַמעריקע. מיסיס שאָרס טאָכטער הייסט "מאָנצי" און איר אינגעלע, בן ציון, הייסט בענצי. צוליב
וואָס זיי האָבן אויף זיך, מיטן פֿרייען ווילן, אַזעלכע נעמען אַרויפֿגעצויגן קען איך ניט פֿאַרשטיין, אָבער כאָטש זיי
הייסן מאַרצי און בענצי, זײַנען זיי מיר דווקא געפֿעלן געוואָרן.
מאָנצי און בענצי פֿאָרן אויף זומער אין די בערג, אין די מאַונטנס, זײַנען זיי פֿאַרפֿאָרן אויף אַ פּאָר טעג צו דער
מאַמע,



צו דער מיסיס שאַר. צוליב די געסט איז מיסטער שאָר אויך געקומען. אַז איך בין דיין צו דער טאַנטע פֿאַרנאַכט
זען צי עסזײַנען זײַנען פֿאַראַן פֿאַר מיר בריוו, האָט מיך די מיסיס שאָר ניט געלאָזן אוועקגיין.
— איך האָב געסט, מײַן מאָנצין מיט בענצין, זיי פֿאָרן אין די מאַונטנס, וועסטו זיי זען. דאָס זײַנען שוין איינמאָל אַ
מאָנצי מיט אַ בענצי ! קיין עין הרע זאָל זיי ניט שאָטן.
און די מיסיס שאָר איז געווען גערעכט. מאָנצי זעט אויס, ווי מען זאָל זי נאָר וואָס אַראָפּבערענגען פֿון אַ מוווי
פּיקטשור. הויך און דין און בלאָנד — אַ פֿאַרגעניגן. און איר בענציקל, פּונקט ווי מען זאָל אים אויסגיסן, אַזוי
ענלעך איז ער צו דער מאַמען. הויך און דין און בלאָנד — אוןביידע שמייכלען. זיי זינגען בידע די זעלביקע
לידער און ביידע פּאַטשן צו מיט די הענט.
— אַ "שאָו" (אַ פֿאָרשטעלונג), — זאָגט די מיסיס שאָר, — אַן אמתער טעאַטער מיט זיי.
מיסטער שאָר רופֿט דעם קליינעם בענצי מיטן גאַנצן נאָמען, בן ציון, און ער פֿרעגט ביי אים וואָס פֿאַר.אַ סדרה
עס איז.
— וואַט סדרה אין טאָדעי, בן ציון? (וואָס אר אַ סדרה איז הײַנט, בן ציון?).
דער קליינער חזרט איבער דאָס וואָרט "סדרה" און לאַכט. ער לאַכט זיך פֿאַנאַנדער הויך און האָט שטאַרק
הנאה, ווי דער זיידע זײַנער.
בענצי פֿארשטייט ניט קיין איין וואָרט אידיש, אָבער קיין איין וואָרט, אויסער זיידע און באָבע.
— אַ גוי גמור, —— זאָגט דער מיסטער שאָר, — מען דאַרף אים שיקן אין אַ תּלמוד תּורה.
— וואַט דו אַי ניד איט פֿאָר? (צו וואָס דאַרף איך דאָס?) וווּנדערט זיך מאָנצי, רילי, וואַט איז די יוז אָוו איט?
(ווירקלעך, צו וואָס טויג דאָס?).
מאָנציס מאַן האַלט אַ וויע-געשע.פֿט צוזאַמען מיט זײַן ברודער אין סינסינעטי. זיי וווינען אין אַן איירישער געגנט.
— אין מײַן "נעיבאָרהוד" (געגנט) קומט אַ איד "וואָנס אין



אַ פּורים", זאָגט מאָנצי, "וואַט פֿאָר דו אַי ניד די תּלמוד תּורה?"
מיסטער שאָר האָט זיך אויסגעטענה'ט דן פֿעטער :
— איך האָב געטאָן אַלץ. צו מיר קען מען קיין טענה ניט האָבן. אַ רבי, איז אַ רבי. אַ תּלמוד תּורה, איז אַ תּלמוד
תּורה, און ביכלעך געקויפֿט אַ באַרג... אַי, סע האָט ניט געהאָלפֿן? וואָס קען מען מאַכן? ...
און מיסטער שאָר איז אַוועק און האָט פֿון ערגעץ געבראַכט צי שלעפּן אַ גאַנצן באַרג מיט פֿאַרטויבטע ביכלעך,
וואָס מאָצי האָט .פֿון זיי "געלערנט".
מיסיס שאָר האָט זיך צעשריען :
— טראָג אַוועק דעם "דאָסט"... (דעם שטויב).
און מאָנצי האָט זיך צעלאַכט :
— ענד אָל ד.אַט דזשאָנק אַי סטאָדיעד ! ... איט'ס טעריבל ! ... (און אָט דעם גאַנצן שימל האָב איך עס
געלערנט ! שרעקלעך ! ).
מיסטער שאָר, אַז ער האָט שוין אַוועקגעטראַרן צוריק דעם "דזשאָנק" האָט ער נאָך צוגעגעבן :
— אַ "פֿאָרטשון" (אַן אוצר) האָט עס מיר אַלץ אָפּגעקאָסט... און עס האָט זיך צוגעקלעפּט ווי אַן אַרבעס צו דער

וואַנט...
אַז מענדל פּושקאַרט איז שפּעטער אָנגעקומען, האָט ער אָפּגעזאָגט גראָסט פּשוט :
— היטלער וועט אַלעמען אויסלערנען דאַוונען, דאָרט וואַרי... (ניט געזאָרגט).
מענדל פּושקאַרט האָט זיך צערעדט וועגן ליקער ביזנעס :
— אָט זייערע ביזנעס זײַנען ביזנעס ! האָט מענדל פּושקאַרט געזאָגט וועגן מאָנציון, דער ביטערער טראָפּן איז די בעסטע ביזנעס אין דער וועלט.
און מענדל פּושקאַרט האָט דערציילט, אַז ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע איז ער שיעור ניט געוואָרן אַ שותף אין אַ ליקער-קראָם. יענער איז הײַנט אַ גרויסער גביר אויף דער "פֿיפֿט עוועניו", און ער, מענדל, איז געבליבן בײַ דער "קלינינג, דאַינג און ריפּעירינג" (וואַשן- און פֿאַרבן-געשעפֿט), אָדער ווי מענדל פּושקאַרט רופֿט עס אויף אידיש : בײַ דער "קלאָגינג, דאַיגינג און פּעיגערינג".

---

198

איך האָב צום ערשטן מאָל געהערט מענדל פּושקאַרט זיך באַקלאָגן אויף זײַן פּרנסה. איך האָב גלאַט קיינמאָל ניט געטראַרט, אַז מענדל פּושקאַרט דאַרף פּרנסה... מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מענדל פּושקאַרט דערציילט שטענדיק מעשות, כאַפּט אַמאָל אַ פּינאָקל מיט דער טאַנטע, קען גאַנץ גרענד סטריט פֿון דעם ערשטן ביזן לעצטן, ווי זיך אַליין, אָבער פּרנסה? עס קען דאָך איין איד אויף גרענד סטריט זיך אַרומדרייען גלאַט אַזוי . . . ווײַזט זיך אַרויס, אַז ער אַרבעט גאָר בײַ דער "קלאָגינג, דאַיגינג און פּעיגעריע".
די פֿאַרלאָרענע "ליקער-ביזנעס" זײַנען, זעט אויס, בײַ מענדל פּושקאַרט געוווען דער שווערסטער אומגליק אין זײַן לעבן.
— איך גיי דאָרט קיינמאָל ניט דורך אויף דער "פֿיפֿט עוועניו". וואָס איז פֿאַראַן צו גיין קוקן, ווי דו ביסט געבליבן אַ האָר...
דער אָנקל ווייסט שוין, זעט אויס, מענדל פּושקאַרטס צרות און ער טרייסט אים :
— ווען איר וואָלט געווען אין די "ליקער-ביזנעס", וואָלטן זיי מסתם באַנקראָטירט... לאָזט אָפּ, עס זײַנען ניטאָ קיין פֿאַרלאָרענע גליקן.
מיסטער שאָר האָט פֿײַנט אומעטיקע זאַכן. אַזוי ווי מען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן פֿאַרלאָרענע גליקן, האָט ער אַ שטעל געטאָן בענציקן אויף אַ בענקל און בענציק האָט אָפּגעזומען "מײַן שטעטעלע בעלז"...
— אַזוי־ווי אַ פּאָפּוגאַי... אַ וואָרט פֿאַרשטייט עס ניט, האָט געזאָגט די מיסיס שאָר.
— אַזאַ "באָי" מען זאָל אים שיקן אין תּלמוד תּורה, וואָלט ער געקענט פּסקענען שאלות . . . אַזוי האָט זיך מיט אים געגרויסט דער זיידע, מיסטער שאָר.
אַלץ ענדיקט זיך, זעט אויס, מיט אַ פּינאָקל. און אויך דאָס מל, דער "כיבוד" בײַ דער מיסיס שאָר האָט זיך געענדיקט מיט אַ פּיהאָקל. מענדל פּושקאַרט האָט געוווּנען אַ דאָלאַר מיט אַ קוואָדער, ער איז געווען זייער צופֿרידן און האָט פֿאַרגעסן וועגן דין "קלאָגינג דאַיגינג און פּעיגערינג" געשעפֿטן.

---

199

"צוויי מאָל אַ זילבערג"
4־טער יוני.
עס איז הײַנט געווען זייער אַ שיינער טאָג. אַז איך בין הײַנט אינדערפֿרי אַרויסגעגאַנגען פֿון הויז האָט מיך די זון אַ כאַפּ געטאָן, אַ ברי געטאָן דאָס פּנים און די הענט. אין שאַפּ איז הײַנט געווען זייער הייס. די מאַשינעס שיפּען מיט אַזאַ געיעג, אַז עס דאַכט זיך זיי דאַרפֿן אויסאַרבעטן פּרנסה פֿאַר גאַנץ ניו יאָרק. אַז עס איז הייס, מוז מען עטלעכע מאָל באַגיסן דעם שאַפּ, און די "פּיסעס" (שטיקלעך מאַטעריאַל) ווערן אַ תּל. קלייב איך פֿריער אויף די "פּיסעס" און דערנאָך באַגיס איך דעם שאַפּ. אַז איך באַגיס דעם שאַפּ, גיי איך ווידער קלײַבן די "פּיסעס" . . . איך האָב זיך דערמאָנט פֿון דער מיסיס רובינס שוועסטער גאָלדע. זי מיט דער :אַנאַטאָמיע, און איך מיט די "פּיסעס". זי איז געבליבן אַן אַלטע מויד. און איך? . . . וואָס קומט פֿאַר מיט מיר? אָטאָ "רעד" קומט ניט. מסתּם איז צו איר אויך עמיצער, וואָס האָט באַדאַרפֿט קומען, ניט געקומען. הײַנט האָב איך זיך צוגעזעצט לעבן שוירליס מאַשין קוקן, ווי מען נייט די הענטשקעס. שוירליס הענט דרייען זיך אַזוי גיך, און די מאַשין יאָגט זיך אין איין געיעג, אַז מיר דאַכט זיך, אַז איך וועל אַפֿילו זיך צוקוקן צען יאָר, וועל איך גאָרניט וויסן. יטוירלי, אַז איך קוק, פֿלייסט זי זיך נאָך מער. אַזוי ווי זי זאָל טאַנצן מיט דער מאַשין. אַרויף די עלענבויגנס און אַראָפּ. לינקס און רעכטס. שוירלי איז ניט שוירלי. די מאַשין איז ניט קיין מאַשין. עס איז פּשוט אַ געיעג אַזאַ און איך וועל עס קיינמאָל ניט קענען, ניין. איך וועל בעסער פֿאָרן קיין ארץ ישׂראל, טראָגן מיט לייזערן צוזאַמען ציגל און ליים, און ניט אַרומטאַנצן דאָ מיט דער מאַשין. די שוואַרצינקע אַפּרייטערקעלע, די דינינקע, ווי אַ ברעטעלע, האָט זעט אויס באַמערקט, אַז איך קוק זיך צו, און זי האָט מיך שוין ווידער געטריבן הין און צוריק. און עס איז איר "דאָסט" (שטויביק), און זי וויל "וואָטער" (וואַסער), און זי וויל איך זאָל עפֿענען די "ווינדאָו" (דאָס פֿענצטער) און זי וויל איך זאָל צומאַכן. אין דער שוואַרצינקער זיצט אַ רוח. אַן אַנדער טאָג ווערט דער רוח אין איר אַביסל

פֿאַרדרעמלט ווערט זי אַן אַפּרייטערקע, ווי אַלע

---

200

אַנדערע. און אַן אַנדערש מאָל "צעאַרבעט" זיך אין איר דער רוח, איז זי אַ גאַנצן טאָג, ווי אויף שפּילקעס. מיר
דאַכט זיך, אַז צוליב דעם רוח וואָס זיצט אין איר איז זי אַזוי דאַר. אין לובלין פֿלעגט מען דערציילן, אַז קליינע
שרעטעלעך פֿאַרנאַדיען זיך אַמאָל צו אַ פֿערד, כאַפּן זיך אַרויף רייטנדיק און יאָגן, און יאָגן און פֿאַריאָגן . . ביז
דאָס פֿערד פֿאַלט אַוועק. אין ניו יאָרק וואָס טוען די שרעטעלעך? אָט האָבן זיי זיך אַרײַנגעכאַפּט צו אונדזער
שוואַרצינקער אַפּרייטערקע, קען זי אַליין ניט רוען און וויל מיך פֿאַריאָגן.
נאָך דער אַרבעט איז שוירלי געגאַנגען צו אַ "סעיל" (אַן אויספֿאַרקויף) אויף מאַנטלען.
— קאַם אַן, האָט זי געזאָגט, עס איז אַ "סעיל".
אַ "סעיל" איז פּשוט אַ גוואַלדאָוונער יאַריד. די "ליריס" האָבן זיך אַרשגעקלעפּט אַרום און אַרום די מאַנטלען,
און זיך אָנגעהויבן אָנמעסטן. עס האָט אויסגעזען, ווי עפּעס אַ פּורים־שפּיל, די מאַנטלען זײַנען אַרומגעגאַרגען
פֿון איינער צו דער אַנדערער ווי לעבעדיקע, מײַן שוירלי האָט זיך אַ דריי געטאָן אין אַ גרינעם מאַנטל אַהין,
אַהער, זי קויפֿט שוין דעם "קאָוט".
— גרין, האָט זי געזאָגט, איז מײַן קאָליר.
איך האָ אויך געוואָלט קויפֿן אַ מאַנטל, נאָר מיר פֿעלט נאָך געלט. איך האָב אינגאַנצן זעקס דאָלער און אַ
מאַנטל דאַרף קאָסטן פֿופֿצן.
די לאָנדריניטשקע האָט מיר געזאָגט, אַז זי וועט מיר באָרגן ניין דאָלער, זי ווייס, אַז איך וועל איר אָפּגעבן, ווייס
איך ניט, צי זאָל איך בײַ איר באָרגן? מיר דאַכט זיך, אַז גלייכער איז וואָס ווייניקער אָנקומען צו עמיצן, אַפֿילו צי
דער לאָנדריניטשקע, כאָטש זי מיינט עס פֿון גאַנצן האַרצן. ווען עס וועט זײַן הייס, וועל איך גיין אָן אַ מאַנטל,
און ווען עס וועט זײַן קיל, וועל איך אויך
די טאַנטע האָט מיר געזאָגט, אַז זי
ניט דעראַראָרן ווערן .
וועט מיר געבן סעלמאַס אַ מאַנטל, האָב איך געזאָגט, אַז עס איז ניט מײַן קליר. דאָ, אַבי מען זאָגט קאָליר —
גלויבט מען. מײַן קאָליר, איז דאָ אַזוי פֿאַרשטענדלעך, ווי מיסיס פּושקאַרט זאַרט : מײַן "דייעט". און אַז איך האָב
געזאָגט — ניט מײַן

---

201

קאָליר — האָט שוין די טאַנטע מיך מער ניט געבעטן. איצט זאָג איך שוין אַ ליגן אַזוי גרינג, אַז איך פֿאַרגעס
אפֿילו, אַז דאָס איז אַ ליגן. דער אמת איז : איך וויל ניט גיין סעלמאַס מאַנטלען. אין לובלין גיט מען אָפּ אַן אַלט
מאַנטל דער דינסט, זי זאָל דאָס "שלעפּן". וויל איך ניט "שלעפּן" סעלמאַס מאַנטלען.
— עס איז דיר ניט קאַלט פֿאַרנאַכט? האָט מיך די טאַנטע געפֿרעגט.
— מיר איז קיינמאָל ניט קאַלט, האָט איך דער טאַנטע געענטפֿערט.
די טאַנטע האָט מיך עפּעס מאָדנע אָנגעקוקט און דערנאָך האָט זי געזאָגט :
— ניט אומזיסט ביסטו צווימאָל אַ זילבערג ! (מײַן מאַמע און מײַן טאַטע זײַנען געווען קוזינס, אוןביידע
זילבערגס).
איך מײַן, אַז עס איז גלייכער פֿלנדעסטוועגן זאָגן אַ ליגן, איידער צו טראָגן סעלמאַס אַן אַלט מאַנטל.

מיסיס קאָשעס און די "שיינע פּאַווע
6־טער יוני.
וואָס איין דאָלער קען מאַכן? די מיסיס קאָשעס איז מיר שולדיק געבליבן אַ דאָלער. אַז איך בין אַוועק פֿון איר
צו מיסטער רובינען קלײַבן די "פּיסעס", האָט מיר ניט געפּאַסט גיין צו איר מאָנען דעם דאָלער. מילא, האָב איך
געטראַרט, מיטן דאָלער, אָן דעם דאָלער, די זעלבע גבירטע. הײַנט, אַז איך בין געקומען פֿון דער אַרבעט, האָב
איך געטראָפֿן בײַ זיך זיסעלען, דער מיסיס קאָשעס'עס "איידזשענטקע". איך האָב ניט געקענט פֿאַרשטיין, וואָס
טוט בײַ מיר זיסעלע. ווייזט זיך אַרויס, די מיסיס קאָשעס האָט מיר אָפּגעשיקט דעם דאָלער. זיסעלע האָט זיך
גאַנץ פּאַמעלעך געעפֿנט דעם "פּאַקעטבוק" (טאַש) און האָט פֿון דדטן אַרויסגעצויגן אַ דאָלער, זעט אויס זי
האָט געוואָלט געפֿינען דעם זעלביקן דאָלער, וואָס די מיסיס קאָשעס האָט איר געגעבן, ווײַל זי האָט אים לאַנג
געזוכט. און דערנאָך האָט זי מיר דערציילט :
— די מיסיס קאָשעס איז קראַנק. דער פֿוס איז בײַ איר

---

202

געשוואָלן געוואָרן, און זי ליגט. זי האָט געבעטן דו זאָלסט צו איר קומען "מענאַקעכוילעזײַן".
איך בין אַראָפּ מיט זיסעלען. איך האָב געוואָלט זען די מיסיס קאָשעס. וואָס האָט זי זיך עפּעס פּלוצלינג דערמאָנט וועגן מיר און מיר צוגעשיקט דעם דאָלער? ווי מאָדנע דאָס איז, וואָס זי האָט גאָר געקלערט וועגן מיר.
מיסטער שליוועקע, דער לאָנדרימאַן, האָט מיך פֿאַרהאַלטן אַ ווײַלע.
— רבֿקה, איך האָב פֿאַר דיר אַ ,גנאָוט" (אַ צעטעלע).
מיר האָט אָנגעהויבן קלאַפּן אין האַרצן. כאָטש צעטעלעך, ווייס איך, שרײַבט עדי, אָבער אפֿשר? אפֿשר איז דאָס מאָל אַ צעטעלע פֿון "רעד"ן?
דער לאָנדרימאַן האָט מיר דערלאַנגט דעם "נאָוט", אַ בריוועלע אין אַ קליין קאָנווערטל, איך האָב דערקאָנט שיינפֿעלדס כתב. אין קאָנווערטל איז געלעגן אַ טשעק פֿון פֿופֿצן דאָלער און אַ צעטעלע :
"ליבע רבֿקה, גיט עס אָפּ משיח'ן. שיינפֿעלד".
עפּעס אַ מאָדנער טאָג. אַלע ברענגען מיר געלט. מיסיס קאָשעס האָט זיך דערמאָנט וועגן דעם דאָלער, וואָס זי איז מיר געבליבן שולדיק. און שיינפֿעלד האָט זיך דערמאָנט וועגן משיח'ס פֿופֿצן דאָלער. אָבער עס איז ניט פֿון "רעד"ן. "רעד" האָט זיך ערגעץ באַהאַלטן צווישן די סך מויערן אין ניו יאָרק.
די מיסיס קאָשעס איז טאַקע קראַנק. זי האָט מיך צוגערופֿן מיט אַ פֿינגער צום בעט און מיך געבעטן זיצן.
—— סיט-דאַן, רעי, האָט זי געזאָגט, זעץ זיך.
די מיסיס קאָשעס האָט ניט פֿאַרגעסן, אַז מײַן נאָמען איז "רעי", כאָטש בלויז זי אַליין רופֿט מיך אַזוי.
איך האָב קיינמאָל ניט געזען, אַז די מיסיס קאָשעס זאָל מאַכן מיט די הענט, ווען זי רעדט, זעט אויס, אַז דער שטעקן פֿלעגט איר שטערן. הײַנט, ליגנדיק אין בעט, האָט זי גערעדט און האָט אַלץ געהויבן מיט די הענט.
— איך האָב געבראַכט קיין אַמעריקע נײַן פֿאַרשוין. פֿיר מיידלעך חתונה געמאַכט. איצט, אַן איך ליג, רופֿט מען מיך אָפּ אויפֿן טעלעפֿאָן : "האַו אַר יו ענט?" (וואָס מאַכסטו, מומע?)

---

203

אַז איך דערהער "האַו אַר יו", ווייס איך שוין, אַז מען וויל זיך פֿון מיר אָפּטשעפּען, און "דאַטס אָל" (אין דאָס גאָר).
די מיסיס קאָשעס האָט אַ נאַטור, אַז זי דערציילט עפּעס שטעלט זי זיך אָפּ אינמיטן און זי גיט אַ זיפֿץ, ווי זי וואָלט געוואָרן מיד פֿון דערציילן, אָדער פֿון דערמאָנען זיך וועגן דער זאַך.
— מײַן אינגסטע "ניעס", אַז זי האָט באַדאַרפֿט חתונה האָבן, האָב איך איר געקויפֿט אַ "בעד-רום-סעט" (מעבל אין שלאָפֿצימער) פֿאַר פֿיר הונדערט דאָלער. אַליין האָב איך אַזאַ ניט געהאַט, נאָר ער, דער "באָי" אירער, האָט געוואָלט אַ "בעדרום-סעט". פֿיר יאָר האָב איך געצאָלט אַלע וואָך צוויי דאָלער. אַלע וואָך איר געמאַכט אַ פּרעזענט פֿון צוויי דאָלער. פֿיר יאָר נאָכאַנאַנד. איצט איז זיי צופֿיל דער קאַרפֿער אויף אַראָפּפֿאָרן צו מיר, רופֿט מען אָפּ, און דאַטס אָל.
— מיי האָזבאַנד, זאָגט זי, "סענדס יו היס לאָוו" (מײַן מאַן גריסט) . . . האָסט שוין געהערט, רעי, אויפֿן טעלעפֿאָן שיקט ער מיר "היס לאַוו" . . . נו, וועל איך זיך אָפּקאָכן אַ "סיריאָל" (אַ קאַשע) דערמיט . . . זי, שאַרלאָט, האָט שוין פֿאַרגעסן, אַז ער האָט געוואָלט, דער מאַן אירער, אַ "בעדרום-סעט", און אָן דעם "בודרום-סעט" וואָלט ער צו דער חופּה ניט געקומען. איצט האָט מען אַלץ פֿאַרגעסן און דאַטס אָל. איך וועל "סטאַפּן" (אָפּשטעלן) מײַן טעלעפֿאָן און זאָלן זיי מיר אויפֿהערן שיקן זייער "לאָוו". דו הערסט, רעי, דו ביסט דאָך נאָך יונג . . . איך זאָג דיר, רעי, מען בלייבט אַליין . . אַזוי ווי אויף אַן אינדזל, און דאַטס אָל. צו וואָס דאַרף איך נאָך דער טעלעפֿאָן זאָל מיר קלינגען אין די אויערן, קלאַפּן אין קאָפּ . .. איך האָב געבראַכט נײַן מענטשן קיין אַמעריקע, שיפֿסקאַרטעס געקויפֿט, שאַרלאַט'ן אַ "בעדרום-סעט" געקויפֿט, און פּרעזענטן זיי געגעבן און וואָס ניט? . . . אַזוי ווי אין ים געוואָרפֿן און דאַטס אָל.
די מיסיס קאָשעס האָט גערעדט נאָכאַנאַנד און געמאַכט מיט די הענט. דערנאָך האָט זי זיך איינגעבויגן צו מיר און מיר דערציילט בסוד : "אָט די שאַרלאַט, מיטן "בעדרום-סעט", האָט איינמאָל "געסיינט" (געחתמעט) מײַנעם אַ טשעק פֿון פֿינף און דרייסיק דאָלער. "געסיינט" און אָפּגענומען געלט . . . און אַז איך האָב

---

204

זיך אַרומגעזען האָט זי מיר געזאָגט : נו, אַן איך האָב באַדאַרפֿט, האָב איך געזאָלט גנבֿ'ענען, האָב איך געזאָלט?" און קוקט מיר גלײַך אין די אויגן אַרײַן ווי אַ גזלן, און דערנאָך זאָגט זי : "וואָס דאַרף די טאַנטע געלט?" . . .
ווי פֿאַר פֿייער האָב איך זיך פֿאַר זיי געהיט, ווי פֿאַר אַ "שרפֿה" . . .
אָ ! זי, די מיסיס קאָשעס רעדט אויך פֿון אַ "שרפֿה", אַזוי ווי דער אָנקל וועגן סעלמאַס חתונה. וואָס טוט זיך דאָ מיט די "שרפֿות"? פֿאַרן אַוועקגיין האָט מיר די מיסיס קאָשעס געזאָגט :
— רעי, דו גייסט אַוועק? איך וויל דיך עפּעס בעטן . . . דאָ ליגט אין אַ ווייסן לײַוונט אַ "פּעקעדזש" (אַ פּעקל) . . . און זי האָט מיר געוויזן מיט דער האַנט אויפֿן שאַנק. איך האָב געעפֿנט דעם שאַנק און דערקאָנט די "שיינע

פֿאַווע", אַרומגעשפּיליעט מיט שפּילקעס, קיין שטויב זאָל ניט פֿאַלן . . .

— נעם עס אַהיים, רעי, טאָמער . . . און מיסיס קאָשעס האָט ניט דערזאָגט "טאָמער וואָס" — שאַרלאָט וועט זיך אַרײַנכאַפּן, וועט זי עס "פֿיקסן" (פֿאַרטיק מאַכן). וואָס פֿאַרשטייען זיי אויף דעם? זיי וועלן דאָס פֿאַרקויפֿן פֿאַר צען דאָלער . . . נעם עס אַהיים . . . אַז איך וועל געזונט ווערן וועסטו מיר עס צוריק ברענגען . . . און טאָמער . . . די מיסיס קאָשעס האָט ווידער ניט פֿאַרענדיקט און "טאָמער וואָס", נאָר טרערן האָבן בײַ יזיר אַ גלאַנץ געטאָן אין די אויגן.

איך האָב ניט געוואָלט אַרויסטראָגן פֿון איר צימער די "שיי.נע פֿאַווע". איך האָב געוווּסט, אַז זי וועט גיט שלאָפֿן דערנאָך. איך האָב פֿאַרשפּרייט אַ ליילעך אויפֿן טאַפּטשאַן און געבליבן שלאָפֿן בײַ דער מיסיס קאָשעס, די שיינע פֿאַווע האָב איך צוריק אַרײַנגעלייגט אין שאַנק. בײַ דער מיסיס קאָשעס איז ליכטיק געוואָרן דאָס פּנים, די טרערן האָבן זיך צוריק אַרײַנגעזאַפּט.

— דו ביסט ניט פֿון די הײַנטיקע, רעי, האָט זי מיר געזאָגט,

די הײַנטיקע וואָלטן שוין געווען אויפֿן דריטן בלאָק. בײַ זיי איז אַלץ איינס, אַבי גענומען און דאַטס אָל . . . די מיסיס קאָשעס האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אַזוי לאַנג, ביז זי איז אַנדרימלט געיואָרן.

---

205

אַ "פּלעזשור"

8-טער יוני.

עדיס מאַמע איז ניט איין פֿרוי, נאָר אַ גאַנצער וואַגאָן מיט ווייבער. ערשטנס איז זי טאַקע, קיין עין הרע, צעוואָקסן אין אַלע זייטן, אַזוי ווי מען זאָל אָנוואַרפֿן אַ באַרג קישנס, דאָ אַ קישן, דאָרט אַ קישן, און אַלע קישנס צעזאַמען טראָגן אַ שוואַרץ זיידן קלייד מיט אַ גרויסער, גאָלדענער בראָש אויפֿן האַרצן — און דאָס איז עדיס מאַמע. אַז איך בין אַרײַן צו דער טאַנטע און זי דערזען, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עס איז אַ פֿולע שטוב מיט ווייבער, נאָר אַז איך האָב זיך גוט אַרומגעקוקט האָב איך דערזען, עס איז בלויז איין פֿרוי, נאָר עס האָט זיך מיר נאָך אַלץ געדאַרט, אַז איך מאַך אַ טעות. ראָד האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט די מיסיס שאָר און האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן :

— "רעד" איז דאָ נעכטן געווען, ער האָט זיך נאַרגעפֿרעגט אויף דיר . . . און די מיסיס שאָר האָט צו מיר אַ זשמורע געטאָן מיט אַן אויג. די שטוב האָט זיך אַ דריי געטאָן און אַ היבשע ווײַלע האָב איך ניט געהערט, וואָס מען רעדט צו מיר, ווײַל ימיר האָט זיך זייער געוואָלט איבערטראַכטן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, אַז "רעד" איז דאָ געווען. איצט איז שוין די גאַנצע שטוב געיועען פֿול ניט מיט עדיס מאַמע, נאָר מיט אַ בענקשאַפֿט נאָך "רעד"ן. איך בין זיך דורכגעגאַנגען אין אַלע צימערן און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אומעטום איז ער געווען. אפֿשר איז ער דאָ טאַקע דורכגעגאַנגען אין אַלע צימערן? ערשט שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן הערן, וואָס מען רעדט, און גערעדט האָט עדיס מאַמע וועגן אַ "בעדרום-סעט". איך האָב זיך דערמאָנט, ווי נעכטן האָט מיר די קראַנקע מיסיס קאָשעס דערציילט, ווי זי האָט געקויפֿט פֿאַר איר פּלימעניצע, שאַרלאָט, אַ בעדרום-סעט, און אַז אָן דעם וואָלט דער חתן ניט געקומען צו דער חופּה. און איצט ווידער עדיס מאַמע מיטן ,גבעדרום-סעט", און מיר האָט זיך אַ דאַכט געטאָן אַ ווײַלע, אַז גאַנץ ניו יאָרק איז פֿול מיט בעדרום-סעטס, וריסע, געע, ברוינע, ווישנאָווע, און ווען מען זאָל צונעמען די בעדרומסעטס וועלן זיך אַלע חתנים צעלויפֿן און ניט וועלן גיין צו דער זפּה . . . און איך האָב אַ טראַכט געטאָן וועגן עדין, ווי

---

206

ער איז געשטאַנען בײַם פֿאַרענטש לעבן די טרעפּלעך פֿון דער וועשעריי און האָט געפֿײַפֿט . . .

עס טוט מיר באַנג, וואָס גראָד דעם פֿרייטיק האָט אונדז מיסיס שוואַרץ גענומען אין די מוּוויס, גראָד ווען "רעד" איז געקומען. ווער ווייס ווען איך וועל אים שוין זען . . . ער האָט זיך שוין ווידער באַהאַלטן אין ניו יאָרק, און ניו יאָרק איז אַזוי גרויס.

עדיס מאַמע האָט גערעדט וועגן "בעדרום-סעט".

— אַ "בעדרום-סעט" בײַ אַ "יאָנג-קאָפּל" (פּאָר-פֿאָלק) דאַרף זײַן ווי אַ "דאַל" (אַ ליאַלקע), עס זאָל זײַן אַ "פּלעזשור" (אַ פֿאַרגעניגן) אַרײַנקומען . . . "פּלעזשור" — עדט עדיס מאַמע אַרויס מיט אַזאַ שאַרפֿן "פּ", אַז די ליפּן גיבן בײַ איר אַזש אַ קלונג. און אַלץ איז בײַ איר אַ "פּלעזשור". עדיס כאַראַקטער איז אַ "פּלעזשור", די חתונה אין ראַלעי האָטעל — איז אַ "פּלעזשור", דער טאַנטעס קעיק — איז אַ ,גפּלעזשור" און דער באַזוך דאָ איז אויך פֿאַר איר געווען אַ "פּלעזשור". ווען זי איז אַוועק האָט דער אָנקל אָפּגעווישט דעם שטערן מיט אַ נאָזטיכל און האָט אַ זאָג געטאָן :

— "אָט האָסטו אַ מחותנת'טע אַ "פּלעזשור". דער אָנקל האָט ווי זײַן שטייגער, אַ שמייכל געטאָן און פֿאַנאַנדערגעבונדן דעם קראַוואַט — דער ,גפּלעזשור" מיטן ,גבעדרום סעט" וועט שוין קאָסטן נאָך אַ פּאָר הונדערט דאָלער . . . אונדזער גליק, איידע, וואָס מיר האָבן איין טאָכטער, ווען ניט וואָלטן מיר באַדאַרפֿט זיך לאָזן איבער דער וועלט מיט אַ טאָרבע".

דער אָנקל האָט אויסגעזען בלייך און זייער מיד. זעט אויס, ער האָט געהאַט עגמת נפֿש פֿון דער מחותנת'טע מיטן "פֿלעזשיר".
ווען איך האָב זיך געקליבן גיין אַהיים איז אַרײַנגעקומען סעלמאַ. אָלע איז אויף איר געווען בלוי. דאָס קלייד, די הוט, די שיך, דער טאַש, און די גרויסע ווייסע בלום אויפֿן קלייד האָט אַזוי ווי אויסגערופֿן, אַז סעלמאַ איז אַ כלה.
— דו ביסט "קוואָרלד" (צעקריגט) מיט "רעד"ן? האָט מיך סעלמאַ אַ פֿרעג געטאָן, און איך האָב דערזען, אַז אירע אויגן זײַנען אויך בלוי.

---

207

— איך בין מיט קיינעם ניט ברוגז, האָב איך געזאָגט.
— "באָט" (אָבער) ער קומט ניט צו דיר?
מיר האָט זיך געדאַכט, אַז סעלמאַן טוט עס הנאה, באָטש שפּעטער האָט זי צוגעגעבן :
— "באָט הי לאַיקס יו עניוועי" (אָבער ער האָט דיך סיי ווי ליב) . . און זי האָט אַ שמייכל געטאָן. סעלמאַ האָט מיר ניט דערציילט, אַז "רעד" איז דאָ געווען און זיך געפֿרעגט אויף מיר. גוט, וואָס די מיסיס שאָר האָט עס מיר געזאָגט, די גוטע מיסיס שאָר.
סעלמאַ טראָגט טאַקע אַ ווייסע בלום, ווי אַ כלה, אָבער עדי איז ווידער געשטאַנען און געוואַרט אויף מיר. אַ שאָד, וואָס עדי איז דאָ געשטאַנען און ניט "רעד". מיר האָט אָנגעהויבן קלאַפּן אין האַרצן.
— איך האָב געזען הײַנט דיין מאַמען, עדי.
עדי האָט מיך געפֿרעגט צי זײַן מוטער האָט גערעדט וועגן דעם בעדרום-סעט און ער האָט אַ לאַך געטאָן, ווי דעמאָלט, ווען דער אָנקל האָט אָנגערופֿן סעלמאַס ביוטי פּאַרלאָר "דער בית מדרש". אַז עדי לעט אַזוי, וועט מיר ניט אַנגענעם, ווײַל ער קריגט עפּעס אַ פּנים פֿון איינעם וואָס מאַכט חוזק. אָבער פֿון וועמען מאַכט ער חוזק? עס איז דאָך שווער זיך פֿאָרצושטעלן, אַז ער זאָל חוזק מאַכן פֿון סעלמאַן אָדער פֿון זײַן מאַמען . . . און אשר מאַכט ער גאָר חוזק פֿון מיר? נאָר צו וואָס קומט ער אַהער? איך האָב אים קיינמאָל ניט גערופֿן.
— יע, דיין מוטער האָט גערעדט וועגן "בעדרום-סעט".
— "אַי וווּד לאַיק טו גאָ וויט יו טו פלעסטיין" (איך וואָלט געוואָלט פֿאָרן מיט דיר קיין פּאַלעסטינע) . . . האָט עדי געזאָגט, און האָט גענומען מיט ביידע הענט דאָס שנירל ווייסע קרעלן, וואָס איך האָב געטראָגן אויפֿן האַלדז.
מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עדי איז אַ קליין אינגל, און ער וויל זיך שפּילן מיט מיר אין לייצעס, אַזוי האָט ער געהאַלטן די קרעלן אויף מײַן האַלדז. הײַנט האָב איך פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס עדי האָט געזאָגט "רעד"ן, אַז איך האָב אַ חתן אין "פּאַלעסטיין" . . .

---

208

— עדי, האָב איך אים געזאָגט, אָבער אין "פּאַלעסטיין" וועט ניט זײַן קיין "בעדרום-סעט" . . .
— אָלרייט, האָט עדי געזאָגט, און ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן מײַנע קרעלן אין האַנט, פּונקט, ווי אים זאָל זײַן גרינגער צו שטיין אַזוי. איך האָב אים דערלאַנגט צוויי פּעטשלאַך איבער די הענט :
— דו וועסט מיר צערייסן די קרעלן, עדי, מער פֿעלט מיר — איך וועל דיר קויפֿן אַנדערע, האָט עדי געזאָגט, און מיר
ניט.
האָט זיך געדאַרט, אַז בײַ עדין אין די אויגן ליגן שוין טרערן, כאָטש די אויגן זײַנען נאָך בײַ אים געווען אינגאַנצן טרוקן.

"נעווער"
10־טער יוני.
הײַנט האָב איך צעבראָכן אַ גלאָז מיט אַ שעלכל און הײַנט איז געקומען "רעד". עפּעס אַזוי פלוצלינג איז ער געקומען, אַז מיר דאַרט זיך, ווי פֿון הימל אַראָפּגעפֿאַלן. טאַקע הײַנט, אַז איך בין געקומען פֿון דער אַרבעט האָב איך בײַ זיך אָפּגעמאַכט : אויס מיט רעד"ן. איך וועל אויפֿהערן וועגן אים צו טראַכטן, אַרויסוואַרפֿן זײַנע סיגאַרעטן, מיט די פֿאַרטריקנטע רויזן, מיט רוטס בריוו, מיט אַלץ מיט אַלעמען און פּטור. אַמאָל מוז דאָך נעמען אַן עק, מען קען דאָך גיט אַרומגיין שטענדיק און טראַכטן וועגן "רעד"ן. מען קען דאָך ווערן "אַ פלאַמיט", ווי די מאַמע עה"ש וואָלט געזאָגט. אַזוי ווי איך בין אַזוי געשטאַנען און דאָס אַלץ אָפּגעמאַכט בײַ זיך, דערהער איך אויף די טרעפּ באַקאַנטע טריט און מיר דאַכט זיך "רעד", "רעד" גייט ! און דאָ האָב איך אַ טראַכט געטאָן : אַז דאָס איז טאַקע דער "פלאַמיט", אומעטום דאַכט זיך מיר, אַז "רעד" גייט . . נאָר איך האָב טאַקע דערהערט אויף אַן אמת :
— האַלאָ רבֿקה ! און "רעד" איז אַרײַנגעקומען. איך האָב זיך, זעט אויס, צעטומלט, אָדער גלאַט אַזוי פֿון אומגעריכטקייט, נאָר דאָס גלאָז טיי מיטן שעלכל זײַנען בײַ מיר אַרויסגעפֿאַלן פֿון האָנט און ביידע צעבראָכן

געוואָרן. און "רעד" האָט עס געזען. ער

---



האָט גאָרניט געזאָגט, נאָר ער האָט זיך אַ נעם געטאָן אויפֿקלײַבן די שערבלעך פֿון דער ערד . . . אַזאַ משוגענער. אַזוי ווי ער זאָל גאָר קיינמאָל ניט אַוועקגיין אויף האָנצע זעקס וואָכן. אַז ער האָט שוין אויפֿגעקליבן דאָס "גלאָזוואַרג", האָב איך אים דערלאַנגט זײַן פּעקל סיגאַרעטן, מיט די פֿאַרטריקנטע רויזן, מיט רוטס בריוו, אַלץ צוזאַמען.

"נאַ, "רעד", איך פֿאַרשטיי דו ביסט געקומען נאָך דיינע סיגאַרעטן, נאַ . . .

איך ווייס ניט פֿאַרוואָס איך בין געווען בייז. עפּעס איז בײַ מיר געווען אַזאַ געמיט, אַז מיר האָט זיך געוואָלט טאָן מאָדנע זאַכן. צו להכעיס. וואָס בין איך הפֿקר? אָט גייט ער אַוועק, און אָט קומט ער צוריק?

"רעד" האָט גענומען די סיגאַרעטן און זיי אַרײַנגעלייגט אין טאַש. די רויזן האָט ער אַרײַנגעלייגט צוריק אין מײַן טישקעסטל (ווי בײַ זיך אינדערהיים) און רוטס בריוו האָט ער איבערגעלייענט, האָט גאָרניט געזאָגט און האָט אים אַוועקגעלייגט צוריק אויפֿן טיש. איך האָב געקוקט אויף "רעד"ן און גאָרניט פֿאַרשטאַנען, ניט וואָס עס טוט זיך מיט מיר, און ניט וואָס עס טוט זיך מיט אים. "רעד" האָט אַרויסגענומען דעם זעלביקן פּעקל פּאַפּיראָסן וואָס איך האָב אים אָפּגעגעבן און ער האָט פֿאַררויכערט. ער האָט ניט גערעדט, נאָר געשטאַנען און גערויכערט. איך האָב אים ניט געבעטן זיצן.

"זאָל ער שטיין, נישקשה, זעקס וואָכן ניט געקומען, מעג ער שטיין אַביסל", האָב איך געטראַכט. נאָר איך האָב געזען, אַז "רעד"ן אַרט עס ניט, איך האָב געזען, אַז "רעד" איז אַזוי מאָדנע פֿריילעך. דערנאָך האָט ער אַ זאָג געטאָן

— רבֿקה, "איטאַלי" איז אַרײַן אין קריג . . .

איצט האָב איך געזען, אַז "רעד" איז משוגע, איך האָב זיך גאָרניט געכאַפּט, פֿאַרוואָס ער זאָגט עס מיר. נאָר רעד" האָט ווײַטער געזאָגט :

— דו וועסט ניט קענען פֿאָרן קיין "פּאַלעסטיין" . . . רבֿקה, דו וועסט בלייבן אין ניו יאָרק . . . און "רעד" האָט אָנגעהויבן ריידן ענגליש : "אַ'ם סאָ גלעד, רבֿקה, אַ'ם סאָ גלעד, אַ'ם סאָ

---



העפּי" (איך בין אַזוי צעפֿרידן, גליקלעך) ! דאָס האַרץ האָט בײַ מיר אָנגעהויבן שטיאַרק קלאַפּן, מיר איז געווען אומעטיק און פֿריילעך. איך האָב געפֿילט, אַז איך וועל באַלד וויינען, איך האָב געוואָלט אַרויסגיין פֿון צימער, נאָר די טרערן זײַנען געקומען גיכער, מיר איז געוואָרן הייס אין די אויגן, הייס, ווי פֿייער זאָל זיי בריען..

מיר איז געווען אומאָנגענעם וואָס איך וויין. מיר האָט זיך געוואָלט האָבן צו "רעד"ן אַ טענה, איך האָב געפֿילט, אַז איך האָב צו אים אַ טענה, נאָר ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן, און דאָס וואָס איך האָב געזאָגט, האָט מיר שפּעטער באַנג געטאָן.

— דו ביסט מיר געקומען אָנזאָגן אַ שמחה, אַז איטאַליע איז אַרײַן אין קריג . . . דאָס ביסטו געקומען און פֿריער ווו ביסטו געווען זעקס וואָכן? דו האָסט מיר צוגעזאָגט ברענגען "אָלוויז" פֿרישע רויזן? האָסטו מיר געבראַכט? איך וועל דיר מער קיינמאָל ניט גלויבן . . . קיינמאָל ניט . . .

— דו מאַכסט אַ "דזשאָק" (אַ שפּאַס) רבֿקה?

— ניין, איך שפּאַס ניט . . . איך זאָג אויף אַן אמת . . . ווער האָט דיך געבעטן קומען? ביסט דאָך אַוועק . . . ווער האָט דיך געבעטן קומען צוריק . . .

איך האָב געמיינט, אַז "רעד" וועט אַוועקגיין און וועט שוין מער קיינמאָל ניט קומען צוריק. נאָר איך האָב אים געמוזט דאָס זאָגן. איך האָב אַנדערש ניט געקענט.

נאָר "רעד" איז ניט אַוועק. ער האָט זיך גאָר אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל און האָט מיך אָנגעהויבן בעטן : סעט דאַן, רבֿקה, סעט דאַן, פּליז" . . . (זעץ זיך, רבֿקה, זעץ זיך איך בעט דיך).

די לאָנדריניטשקע איז אַרײַנגעקומען. זי האָט דערזען "רעד"ן און האָט צו אים געזאָגט זייער פֿריינדלעך

— אָ, אַ גאַסט ! איר זענט שוין בײַ אונז אַזוי לאַנג ניט געווען . . .

— איך בין געווען "ביזי" (פֿאַרנומען), האָט "רעד" איר גלײַך אָפּגעטאָקט אַן ענטפֿער און פֿריילעך געקוקט אויף איר

— און וואָס מאַכט איר מיסיס שליוווקאַ?

"רעד" קוקט הײַנט זייער פֿריילעך אויף אַלעמען, אַזוי שטאַרק

---



טוט אים הנאה וואָס איטאַליע איז אַרײַן אין קריג . . . איך קען אים ניט פֿאַרשטיין דעם "רעד".

מיר זײַנען אַראָפּ צום איסט ריווער. דער איסט ריווער האָט ווידער געלויכטן מיט אַ סך פֿײַערן, און שיפֿן זײַנען געשווומען. פֿריילעכע שיפֿן, ליכטיקע און גרויסע. "רעד" האָט מיך גענומען בײַ דער האַנט :
— רבֿקה, אמת אַז דו וועסט מיך קיינמאָל ניט "טראָסטן" (גלויבן)?
— אמת...
— דו מאַכסט אַ "דזשאָוק", רבֿקה...
— ניין, "רעד" אמת... דו האָסט מיך אָפּגעהאָרט...
"רעד" האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן !
— איך האָב דיך "געוווער" (קיינמאָל ניט) אָפּגענאַרט... און איך וועל דיך "נעוווער" אָפּנאַרן, רבֿקה, "געוווער"...
איך האָב זיך אײַנגעהערט, ווי די מאַשינעס לויפֿן, ווי עס רוישט דאָס וואַסער, און מיר האָט זיך געאָכט, אַז אַלע זאַכן, אַלע זאָגן איצט "נעוווער", "נעוווער"...
איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב גאָרניט געגעסן, אפֿילו קיין טיי ניט געטרונקען, הונגעריק בין איך ניט געווען, נאָר איך האָב דאָס געוואָלט זאָגן "רעד"ן.
מיר זײַנען געפֿאָרן ערגעץ אויף אַ באָס אין אַ "לאָנטש-רום-. איך געדענק גאָרניט, וואָס "רעד" האָט מיר געזאָגט. ער האָט מיר עפּעס געזאָגט וועגן רוטס בריוול. "רעד" האָט מיך געהאַלטן פֿאַר אַ האַנט. פֿון דעם גאַנצן אָוונט געדענק איך מער ניט ווי דאָס וואָרט "נעוווער", "נעוווער", "נעוווער"...
וואָס פֿאַראַ מאָדנער וואָרט דאָס איז ! הײַנט האָב איך געפֿילט, אַז עס איז זומער. און זומער איז גוט.

בלינצעס
12־טער יוני.
די טאַנטע האָט געמאַכט בלינצעס. אמתע שבועותדיקע בלינצעס. צו די בלינצעס האָט די טאַנטע "אינווייטעד" (איינגעלאַדן) עדין און האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל מיטברענגען

---

212

"רעד"ן. עדי קומט אַהער כמעט אַלע טאָג. נאָר הײַנט איז ער געווען ,גאינווייטעד" אין ער איז געקומען מיט אַ בלום אין לאַץ. "רעד" איז אויך געקומען מיט אַ בלום אין לאַץ. סעלמאַ האָט אָנגעטאָן אַ קלייד מיט גרויסע בלומען. אַז איך האָב דערזען, אַז אַלע זײַנען אַזוי אויסגעפּוצט בין איך אַרין צו דער מיסיס שאָר און איך האָב זי געבעטן זי זאָל מיר געבן די ליליא סאַמעטענע בלום.
— וואָס עפּעס? האָט זי אַ פֿרעג געטאָן.
— אַלע זײַנען אויסגעפּוצט צו די בלינצעס.
אַז איך בין ארײַנגעקומען מיט דער ליליא סאַמעטענער בלום אין די האָר, האָט זיך "רעד" אַזש אַ שטעל געטאָן, ער האָט דערקאָנט די בלום, און ער האָט מיך אַ פֿרעג געטאָן :
— דו האָסט אָנגעטאָן די "לאָקי" (מזלדיקע) בלום?
— יע . . .
— וואַי (פֿאַרוואָס)? האָט "רעד" געפֿרעגט און האָט געלאַכט, וואַי, רבֿקה?
— ווײַל דו טראָגסט אַ בלום אין לאַץ...
דערווײַל איז ארײַנגעקומען די מיסיס שאָר און האָט געזאָגט, אַז זי וויל אויך פֿאַרזוכן די בלינצעס. "רעד" האָט בײַ איר אַ פֿרעג געטאָן :
— מיסיס שאָר, פֿאַרוואָס האָט הײַנט רבֿקה אָנגעטאָן די "לאָקי" בלום?
— מיט דער בלום ווערט מען אַ כלה, האָט די מיסיס שאָר געזאָגט און האָט צו "רעד"ן אַ זשמורע געטאָן מיט אַן אויג.
"רעד" האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט איך זאָל זאָגן פֿאַר אַלעמען אין די אויגן, צי איך וויל ווערן אַ כלה?
— איך וויל . . . האָב איך געזאָגט.
אַלע האָבן געלאַכט, איך האָב אויך געלאַכט, "רעד" האָט געלאַכט אויפֿן קול. בלויז עדי האָט קוים געשמייכלט. מיר האָט אַ קלעם געטאָן דאָס האַרץ, איך האָב חרטה געהאַט, וואָס איך האָב אָנגעטאָן די בלום.
— מיט וועמען ווילסטו ווערן אַ כלה? האָט "רעד" מיך ניט אָפּגעלאָזט. ער איז געווען פֿריילעך.

---

213

— "טעל די טרוט", (זאָג דעם אמת), רבֿקה, פּליז, טעל די טרוט...
— מיט אַבי וועמען... האָב איך געענטפֿערט.
— אויב אַזוי, האָט "רעד" געזאָגט, ווער מיט מיר אַ כלה..
אַזויווי ער האָט עס אויסגערעדט נעמט די מיסיס שאָר און פּאַטשט בראַוואָ, און די טאַנטע אויך און סעלמאַ אויך און "רעד" אַליין אויך. איך האָב זיך אַזוי צעטומלט. אַלע זײַנען שוין הייסט עס מסכּים... מיר איז עפּעס געוואָרן שווער אויפֿן האַרצן. מיר דאַכט זיך, איך בין טאַקע געוואָרן "רעד"ס כלה.

איך האָב זיך פּלוצלינג דערמאָנט אָן לייזערן. "רעד" זאָגט, אַז איך וועל שוין ניט קענען פֿאָרן קיין ארץ ישראל. איטאַליע איז אריין אין קריג. "רעד" איז געווען זייער פֿריילעך דעם אָוונט. ער האָט געטאַנצט מיט סעלמאַן, מיט דער טאַנטע און מיט דער מיסיס שאָר. שפּעטער איז געקומען מאַרווין. ער האָט ארויפֿגעבראַכט אַ בריוו פֿאַר מיר. דער בריוו איז געווען פֿון מײַן ברודער כאַצקל. ער איז שוין ניט אין אַנטווערפּן. ער איז אַנטלאָפֿן מיט זיע משפּחה קיין פּאַריז. זײַן מיידעלע, זשאַנעט, האָט מען שוין צוויימאָל געמאַכט אַן אָפּערעיע אויף די אויגן. ווען זיי זײַנען געלאָפֿן פֿון אַנטווערפּן קיין האָריז איז אויף איר ארויפֿגעפֿאַלן אַ שטיק ערד, אויסגעריסן זיך פֿון אינמיטן וועג און געגעבן אַ זעץ דעם קינד אין די אויגן... דער זעץ איז געווען אַ שטאַרקער. מען ווייס נאָך גיט צי דאָס קינד וועט זען. כאַצקל בעט מען זאָל אים שיקן געלט.

— איך וועל אים שיקן די זעקס דאָלער, וואָס איך האַר אויף אַ מאַנטל, האָב איך געזאָגט דעם אָנקל. בײַם אָנקל זײַנען ראָז געוואָרן די באַקן.

— אַז דו קלייבסט געלט אויף אַ מאַנטל, קויף זיך אַ מאַנטל, האָט דער אָנקל געזאָגט. שפּעטער האָט ער מיר געגעבן צען דאָלער.

— שיק דאָס אָפּ כאַצקלען, האָט ער געזאָגט און האָט אַ זיפֿץ געטאָן, אַזוויי דעמאָלט פֿאַרטאָג, ווען ער האָט גערעדט וועגן עדין. איך האָב בײַ אים גענומען די צען דאָלער און איך האָב אָנגעהויבן וויינען, איך האָב זיך אַועקגעדרייט אין אַ צווייטן

---

214

צימער, און אויסגעווישט די אויגן. "רעד" איז אריינגעקומען. איך האָב געזען, אַז אים אַרט, וואָס דער בריוו פֿון ברודער האָט אונדז צעשלאָגן אַ פֿריילעכן אָוונט :

— וויין ניט, רבֿקה, פּליז... וואָס קענסטו טאָן?

ער איז גערעכט, "רעד", טאָן קען איך גאָרניט... איך האָב בלויז ארויסגענומען פֿון די האָר די סאַמעטענע בלום, איך האָב זי הײַנט ניט געוואָלט טראָגן... דאָס מזל זאָל זיך פֿון דער בלום גיט אָפּטאָן...

נאָטאָ מיט וואָס צו לעשן

15־טער יוני.

די ערגסטע שרפֿה איז, ווען עס איז ניטאָ מיט וואָס צו לעשן, פֿלעגט זאָגן די מאַמע עה"ש. אַז מײַן ברודער כאַצקל בעט מען זאָל אים שיקן געלט, מסתּם איז בײַ אים די ריכטיקע שרפֿה... אונדזער משפּחה האָט פֿײַנט צו בעטן. מער פֿעלט ניט, אַז די קליינע זשאַנעט זאָל בלינד ווערן. דער אָנקל האָט מיר געגעבן אויף אָפּשיקן כאַצקלען צען דאָלער. אַז איך דערמאָן זיך דעם רעכענונג וועגן סעלמאַס "שרפֿה", די חתונה, הייסט עס, מיטן "סערעמאָני מעסטער", מיט די "פֿלאַווערס", מיט די "אינוויטעישן קאַרדס", מיט די "טיפּס", מיטן "ראַלעי" האָטעל, דאַכט זיך מיר, אַין דער אָנקל האָט ניט געמאַכט דעם ריכטיקן חשבון מיטן ברודערס צען דאָלער... אפֿשר איז טאַקע ריכטיקער, וואָס דער אָנקל איז געוואָרן אַן אינשורענס אַגענט אויף דער איסט סייד און ניט קיין רב אין נאָוואָגרודעק... די זעקס דאָלער, וואָס איך האָב אויף אַ מאַנטל, וועל איך אָפּשיקן כאַצקלען. וועט שוין זײַן זעכצן דאָלער, און אפֿשר אָפּשיקן שיינפֿעלדס פֿופֿצן אויך, די וואָס איך דאַרף אָפּגעבן "משיח"ן? אויף ראַטעווען אַ מענטשן מעג מען דאָך אפֿילו מחלל שבת זײַן און מחלל יום טוב זײַן, מעג מען אפֿשר אָפּשיקן שיינפֿעלדס פֿופֿצן דאָלער אויך? איך בין הײַנט אריין זען שיינפֿעלדן וועגן דעם.

שיינפֿעלד איז טאַקע געוואָרן אַ גאַנצער לייט. ער זיצט אין אַ ליכטיקן צימער און אויפֿן טיש בײַ אים ליגן ביכער, מסתּם די רעכענונגען פֿון דער ,לאָון סאָסייעטי". די פּאָדלאָגע גלאַנצט

---

215

דאָרט אַזוויי בײַ מיסטער שאמוט אין אָפּיס. שיינפֿעלד איז געווען פֿאַרנומען, ער האָט צו מיר אַ ווונק געטאָן, אַז איך זאָל אויף אים וואַרטן. ער האָט געשמועסט עפּעס מיט אַ הויכן "מיסטער", און כאָטש זיי זײַנען בײדע געזעסן אויף זייערע בענקלעך, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער הויכער מיסטער טאַנצט. זײַן בענקל האָט זיך ניט אויפֿגעהערט צו דרייען. אַ דריי אַהין, אַ דריי צוריק. אַ דריי צוריק און אַ דריי ווידער אַהין. און אויסער דעם, וואָס דאָס בענקל דרייט זיך, גיט דער מיסטער אַליין אויך זיך אַלע ווײַלע אַ הויב אונטער. אָטאָ דאַכט זיך, אַז דער הויכער מיסטער וועט גאָר אַועקפֿליען צוזאַמען מיטן בענקל. ער וועט זיך אַ הויב טאָן פֿון דער גלאַנציקער פּאָדלאָגע און "פֿוּף" ! ער איז אַ שיינער, זעט אויס ווי אַ מיניסטער, מערניט, ער כאַפּט אַן אָנבליק אין אַנטעקן, דעם פֿערד גנב, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט בײַם זיידן רב מאָטיעלע אויפֿן הויף. אַז דער הויכער מיסטער האָט זיך אַ ריכטיקן דריי געטאָן אויפֿן בענקל און איז אַוועקגעגאַנגען האָט מיר שיינפֿעלד געזאָגט

— דאָס איז טאַקע מײַן לאָדזשער לאַנדסמאַן, מיסטער קארעלין, וואָס איך האָב אײַך דערציילט וועגן אים. יעדעס מאָל, ווען ער קומט אריין צו מיר עפּעס "דורכשמועסן" האָב איך דערנאָך אַ קאָפּ ווייטיק, טאַקע ניט קיין "העד-אייק", האָר אַ ריכטיקן קאָפּ ווייטיק... און ער איז ניט קיין שלעכטער מענטש, פֿאַרקערט אַ גאַנץ גוטער.

האָט ליב צו טאָן אַ טובה, נאָר פֿונדעסטוועגן האָב איך נאָך אים אַ קאָפּ ווייטיק שטענדיק. ער וויל טאַקע איך זאָל אונטערשרײַבן אויף זײַן בוד, "פּראָפֿעסאָר דאָקטער שיינפֿעלד". ער פֿאָדערט עס ניט, ער גיט מיר בלויז או עצה, אַן "עדוריז". עס וועט זײַן בעסער פֿאַר אים און שענער פֿאַר מיר, זאָגט ער. און ווען מען וועט עס אַרן?
איך האָב געזאָגט שיינפֿעלדן וועגן די פּופּצן דאָלער, אַז איך וויל זיי אָפּשיקן צו מײַן ברודער צו כאַצקלען, און איך האָב אים דערציילט וועגן זשאַנעטס אויגן, אַז מען דאַרף זי ראַטעווען, זי זאָל ניט בלינד ווערן. שיינפֿעלד האָט אַ טראַכט געטאָן :
— נו, דאָס געלט פֿאַר מיר האָט איר דאָך געקריגן, נאָר

---



איך וואָלט זייער ניט וועלן בלייבן שולדיק אייער "משיח"ן. איבערהויפּט איצט, דאָס בוך דאַרף אַרויס, איך וואָלט זייער ניט וועלן... נו אַז שיינפֿעלד זיצט אין אַזאַ שיינעם צימער און די פּאָדלאָגע שיינט בײַ אים אַזוי ווי בײַ מיסטער שאַמוט אין אָפֿיס, וויל ער ניט בלייבן שולדיק גאָרניט "משיח"ן... וואָס זשע זאָל איך טאָן מיט מײַן ברודער כאַצקלען און וואָס זאָל איך טאָן מיט זשאַנעטן? איך האָב צוגעזאָגט שיינפֿעלדן אָפּגעבן דאָס געלט אין אַ חודש אַרום, און דערווײַל וועל איך עס אָפּשיקן כאַצקלען. קיין מאַנטל וועל איך שוין ניט קויפֿן. אָבער דערווײַלע איז וואַרעם. אפֿילו אין די אָוונטן קען מען אויך ניט דערפֿראָרן ווערן. צו וואָס דאַרף איך אַ מאַנטל?
און "רעד" האָט מיר הײַנט געבראַכט קרעלן גרויסע, גלאַנציקע. איך שעם זיך זיי אָנטאָן. וואָס עפּעס אינמיטן דערינען אַזעלכע גרויסע גלאַנציקע קרעלן? נאָר "רעד" האָט מיך אַזוי געבעטן : "פּוט דעם אַן" (טו זיי אָן) . . . פּליז, רבֿקה.
איך ווייס, אַז דאָס איז אַ נאַרישקייט פֿון מײַן זייט. איך האָב די באַדאַרפֿט אָנטאָן, נאָר איך האָב ניט געקענט בײַ זיך פּועל'ן. אפֿשר, ווען עס וואָלט ניט געווען דער בריוו פֿון כאַצקלען, ווייס איך ניט. איך האָב זיך פֿאַרענטפֿערט פֿאַר "רעד"ן
— דו ווייסט דאָך, איך טראָג ניט קיין צירונג, עס איז נאָך קיין יאָר ניטאָ, ווי די מאַמע עה"ש . . .
— פֿאַרוואָס טוסטו אָן די "לאָקי" בלום? אַז דו ווילסט טוסטו אָן . . .
— אַ בלום מעג מען, אַ בלום איז ניט קיין צירונג.
רעד" האָט געשוויגן. איך האָב די קרעלן אַרומגעדרייט אַרום האַנט, ווי אַ בראַסלעט.
— איך וועל זיי טראָגן אויף דער האַנט. אויף דער האַנט זעט מען ניט אַזוי אַרויס.
"רעד" האָט מיר פֿאַרשפּיליעט די קרעלן אויף דער האַנט.
— "יו העוו יור אָהן ווײַ" (דו האָסט זיך דײַנע גענג), רבֿקה, דו ביסט אַ ביסל אַ "צעדרייטע" "באָט אַי לאַיק יו" (נאָר איך האָב דיך ליב) . . . האָט מיר "רעד" געזאָגט, ווען איך האָב אָנגעטאָן די קרעלן ניט אויפֿן האַלדז, נאָר אויף דער האַנט. איך ווייס ניט

---



צי "רעד"ן האָט עס פֿאַרדראָסן צי ניט. דאַכט זיך, אַז אַביסל האָט אים פֿאַרדראָסן. לייזער איז געווען אַנדערש. איך האָב הײַנט עטלעכע מאָל געטראַכט וועגן אים. "רעד"ן האָב איך גאָרניט דערציילט, אַז איך מוז שיקן געלט צו מײַן ברודער, לייזערן וואָלט איך עס געוויס דערציילט. בײַ מיר דרייט זיך דער קאָפּ, ווען איך טראַכט וועגן דעם אַלעמען. און אפֿשר שווינדלען מיר אין די אויגן די גרויסע גלאַנציקע קרעלן?

די טײַערע ליאַלקעס
17־טער יוני.
אין סקול זײַנען צוגעקומען צוויי נײַע שילער, אַ ברודער מיט אַ שוועסטער, מאַכליס איז זייער נאָמען. זיי זײַנען געקומען פֿון פּאַריז, מזלדיקע מענטשן ! און כאַצקל נעבאַך איז דאָרט פֿאַרבליבן אין דער מלחמה. דער ברודער מאַכליס טראָגט אַן אָנצוג אין קליינע קעסטעלעך, אַזוי ווי לייזערס אָנצוג. און ער איז אַליין אויך אַביסל געראָטן אין לייזערן, איבערהויפּט ווען ער שמייכלט. האָב איך געטראַכט וועגן לייזערן און געטראַכט וועגן "רעד"ן. וועל איך אייביק טראַכטן וועגן לייזערן און וועגן "רעד"ן? איך ווייס ניט. די מאַכליסעס האָבן דערקאָנט, אַז איך בין אויך אַ "גרינע" און זיי זײַנען מיך געגאַנגען באַגלייטן אַהיים.
— וואָס איז אייער אַרבעט? האָב איך זיי געפֿרעגט. ווײַזט זיך אַרויס זיי מאַכן ליאַלקעס.
ביי די טייערע ליאַלקעס דאַרף מען מאָלן די פּנימער, האָבן מיר געזאָגט די מאַכליסעס. יעדער ליאַלקע דאַרף האָבן אַ באַזונדער פּנים. איינע לאַכט, איינע וויינט, איינע איז יונג, איינע איז אַלט. אָט דאָס מאָלן מיר.
גאָר אַזאַן אַרבעט? זיי האָלן ליאַלקעס. רוט איז אַ מאָדעל. מאָדנע מלאכות אויף דער וועלט פֿאַראַן ! אַבי איך האָב געמיינט, אַז אַ חוץ אַ שוסטער מיט אַ שניידער, מיט אַ קירשנער, מיט אַ זייגערמאַכער און אַ בעקער — זײַנען אויף דער וועלט גאָר מער קיין מלשות ניטאָ. צווישן זיך ריידן די מאַכליסעס פֿראַנצויזיש, און איך האָב געטראַכט וועגן דער קליינער זשאַנעט, זי רעדט אויך פֿראַנצייזיש.

---

218

גייענדיק האָבן מיר באַגעגנט "רעד"ן. ער איז געגאַנגען מיך אָפּנעמען פֿון סקול.
איך האָב אים באַקאַנט מיט די מאַכליסעס. איך האָב געזען ווי "רעד" האָט באַטראַכט דעם ברודער מאַכליס.
— ווער זײַנען זיי? האָט מיך "רעד" געפֿרעגט, ווען מיר זײַנען אַוועקגעגאַנגען.
— זיי לערנען אין סקול, "רעפּיודזשיס", זיי מאָלן ליאַלקעס.
— אַרטיסטס?
— אפֿשר קינסטלער . . .
— "אַי דאָנט לאַיק די אַרטיסטס" וכ'האָב ניט ליב קיין קינסטלער), — האָט "רעד" אַ זאָג געטאָן און דערנאָך האָט צוגעגעבן
— צו וואָס דאַרפֿסטו מיט זיי גיין?
מיר האָט פֿאַרדראָסן אויף "רעד"ן. ער איז איבער מיר אַ גאַנצער באַלעבאָס. און אינמיטן דערינען גיט ער זיך גאָר אַ גיי אַוועק אויף זעקס וואָכן און ווערט פֿאַרפֿאַלן. פֿאַר פֿאַרדראָס זײַנען בײַ מיר אַראָפּגעפֿאַלן די העפֿטן פֿון האַנט. בײַ דער מאַמע עה"ש פֿלעגט אויך באַלד אָנהויבן פֿאַלן פֿון די הענט, ווען איר פֿלעגט עפּעס פֿאַרדריסן. איינמאָל, אַז זי איז אין כעס געוואָרן אויף מײַן ברודער מיכלען, וואָס ער איז געקומען מיט בלאָטיקע שיך פֿרייטיק צו נאַכט צום עסן, האָט זי אַראָפּגעוואָרפֿן דעם פֿאָלומיסעק פֿיש. מיכל האָט שוין געקראָגן זײַן אויסקומעניש דערפֿאַר. איך האָב זיך דערמאָנט די מעשה און גאָרניט געענטפֿערט "רעד"ן, זאָל מיינס איבערגיין.
זעט אויס, אַז "רעד" האָט זיך גוט אַרײַנגענומען אין זינען לייזערס פֿאָטאָגראַפֿיע, ווײַל שפּעטער האָט ער געזאָגט:
— איך האָב געמיינט, דאָס איז דיין פֿרײַנט פֿון "פֿאַלעסטיין" געקומען, זיי "לוק דע סעים" (זיי זײַנען ענלעך) . . .
— נו ווילסטו שוין וריטער אַוועקגיין אויף זעקס וואָכן? האָב איך ניט געקענט זיך איינהאַלטן, זאָלסט ניט פֿאַרגעסן, "רעד", דיינע סיגאַרעטן . . .
"רעד" האָט אָנגעהויבן לאַכן.

---

219

— די ביסט אַ שלעכטע, רבֿקה, "ען מיי פֿאַטהער סעיס" (ווי מײַן טאַטע זאָגט) אויף מײַן מאַמען : אַ ביטערע אידענע !
און "רעד" האָט אַ קוק געטאָן אויף מײַן האַנט, צי איך טראָג זײַנע קרעלן.
— זיי געפֿעלן דיר? האָט ער מיך אַ פֿרעג געטאָן און גענומען מײַן האַנט מיט די קרעלן.
— זייער, איך האָב זיי זייער ליב.
"רעד" איז צוריק פֿריילעך געוואָרן. ער האָט אַ קעם געטאָן די רויטע האָר מיט דער האַנט און האָט מיך גענומען אונטערן אָרעם : קאָם אַן "ביטערע אידענע", איך וועל דיך נעמען אין די מוווויס.
אין די מוווויס האָבן מיר געזען איינעם אַ שוואַרצן טאַנצן. ער האָט זייער שיין געטאַנצט, און איך האָב געהערט, ווי "רעד" האָט די גאַנצע צײַט צוגעטופּעט מיט די פֿיס. זעט אויס, אַז "רעד" קען אויך טאַנצן דעם זעלביקן טאַנץ. איך וועל קיינמאָל ניט קענען אַזוי טאַנצן. דאָס הייסט דען געטאַנצט? דאָס איז דאָך געשפּרונגען, ווי חלילה גלײַך אין גיהנום אַרײַן. און אפֿשר וועל איך זיך אויך אויסלערנען שפּרינגען גלײַך אין גיהנום אַרײַן? ווער ווייס?

די יונגע יאָרן
20-טער יוני.
די מיסיס קאָשעס האָט אָפּגעשטעלט איר טעלעפֿאָן. מיט קיין ביזנעס קען זי זיך איצט ניט פֿאַרנעמען און כדי שאַרלאָט זאָל דריי מאָל אַ וואָך אָפּרופֿן און פֿרעגן : "האַו אַר יו ענט?" איז ניט כדאַי פֿאַרן טעלעפֿאָן צו צאָלן. אַזוי זאָגט די מיסיס קאָשעס.
— וואָס דאַרף איך אים, אַזוי איז שטיל אין "רום", איך קען ליגן און זיך דערמאָנען אַלע זאַכן וואָס זײַנען מיר ליב געווען. און אַז דער טעלעפֿאָן שטייט לעבן מיר, פֿרעגן מיך אַלע מײַנע "ניסעס" "האַי אַר יי ענט?" האָב איך קיין עין הרע נײַן "ניסעס", פֿינף פֿון זיי זײַנען אין ניו יאָרק — קלאַפּט מיר אַ גאַנצן טאָג דער טעלעפֿאָן אין קאָפּ. אָבער די טיר גיט זיך ניט קיין עפֿן, סיידן, אַז דו קומסט, אָדער זיסעלע . . .

---

220

די מיסיס קאָשעס האָט אַ שמייכל געטאָן און דערהאַך האָט זי מיר געזאָגט :
— און דו ווייסט, בײַ מיר איז דאָ געווען די וואָך אַ מענטש, וואָס איך האָב אים שוין ניט געזען אַ יאָר אַכט. פּלוצלינג געקומען. ער האָט זיך דערמאָנט, זאָגט ער. ער האָט אַן אָפֿיס ערגעץ אויף בראָדוויי. בויט הייזער. אַ

העלפֿט פֿון די האָטעלן אין די קעטסקל מאַונטיינס געהערן צו אים. אַ רייכער מענטש. ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, מיט אַ יאָר פֿערציק צוריק, האָט ער זיך בײַ מיר געבעטן איך זאָל מיט אים חתונה האָבן. גאַנצע אָוונטן פֿלעגט ער אָפּשטיין בײַ מײַן טיר. איך האָב דעמאָלט געוווינט אויף ריווינגטאָן סטריט. שטיין און וואַרטן אויף מיר . . . דו ווייסט, רעי, וואָס ער האָט מיר אַמאָל געזאָגט?
— ווען?
— מיט פֿערציק יאָר צוריק, דעמאָלט . . . ער האָט מיר געזאָגט : אַזוי ווי די זון קען ניט פֿאַרלאָשן ווערן, בעטי, אַזוי וועל איך דיך קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן. און ער האָט געהאַלטן וואָרט. הערסט, רעי, ער האָט געהאַלטן וואָרט. איך האָב קיינמאָל ניט געהערט, אַז אַ מאַן זאָל האַלטן וואָרט, נאָר ער — ביזן הײַנטיקן טאָג. ער איז דערהאָך רייך געוואָרן, געוואָרן אַ מאַגהאָט, פֿאָרט אַרום מיט אַ שאָופֿער. ער האָט אויסגעבויט בתי מדרשים אין ניו יאָרק און, להבדיל, אַ קלויסטער, ווייסט דאָך בײַ די מענטשן איז אַלץ איינס, פֿאַר זיי איז סיי ווי קיין גאָט ניטאָ . . . אָבער אַ וואָרט מענטש. ער פֿלעגט פֿאַרפֿאַלן ווער אויף אַ פֿיר פֿינף יאָר און דערנאָך ווײַטער קומען, פּלוצלינג . . . און מיך פֿרעגן, צי איך האָב ניט חרטה . . . איינמאָל איז ער געקומען אין אַ שטורעם. עס האָבן געריסן די דעכער, איז ער פּלוצלינג אַרײַנגעפֿאַלן :
— בעטי, האָט ער געזאָגט, איך האָב געקויפֿט אַ האָטעל פֿאַר אַ האַלבן מיליאָן דאָלער, אפֿשר האָסטו חרטה? . . .
נעכטן, איך ליג אַזוי, פּלוצלינג מען קלינגט, זיסעלע איז דאָ געוועןן, ערשט ער קומט . . . ער האָט מיך שוין ניט געפֿרעגט, צי איך האָב חרטה, ער האָט בלויז געזאָגט :
— דאָס קום איך געוואָר ווערן מײַנע יונגע יאָרן אויף

---

221

ריווינגטאָן סטריט. מען ווערט אַלט. איך בין צופֿיל רייך, בעטי, צופֿיל רייך. אַמאָל דאַכט זיך מיר, אַז אַלע מײַנע הייזער מיט די האָטעלן, מיטן שאָופֿער לאַכן זיך אויס פֿון מיר : — אַנו, פּרואוו אָפּקויפֿן צוריק די ריווינגטאָן סטריט . . . צוויי זאַכן האָב איך ניט געקענט קויפֿן אויף מײַן לעבן — די ריווינגטאָן סטריט פֿון פֿאַר פֿערציק יאָרן, און דיך פֿאַר אַ ווייב. און אויסער דעם — קען מען אַלץ קויפֿן, בעטי, אַלע, אַ בית מדרש, אַ טשווירטש, אַ האָטעל, פֿרײַנט, ווייבער, גוטע רייד, ברכות, פּאַדזשאַמעס, אַלץ . . . ער איז דאָ געזעסן אַקעגן אַ שעה צײַט און איז אַוועק. קיין געלט באָט ער מיר ניט אָן. ער ווייס איך נעם ניט. איך האָב געוואָלט אים נעכטן אָפּגעבן די שיינע פּאַווע נאָר איך האָב אַ טראַכט געטאָן, ער האָט צופֿיל זאַכן . . . ער האָט מיר געוואָלט שיקן אין וואָרם-ספּרינגס . . . צו וואָס? אַ שדוך טאָן איז גוט אין דער יוגנט, און אַ טובה אָננעמען איז גוט, ווען מען דאַרף עס ניט . . . און דיר, רעי, וועל איך זאָגן דעם אמת : ער וואָלט מער קיינמאָל ניט געקומען, ווען איך גיב אים נאָך אַפֿילו אויף פֿאָרן אין די וואָרם-ספּרינגס . . . דאַטס אָל.
בײַ דער מיסיס קאָשעס זײַנען גרויס געוואָרן די אויגן, און מיר האָט זיך געדאַכט, זיי זײַנען צוריק געוואָרן שיין. איינגעשפּאַרט און שיין.
פֿאַר מײַן אַוועקגאַנג האָט מיך די מיסיס קאָשעס געבעטן איך זאָל נעמען די "שיינע פּאַווע".
— נעם עס, האָט זי געזאָגט, אַז זי וועט זײַן בײַ דיר, וועט מיך ניט אַרן. ווײַל מײַנע "ניסעס" וועלן דאָס "פֿיקסן". זיי וועלן דאָס פֿאַרקויפֿן פֿאַר צען דאָלער, דאַטס אָל.
די שיינע פּאַווע האָב איך מיטגענומען אַהיים, געטאָגן עס האָרוויקלט אין אַ ליילעך און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער מיסיס קאָשעס נשמה לויפֿט נאָך נאָך מיר, היטן, אַז קיין שטויב זאָל אויף דער שיינער פּאַווע גיט פֿאַלן. ווו זאָל איך עס אַוועקלייגן? און ווי זאָל איך עס איינהיטן, דאָס איז האָך ניט קיין בלויע וואָלענע טוך, דאָס איז דאָס לעבן פֿון דער מיסיס קאָשעס, איר "שיינע פּאַרע".

---

222

ווי אַ מאַמע
22-טע יוני.
צו גוט, טויג אויף כפּרות. אַז איך בין געקומען פֿרײַטיק צו נאַכט "אויף פֿיש" צו דער טאַנטע, האָט זי מיר דערלאַנגט אַ בריוו אין אַזאַ גרויסן קאָנווערט, אַז אַ "טשיקן" (אַ הון) וואָלט מען אַהין געקענט אַרײַנפּאַקן, אַזוי האָט געזאָגט אויפֿן קאָנווערט די מיסיס שאַר. אָבער דער בריוו איז גראַד געווען אַ קורצער. די פֿירמע עדלשטיין האָט פֿאַר מיר אַ "דזשאַב" פֿאַר צוואַנציק דאָלער אַ וואָך. און אונטערגעשריבן איז ניט עדלשטיין אַליין, נאָר גאָר איינער מאַק ליהאַי. וואָס דאַרף מען אויף אַזאַ קורץ בריוועלע אַזאַ לאַנגן קאָנווערט? זעט אויס, אַז די גבירים פֿירן זיך אַזוי. און פֿאַרוואָס איז אונטערגעשריבן גאָר מאַק ליהאַי? אויף דעם האָט מענדל פּושקאַרט אַ תּירוץ : עדלשטיין אַליין שרײַבט ניט קיין בריוו. ערשטנס, ווײַל די "ספּעלינג" (דאָס אויסלייגעכטץ) איז שווער, און צווייטנס, אַז אַ לובלינער איד ווערט רייך דינגט ער זיך באַלד עפּעס אַ מאַקע . . .
ווען איך זאָל פֿאַרדינען אַלע וואָך צוואַנציק דאָלער, וואָלט איך געקענט שיקן כאַצקלען וויפֿיל ניט איז אַלע וואָך. און אפֿשר וואָלט עס פֿאַר דער קליינער זשאַנעט אויך געווען אַ הילף. האָר אַלע האָבן געשוויגן וועגן דעם

"דזשאַב", קיינער האָט זיך אָן אים ניט אָנגעכאַפּט.

— און אפשר, ווײַל ער איז אַ לובלינער . . . האָט די טאַנטע געפּרוּווט דערקלערן עדלשטיינס בריוו, וואָס מיינט איר, די גבירים זײַנען שוין גאָר קיין מענטשן ניט? זיי זײַנען אויך מענטשן, זיי קענען זיך דערמאָנען פֿון אַ לאַנדסמאַן . . .

— "עווריבאדע לאַיקס האָר", (יעדערער האָט זי ליב), האָט סעלמאַ געזאָגט, און זי האָט שוין קאַליע געמאַכט דאָס גאַנצע עסק.

— אויב אַזוי, מעג זי שוין טאַקע בעסער קלײַבן די "פּיסעס" בײַ מיסטער רובין אין פֿעקטאָרי, מען ווערט ניט גליקלעך פֿון צוואַנציק דאָלער אַ וואָך, קיין מיליאָן איז דאָס ניט . . . אַזוי האָט געזאָגט דער אָנקל, און איך וווּנדער זיך, ווײַל איך האָב קיינמאָל ניט געהערט, אַז דער אָנקל זאָל אַזויפֿיל "זאָגן" וועגן

---

223

עפּעס ; מסתם וויל ער טאַקע ניט איך זאָל נעמען די אַרבעט בײַ מיסטער עדלשטיין.

נאָר דער אמת'ער "שאָס" איז געווען, ווען עס איז געקומען "רעד" און מען האָט אים געוויזן דעם בריוו פֿון דעם מאַק ליהאַי. "רעד", אַז ער ווערט אין כעס, פֿאַרגעסט ער אינגאַנצן, אַז ער איז אַ אידיש קינד, און די ענגלישע ווערטער שיטן זיך בײַ אים אַזוי שנעל, און עפּעס אַזעלכע מאָדנע ווערטער, אַז איך הויב זיי ניט אָן צו פֿאַרשטיין. ערשטנס האָט ער אַ זאָג געטאָן :

— "וואַט דהי העל" (וואָס, צום טייוול) . . און נאָך דעם "וואַט דהי העל" האָט ער נאָך עפּעס געזאָגט, און נאָך עפּעס, און נאָך עפּעס, איך האָב גאָרניט פֿאַרשטאַנען, נאָר איך האָב געזען, אַז ער איז בייז, פֿייער . . .

דער איינציקער מענטש, וואָס האָט גאָרניט געמאַכט קיין ווען פֿון דעם בריוו איז געווען מענדל פּושקאַרט :

— אַ דזשאַב איז אַ דזשאַב, זאָל זײַן עדלשטיין, זאָל זײַן מאַק ליהאַי . . . אַ דאגה. וואָס איז? זיי וועלן זי דאָרט אויפֿעסן? מען עסט ניט קיין מיידלעך אין אַמעריקע. און איך אויף דער "גרינערס" אָרט וואָלט טאַקע גענומען דעם "דזשאַב", "וואַי נאַט"? (פֿאַרוואָס ניט?) אַ "דזשאַב" איז אַ "דזשאַב" . . .

— "יו'ל געוועהר סי מי אַגעין" (דו וועסט מיך קיינמאָל מער ניט זען) אויב דו וועסט נעמען דעם "דזשאַב", האָט מיר "רעד" געזאָגט, ווען מיר זײַנען שפּעטער אַראָפּ אין גאַס.

— נאָר ניט שרעק מיך "רעד", איך בעט דיך.

— "אַי דאָנט "שרעק" יו", (איך שרעק דיך ניט), דאָס איז מײַן "אַדווייז" (עצה) . . .

— "אַדווייז" איז שוין עפּעס אַנדערש, אַזוי רייד . . .

שיינפֿעלדס באַלעבאָס, מיסטער קאַרעלין, גיט אים אויך אַן "אַדווייז" און זעט אויס, אַז אַן "אַדווייז" איז אַזאַ זאַך, וואָס מען דאַרף פֿאָלגן. אַן עצה קען מען יאָ פֿאָלגן אָדער ניט, אָבער אַן "אַדווייז" איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש . . .

הײַנט אינדערפֿרי איז צו מיר געקומען די מיסיס שאָר, אינמיטן דערינען אַרײַנגעקומען.

---

224

— רבֿקה, איך האָב דיר געבראַכט "קוקיס", זייער גוטע "קוקיס", מען וועט זיי צעכאַפּן, האָב איך דיר געבראַכט אַביסל.

אָבער באַלד נאָך די "קוקיס" האָט זי מיר געזאָגט גאָר פּשוט, און בײַ מיר זײַנען טרערן אַרויס, ווען זי האָט אָנגעהויבןריידן.

— רבֿקה, "בעליוו מיר" (גלויב מיר), ווען דו זאָלסט דאָ האָבן אַ מאַמע, וואָלט איך צו דיר ניט געקומען אָט איצט, נאָר איך וויל דיר זאָגן : קריג זיך ניט מיט "רעד"'ן צוליב אַ "דזשאַב". וואָס וועסטו האָבן פֿון די צוואַנציק דאָלער אַ וואָך מיטן מאַק ליהאַי דזשאָבס האָט מען אַ סך, אַז מען לעבט, און אַזעלכע "באָיעס" ווי "רעד" וואַלגערן זיך ניט אַרום . . . ביסט שוין צוואַנציק יאָר, רבֿקה, וועסט זיך חלילה ניט אַרומקוקן, ווי מ'וועט אָנהויבן דרייען מיט דער נאָז — אַן אַלטע מויד . . . עס די "קוקיס" און פֿאַרגעס וועגן דעם מאַק ליהאַי . . . דאַט'ס אָל.

די "קוקיס" זײַנען טאַקע געווען זייער גוטע, אינדערהיים רופֿט מען דאָס "פּוטער קיכלעך", און אַז איך האָב געגעסן די פּוטער קיכלעך האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די מאַמע עה"ש האָט זיי געמאַכט, אַזאַ גוטסקייט האָט צו מיר אַרויסגעוויזן די מיסיס שאָר.

מענדל פּושקאַרט ווילצט זיך

23־טער יוני.

אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. אַפֿילו אין ניי יאָרק גילט עס אויך אַזוי גוט, ווי אין לובלין. מיר האָבן זיך הײַנט אַלע געקליבן פֿאָרן אין די "מאַונטנס". די טאַנטע, די מיסיס שאָר, סעלמאַ, עדי, "רעד" און איד. דער אָנקל איז זונטיק פֿאַרנומען מער ווי אַ גאַנצע וואָך, זונטיק, ווען אַלע זײַנען פֿרײַ, שמועסט ער מיט מענטשן וועגן אינשורנס. סעלמאַ איז געווען ניט צופֿרידן פֿון דעם "באָנטש", נאָר זי איז מסכים געווען, ווײַל עדי האָט זיך געוואָלט דורכפֿאָרן, און עדי ווי זײַן שטייגער איז האָט מיר אָנגעשריבן אַ צעטעלע :

"ביקאָז יו אַר גאָאינג, אַ'ם גאָאינג טו" (וריל דו פֿאָרסט, פֿאַר איך אויך). צו וואָס שרײַבט ער די צעטעלעך? ווער ווייסט. אַזאַ נאַטור האָט ער, אַ שרייבער . . .
די מיסיס שאָר מיט דער טאַנטע האָבן געמאַכט "סענד-

---

225

וויטשעס". אַבי וואָס איז דאָ "סענדוויטשעס". אַ יחסנדיקער מאכל. אויף אַ שפּאַציר, אויף אַ "פּאַרטי", אויף אַ חתונה, אומעטום "סענדוויטשעס". האָט זיך געשטעלט די מיסיס שאָר מיט דער טאַנטע און זיי האָבן געמאַכט "סענדוויטשעס", מילכיקע און פֿליישיקע. האָט די מיסיס שאָר געמאַרט צורי "סענדוויטשעס" מיט קעז, האָט די טאַנטע אַנטקעגן דעם געמאַכט צורי "סענדוויטשעס" מיט געהאַקטע לעבער. האָט די מיסיס שאָר געמאַכט צוויי "סענדוויטשעס" מיט אייער, האָט די טאַנטע געמאַכט צוויי "סענדוויטשעס" מיט ווורשט. האָט די מיסיס שאָר געמאַכט צורי "סענדוויטשעס" מיט הערינג, האָט די טאַנטע געמאַכט צוויי "סענדוויטשעס" מיט "טשיקן". האָט די מיסיס שאָר געמאַכט צוויי "סענדוויטשעס" מיט לאַקס, האָט די טאַנטע געמאַכט צוויי "סענדוויטשעס" מיט קאָטלעטן "העמבורגערס", האָט די מיסיס שאָר געמאַכט צוויי "סענדוויטשעס" מיט מאַיאָנעז און גרינעם פֿעפֿער, האָט די טאַנטע אַנקעגן דעם געמאַכט צוויי "סענדוויטשעס" מיט הינערשע פּופּיקלעך. און יעדער "סענדוויטש", סיי אַ מילכיקער און סיי אַ פֿליישיקער, קומט מיט אַ האַלבער אוגערקע באַשאָטן מיט זאַלץ. איך האָב געקוקט אויף דעם באַרג מיט די "סענדוויטשעס" און געזען פֿאַר מײַנע אויגן מײַן ברודער כאַצקל מיט דער קליינער זשאַנעט, וואָס שלעפּן זיך אום ווער ווייס וווּ און ווער ווייס ווי לאַנג שוין קיין זאַך אין מויל ניט געהאַט.
אַז אַלץ איז שוין געווען פֿיקס און פֿאַרטיק און סעלמאַ האָט שוין אַרומגעפּוצט די ברעמען און בודק געווען די נעגל, און אַלע זײַנען שוין געשטאַנען אין די היטעלעך און זיך אַרומגעקוקט, צי מען האָט ניט עפּעס פֿאַרגעסן, האָט דער טעלעפֿאָן אינמיטן דערינען אַ קלונג געטאָן און האָט אָנגעזאָגט די שיינע בשורה :
— מענדל פּושקאַרט איז קוים מיטן לעבן אַרויס. נעכטן בײַטאָג איז אים ניט גוט געוואָרן און מען האָט אים גלײַך גענומען אין שפּיטאָל און גלײַך געמאַכט אַן אָפּעראַציע. ווען מען האָט אים האַרשפּעטיקס אויף איין טאָג, וואָלט שוין געווען אויס מענדל פּושקאַרט. ערשט ליגט ער אין שפּיטאָל און בעט מען זאָל צי אים אַריבערקומען.
סעלמאַ איז געווען זייער אומצופֿרידן, אָט איצט אין אַזאַ היץ

---

226

האָט ער זיך אויסגעקליבן אין שפּיטאָל . . . און אונדזער מחנה האָט זיך צעטדילט אויף צווייען : סעלמאַ און עדי פֿאָרן סיי ווי אין די מאַונטייס, טאַקע אָן דעם "באָנטש", די טאַנטע, די מיסיס שאָר און איך פֿאָרן אין שפּיטאָל, און "רעד" איז געבליבן העענע אינדערלופֿטן. ער איז אונדז גע.פֿאָרן באַגלייטן.
מענדל פּושקאַרט איז געווען זייער צופֿרידן, וואָס מיר זײַנען געקומען.
— נעכטן האָב איך געמיינט, אַז עס וועט שוין זײַן מיט אַ מענדל ווייניקער אויף דער וועלט, האָט ער געזאָגט, איז דאַכט זיך גאָרניט, וואָס איז איין מענדל אויף אַזאַ גרויסער וועלט? פֿונדעסטוועגן האָט זיך ניט געוואָלט . . . אַי האָט זיך ניט געוואָלט . . . די פּושקאַרטע האָט דערציילט, אַז בײַ איר זײַנען די פֿיס געוואָרן ווי קלעצער, פֿאַר שרעק, זי האָט זיי ניט געקענט אַ ריר טאָן, סיידן מיט געוואַלד. און ער, מענדל, האָט געגעבן אַ מאַך צו די אויגן, און ער איז שוין ניטאָ, ניט ער רעדט, ניט ער זאָגט עפּעס . . . אויס . . . אַ נס מיני איז אָנגעלאָפֿן און מען האָט אים גלײַך אַ נעם געטאָן אין "האָספּיטאַל" און גלײַך צו דער "אַרבעט" — די אָפּעראַציע האָט זי געמיינט.
אין שפּיטאָל איז געווען מיני די פֿידלשפּילערקע, אויך, די וואָס מענדל פּושקאַרט דערציילט וועגן איר שטענדיק די מעשׂות. זי האָט טאַקע געהאַט לאַנגע ווייסע, דינע פֿינגער, און אַלע, וואָס זי האָט געטראָגן איז געווען צוגעפּאַסט צו אירע פֿינגער. אַ דין בלוי קליידל מיט ווייסע פּאַסקעלעך. אַ לאַנג שמאָל קראַגעלע אַרום האַלדז מיט אַ ווייסער ליאמוווקע. און די האָר האָט זי געטראָגן גלאַט פֿאַרקעמט מיט אַ גלייכן שרונט אינמיטן, אָבער אַזאַ גלייכן, ווי אַ וריסער פֿאָדים זאָל זײַן אָנגעצויגן. און אַפֿילו די אויגן זײַנען בײַ איר געווען שמאָלע, לאַנגלעכע, און די ברעמען דינינקע, ווי צוויי פֿיילן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַפֿילו דער נאָמען אירע, מיני, איז אויך עפּעס אַ דינינקער, אַז אַ פֿויגל. דאַכט זיך, קען עס אויסטשיריקען. מיני האָט צו אונדז גאָרניט גערעדט. איך ווייס ניט, צי דערפֿאַר ווײַל פּראָפֿעסאָרן פֿרעגן בײַ איר מבינות אויף נגינה, צי דערפֿאַר, וואָס זי האָט געהאַט עגמת נפֿיט פֿון איר טאַטן. מענדל פּושקאַרט האָט טאַקע אויסגערען

---

227

זייער שלעכט, נאָר די אויגן האָבן געגלאַנצט, און איך האָב זיך געוווּנדערט, וואָס ער האָט זיך די גאַנצע צײַט געוויצלט, "אַז עס וואָלט געקענט זײַן מיט איין מענדל ווינציקער". פֿאַר אונדזער אַוועקגייִן האָט זיך מענדל פּושקאַרט דערמאָנט וועגן מײַן "דזשאָב" :
— נו, גרינע, האָסט גענומען דעם דזשאַב בײַם גביר?

— ניין, ניט גענומען . . .
— אַ שאָד, אויף דער וועלט, אַז מען גיט דאַרף מען נעמען, אויף דער וועלט . . .
— רעד" האָט געוואַרט אויף אונדז. ער איז געזעסן אויף אַ באַנק און געלייענט די "דזשאָקס" (וויצן) אין אַן ענגלישער צײַטונג.
— האַו איז הי"? (ווי פֿילט ער זיך) האָט מיך "רעד" אַ פֿרעג געטאָן ווי פֿון אַ דרעמל.
— אָל-רייט, האָב איך אים געענטפֿערט, נאָר איך האָב אים ניט דערציילט, וואָס מענדל פּושקאַרט האָט מיר געזאָגט וועגן דעם דזשאַב בײַ עדלשטיינען. איך האָב ניט געוואָלט דעם ענין נאָך אַמאָל דערמאָנען פֿאַר "רעד"ן.

אַ כּישוף
26־טער יוני.
צו די היצן אין אַמעריקע האָב איך זיך נאָך ניט צוגעוווינט. אַז עס גיט דאָ אַ כאַפּ די היץ, איז אומעטום הייס, אין האָס, אין שטוב, און אַפֿילו אין שאָטן. אין אַמעריקע זשאַלעוועט מען ניט ווינטער קיין קוילן און זומער קיין זון. אין שאַפּ איז הײַנט געווען אַ מאַרק מיטן וואַסער טרינקען. איך בין אפֿשר אַ מאָל צען אַראָפּגעגאַנגען ברענגען פֿאַר די אָפּרייטערקעס סאָדע וואַסער, פּעפּסי קאָלא, און סתם קאַלט וואַסער. דער אָוונט איז אויך געווען זייער אַ הייסער. פֿון דער ערד האָט געשלאָגן אַ היץ. די לאַנדריניטשקע איז אַרויף אויפֿן דאַך, זי האָט דאָרט אויסגעשפּריט אַ דעקע און האָט זיך אַוועקגעליגט כאַפּן לופֿט. איך בין אויך אַרויף צו איר אויפֿן דאַך.
— זעסט, רבֿקה, אַ הימל? האָט זי געזאָגט, אַזאַ הימל



קענסטו "קויפֿן" נאָר אין ניו יאָרק. אַלע שטערן שטייען דאָ פֿאַרקערט. די שטערן, וואָס זײַנען בײַ אונדז אינדערהיים געווען פֿון דער לינקער זייט, קומען דאָ פֿון דער רעכטער זייט, די וואָס זײַנען בײַ אונדז געשטאַנען הויך, ליגן דאָ נידעריק. אַ פֿאַרקערטער הימל, אָבער אַ שיינער. קען מען דאָך מײַנען עס איז אַסטראָנאָמיע? ניין, עס איז אַמעריקע, רבֿקה. איך קוק אַמאָל אויף דיך מיט "רעד"ן. איך רייד צו דיר, ווי צו אַ שוועסטער, און אַ שוועסטער זאָגט מען דעם אמת. "רעד" איז אַ פֿיינער "באַי", נאָר מיר דאַרט זיך שטענדיק, ווען איך זע אײַך צוזאַמען, אַז דו גייסט צופֿוס, און ער פֿאָרט אויף אַן "עסקאָלעיטאָר", ער "אַנדזשאָיעט" (ווײַלט זיך). אַזוי זײַנען זיי דאָ. מײַן מאַן האָט פֿײַנט, אַז איך לייען אַ בוך. "אויסגעטראַכטע" געשיכטעס, זאָגט ער, און זיי האָבן דאָ פֿײַנט אויסגעטראַכטע געשיכטעס. זיי האָבן ליב, וריסט וואָס? "מײַן סטעיק" (ביפֿשטעקס) . . . און עס דאַרף זײַןביידע זאָכן : אי סטעיק, אי מײַנער . . .
איך האָב דער לאָנדריניטשקע דערציילט וועגן לייזערן, אַז ער שרײַבט מיר, אַז איך זאָל קומען קיין ארץ ישראל. זי האָט אַ לאַך געטאָן :
— אין ארץ ישראל איז אפֿשר אַ בעסער לעבן, מען לעבט דאָרט אפֿשר מער מיט האַרץ, ווי מיט דער קאָפּיקע, נאָר פֿון אַמעריקע פֿאָרט מען ניט צוריק . . . הערסט, רבֿקה, דאָס איז דער גאַנצער קונץ, אַ כישוף, אַן אמתער כישוף . . . דאָ איז אַ פֿאַרקערטע וועלט, אָבער מען וויל זי ניט אויסבייטן אויף אַ גלייכער... אַ כשוף, אָט דאָס איז דאָס . . .
"רעד" האָט מיך אַ רוף געטאָן, און איך בין אַראָפּ צו אים. ער איז געווען אָנגעטאָן אין ווייסן. איך האָב זיך דערמאָנט, וואָס די לאָנדריניטשקע האָט נאָר וואָס געזאָגט וועגן אים און מיר, אַז "רעד" פֿאָרט אויף אַן עסקאָלעיטאָר, און איך גיי צופֿוס. "רעד" האָט מיך "אויסגענומען". מיר זײַנען געפֿאָרן מיט אַ שיף, אַ פֿערי, די טייך אַרום דער פֿערי איז געווען אויסגעגאָסן מיט זילבער. אונדז אַנקעגן זײַנען געפֿאָרן אַנדערע ליכטיקע שיפֿן. מיר האָט זיך געדאַכט, עס איז אַ גרויסער יום טוב אויף דער זילבערנער טייך, און "רעד" איז אויך אָנגעטאָן אין ווייסן.



"רעד" האָט מיך באַטראַכט און געזאַרט :
— רבֿקה, דו גייסט שטענדיק "די סעים דרעס" (דאָס זעלבע קלייד), דו ווילסט ניט אַ נײַע?
— איך טראַכט ניט וועגן דעם, "רעד" . . .
— פֿון וואָס טראַכטסטו?
— "רעד", דו האָסט ליב דיין טאַטן מיט דיין מאַמען?
— "שור" (זיכער).
— איך טראַכט, עס איז איצט אַזאַ זילבערנער זומערדיקער אָוונט . . . איצט פֿירט ניט מײַן טאַטע אין לובלין, און מײַן ברודער. . . דאָס טראַכט איך, "רעד", דו פֿאַרשטייסט?
— שיר, האָט געענטפֿערט "רעד", און ער האָט מיך אַרומעצאַמט מיט ביידע הענט בײַ דער פֿאַרענטש פֿון דער פֿערי.

אַז איך בין געקומען אַהיים האָב איך געטראָפֿן בײַ מיר אויפֿן טיש אַ קעסטל, "רעד" האָט עס איבערגעלאָזן איידער ער האָט מיך אַראָפּגערופֿן פֿון דאַך. אין קעסטל איז געווען אַ קלייד מיט גרויסע בלומען, אַ דינינקע, אַ גרינגע, און אַן אונטערקליידל פֿון זעלביקן קאָליר, אַ "סליפּ", און זאָקן, און נאָז-טיכלעך און אַ צעטעלע פֿון "רעד"ן געשריבן אויף אידיש מיט זייער אַ סך גרייזן :

"רבקא דוס איזט עי גיפֿט פֿאָן מײַן מאָדער". איך האָב זייער געלאַכט פֿון זײַן צעטעלע מיט די גרייזן, און איך האָב אַ קוש געטאָן דאָס צעטעלע און האָס קלייד.

ביינאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז לייזער איז געקומען, ער איז אַרײַן צו מיר אין צימער און האָט צוגענומען אַלע זײַנע בריוו. ער האָט געעפֿנט דעם שופֿלאָד, זיי אַרויסגענומען און אַרײַנגעלייגט צו זיך אין קעשענע. איך האָב געזען ווי ער איז אַוועקגעפֿאָרן צוריק אויף אַ "גריכישער" שיף, מיט אַ לאַנגן פֿויגלשן האַלדז, אַזאַ שיף, ווי מען זעט אויסגעמאָלן אויף בילדער. די שיף איז געשוווּמען איבער דער מיט פֿון גאַס, דערנאָך האָט זי זיך אַ דריי געטאָן און איך האָב זי מער ניט געזען. איך האָב זיך אַ כאַפּ געטאָן פֿון שלאָף און בין באַלד געלאָפֿן אַ קוק טאָן, צי ליעערס בריוו ליגן נאָך אין שופֿלאָד. זיי זײַנען אַלע געלעגן פֿאַרבונדן, ווי איך האָב זיי אַוועקגעלייגט. אויפֿן טיש איז געשטאַנען "רעד"ס קעסטל מיט די זאַכן. אין אָפֿענעם שופֿלאָד האָב איך



דערזען ליגן דאָס פּעקל אין ליילעך, ווו עס איז געווען פֿאַרוויקלט מיסיס קאָשעס'ס "שיינע פּאַווע".

די שלייפֿן האָבן בײַ מיר געקלאַפּט. אַלע זאַכן האָבן זיך בײַ מיר צוזאַמענגעמישט. אַלע זאַכן האָבן זיך אַזוי ווי באַגעגנט בײַ מיר אין צימער אין אָט דער הייסער נאַכט. איך האָב ניט געקענט איינשלאָפֿן מער, מסתם צוליב דער היץ.

איך לערן זיך נײַען הענטשקעס

27־טער יוני.

איך האָב שוין הײַנט געפּרוּווט מאַכן אַ הענטשקע, עס איז געווען אַ פֿרייע מאַשין, ווײַל די בלאָנדע בעסיע איז הײַנט ניט אַרייעקומען אין שאַפּ. די מיידלעך זאָגן, אַז זי האָט זיך צעקריגט מיט איר חתן, שטענדיק, אַז זי צעקריגט זיך מיט איר חתן ווערט זי קראַנק אויף אַ פּאָר טעג און קומט ניט אין שאַפּ. די בלאָנדע בעסיע האָט שווערע ליפּן און פֿלינקע הענט. די הענט זײַנען בײַ איר ווי פֿייגעלעך, זיי טאַנצן איבער דער מאַשין אַזוי גרינג, אַז עס דאַכט זיך, אַז בעסיע אַרבעט ניט, נאָר זי שפּילט זיך, זי קומט אין שאַפּ זיך אַביסל שפּילן מיט דער מאַשין. נאָר דערפֿאַר, אַז זי גיט אַ ריר מיט די ליפּן, דאָ האָרעוועט זי שווער. זי פּאַטשט מיט די ליפּן, פּאַטשט און פּאַטשט, קען מען דאָך מײַנען, גאָט ווייסט, וואָס זי האָט שוין געזאָגט, וריזט זיך אַרויס, אַז זי האָט געזאָגט סך הכל צוויי ווערטער : עס רעגנט.

די בלאָנדע בעסיע גייט שוין אַרום מיט איר חתן אַ יאָר צען. ער איז שוין אין די יאָרן און זי איז שוין אויך ניט קיין יונג מיידעלע נאָר זיי האָבן זיך נאָך אַלץ ניט אויסגעקליבן חתונה צו האָבן. אין שאָס זאָגט מען, אַז בעסיעס חתן איז אַ "מיוזישיך" (אַ מוזיקער), און ער זאָגט, אַז אויב ער וועט חתונה האָבן, וועט עס אים שטערן צו דער מוזיק.

איך האָב זיך דערמאָנט וועגן מינין, מענדל פּושקאַרטס טאָכטער, די פֿידלשפּילערקע, וואָס זי האָט נאָך אויך ניט חתונה געהאַט. מסתם איז דאָס שוין אַזוי. קאָם וויל מען פֿידל שפּילן דאַרף מען ניט חתונה האָבן. צו וואָס זשע דאַרף די בלאָנדע בעסיע אַזאַ חתן? פֿונדעסטוועגן, בײַ אונדז אין לובלין האָבן — פּונקט



פֿאַרקערט —— די קלעזמער געהאַט ווייבער און אַ סך קינדער. נפֿתלי, די באַנדורע, האָט געהאַט אַכט קינדער, פֿיר אינגלעך און פֿיר מיידלעך, האָט מען זיי גערופֿן "פּאָלסקע אַרמיע", די פּוילישע אַרמיי. נאָר ניו יאָרק, זעט אויס, איז עפּעס אַנדערש, ווי זאָגט די לאָנדריניטשקע, אַ פֿאַרקערטער הימל, נאָר אַ שיינער.

אַז איך האָב זיך צוגעזעצט צו דער בלאָנדער בעסיעס מאַשין, האָב איך געמיינט, אַז די מאַשין וועט מיך אַוועקטראָגן. איך האָב פּאַמעלעך אַ דריי געטאָן די מאַשין, און זי האָט פֿאַמעלעך אָנגעהויבן רוישן און נײַען. איך האָב זיך דערמאָנט וועגן בעסיעס הענט, וואָס יאָגן זיך ווי פֿייגעלעך, און איך האָב אויך אָנגעהויבן נאָכגעבן דאָס שטיקל שטאָף. עס איז אַרויסגעקומען, אַ נעטל, אמת מיט פֿיר לעכלעך, אָבער פֿאָרט אַ נעטל. נאָך מיטאָג האָב איך ווײַטער אַ ניי געטאָן, און די פֿאָרליידי האָט מיר געזאָגט :

— "ייִ'ל בי אָלרייט" . . . (עס וועט זײַן גוט).

איך האָב דערפֿילט, אַז מײַנע הענט זײַנען גרינגער געוואָרן. אויב די בלאָנדע בעסיע וועט זיך נאָכאַמאָל צעקריגן מיט איר חתן, און זי וועט בלייבן נאָך אַ פּאָר טעג אינדערהיים, וועל איך זיך אויסלערנען מאַכן הענטשקעס.

אַלע ווייסן שוין

30-טער יוני.

אַן איך בין געקומען פֿרייטיק צו דער טאַנטע "אויף פֿיש" אין מײַן נײַעם קלייד, האָבען אַלע אויסגעשאָסן :

— "אָ, "שי" העך א גוד טעיסט ! " (אָ "זי" האָט אַ גוטן געשמאַק).
— ווער איז די "שי"? האָב איך זיי געפֿרעגט.
— דיין "שוויגער" . . .
— איך האָב נאָך ניט חתונה געהאַט, און איך האָב שוין אַ "שוויגער"?
— זעסטו דאָך . . .
פֿון וואַנען האָבן אַלע געוווּסט, אַז דאָס נײַע קלייד מיטן "סליפּ", מיט די זאָקן האָט מיר געגעבן "רעד"ס מאַמע?
פֿון אָנהויב האָב איך געמיינט, אַז די לאָנדריניטשקע האָט זיי דער-

---

232

ציילט, דערנאָך האָב איך געמיינט, אַז "רעד" האָט דערציילט עדין, און עדי האָט דערציילט סעלמאַן, און סעלמאַ האָט שוין דערציילט אַלעמען. ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז די מעשה האָט דערציילט דער טאַנטע עדיס מאַמע. און פֿון וואַנען ווייס עדיס מאַמע? זי האָט געטראָפֿן די מיסיס לעוויט., "רעד"ס מוטער, און יענע האָט איר דערציילט, אַז איך געפֿעל איר און זי האָט מיר געשיקט אַ מתנה. איז די טאַנטע געקומען אַהיים אין איין אָטעם און האָט די מעשה אָפּגעטראָגן צו דער מיסיס שאָר, און צום אָנקל, און סעלמאַן האָט זי דערציילט און מענדל פּושקאַרט און אַפֿילו מאַרווינען. זינט מאַרווין האָט אָנגעהויבן טאַנצן פֿאַר געלט אין זײַן "פּיקטשור" איז געווען אין די צײַטונגען האַלט אים די טאַנטע פֿאַר אַ "מענטש קיין עין הרע" און דערציילט אים אַלע זאַרן.
— גאָט צו האָנקען, מיר האָבן שוין, דאַכט זיך, חתונה געמאַכט רבֿקהן, אָנגעקומען אַ ביסל גרינגער ווי סעלמאַן, אַזוי ע די טאַנטע געבראַכט די מעשה אין שטוב אַריע.
די מיסיס שאָר האָט מיר געזאָגט :
— פֿאָרט אַ טאַנטע, זי האָט אַזש געלויכטן, ווען זי האָט עס דערציילט, אמת, קיין סך האָט עס איר ניט געקאָסט.
און סעלמאַ האָט געזאָגט, אַז עס איז "אימפּאַסיבל" (ניט מעגלעך) צו טראָגן דאָס נײַע קלייד מיט מײַנע שוואַרצע שיך, מען מוז טראָגן ווייסע.
— "דאַט'ס פֿאַני", (דאָס איז לעכערלעך) האָט סעלמאַ צוגעגעבן.
האָט מיר געפֿעלט דאָס נײַע קלייד, כדי איך זאָל אויסזען "פֿאַני". קיין ווייסע שיך וועל איך איצט ניט קויפֿן, ווײַל איך דאַרף אָפּגעבן "משיח'ן" שיינפֿעלדס פֿופֿצן דאָלער, דאַרף איך אָפּשפּאָרן געלט.
דעם אמתן קבלת פּנים פֿאַר מײַן קלייד האָט געמאַכט מענדל פּישקאַרט. ער איז צוריק געקומען פֿון שפּיטאָל דער זעלביקער מענדל פּושקאַרט, ווי ער איז אַהין אַוועק.
— אַ "קווין", (אַ קייסערינע), האָט ער געזאָגט, אַן אמתע "קווין" זעט זי אויס אין דעם קלייד. הלוואי וואָלט איך געהאַט

---

233

עפּעס אַ "פֿיינעם באָי" וואָלט איך זי אויך געוואָלט פֿאַר אַ שנור. אויסגעלאָזן האָט זיך עס צו עטלעכע גלעזלעך טיי, וואָס איך האָב אים דערלאַנגט, טאַקע מיטן נײַעם קליד.

"רעד" קען אויך ריידן "קאָפּידרעך"
3־טער יולי.
"רעד" האָט אָפּטמאָל מאָדנע גענג. ווייזט זיך אַרויס, אַז ווען מיר זײַנען געפֿאָרן מיטן באָס עפּעס עסן אין אַ לאָנטש-רים איז דאָרט געווען "רעד"ס מאַמע. זי איז צו אונדז ניט צוגעגאַנגען, זעט אויס, זי האָט מיך באַטראַכט פֿונדערווייטן. "רעד" זאָגט, אַז זי איז דאָרט געוען, "ביקאָז" (ווײַל) זי איז געווען הונגעריק, איז זי אַרײַן עפּעס עסן .
— וואָס עפּעס פּונקט אין דער זעלבער צײַט, האָב איך געפֿרעגט "רעד"ן.
— "ביקאָז" זי איז דעמאָלט געווען הונגעריק.
— וואָס זשע עפּעס פּונקט אין דעם זעלבן רעסטאָראַן.
— "ביקאָז" דאָס איז אַ גוטיער רעסטאָראַן.
איך האָב זיך אַרומגעזען, אַז "רעד" קען אַזוי "אָפּביקאָזעווען" אַ גאַנצע נאַכט און וועט כסדר קריגן אַ פֿרישן תּירוץ. זעט אויס, אַז ניט נאָר איך קען ריידן "קאַפּידריך", נאָר "רעד" קען עס נאָך בעסער פֿון מיר.
— וואָס וואָלט געווען "רעד", ווען איך זאָל ניט געפֿעלן ווערן דיין מאַמען?
— דאָס איז "אימפּאַסיבל" (אוממעגלעך), האָט ער געזאָגט, און דערנאָך צוגעגעבן, איך האָב "נעווער" (קיינמאָל) ווען דעם געטראַרט.
"רעד" איז פֿאַרליבט אין זײַן מאַמען. זי איז אַ "ביזנעסליידי", זאָגט ער, און ער זאָגט עס מיט אַזאַ דרך ארץ, ווי מײַן מאַמע עה"ש פֿלעגט זאָגן ווען איר באָבע, אַז זי איז געווען אַ "צדיקת".
איך האָב זיך הײַנט ווידער שיעור ניט צעקריגט מיט "רעד"ן. "רעד" האָט מיר הײַנט געזאָגט, ווען ער האָט

— "אַי לאַיק טו ווימען" . . . (איך האָב ליב צוויי פֿרויען).
— ווענען? האָב איך אים געפֿרעגט.
— טרעף, — האָט ער מיר געזאָגט, ווי איך זאָג אים געווײנלעך.
— דײַן מאַמען . . . און . . . מער וריס איך ניט.
— "טו בעד" . . . (אַ שאָד). האָט ער געזאָגט, וואָס דו ווייסט ניט.
— אפֿשר רוטן . . .
"רעד" איז געוואָרן אויפֿגעקאָכט, ווי איך זאָל אים זאָגן דאָס ערגסטע.
— פֿליז, רבֿקה . . . און דערנאָך האָט ער צוגעגעבן פֿאַרביסן
— דו ווילסט מיר ניט וויען די בריוו פֿון פֿאַלעסטיין . . .
הייסט עס, אַז "רעד" האָט נאָך ליקערן און זײַן פֿאָטאָגראַפֿיע ניט פֿאַרגעסן און הײַנט האָט ער זיך אַרויסגערעדט.
יע, וועגן לייזערן, איך טראַכט איצט וועגן אים אַ סך, איבערהויפּט זינט "רעד" האָט מיר געבראַרט דאָס קלייד, די מתנה פֿון זײַן מאַמען. אפֿשר דאַרף איך אָנשרײַבן לייזערן. נאָר וואָס זאָל איך אים שרײַבן? קען איך אים שרײַבן, אַז "רעד" האָט מיר געבראַכט אַ קלייד? קען איך אים שרײַבן, אַז "רעד" לערנט מיך ענגליש? קען איך אים שרײַבן, אַז איך בין געפֿאָרן מיט "רעד"ן אין אַ לאָנטש רום? שרײַבן קען איך דאָס ניט, אָבער ווען לייזער זאָל דאָס וויסן, וואָלט ער אפֿשר וועגן מיר קיינמאָל ניט געטראַכט. און אפֿשר זאָל איך אים אָנשרײַבן, אַז קיין ארץ ישראל קען מען איצט ניט פֿאָרן? נאָר דאָס ווייס ער דאָך אַליין . עס איז גוט, וואָס איך אַרבעט אין שאַפּ, און בין אַזוי פֿאַרנומען, אַז איך האָב קיין צײַט ניט צו קלערן וועגן אַ סך זאַכן, כאָטש איך וואָלט עס אפֿשר יאָ באַדאַרפֿט טאָן.
מענדל פֿוטעאַרט געווינט דעם "מוויפֿמטייע"
-טער יולי.
גוטס און שלעכטס גייען געאַרעמט, פֿלעגט זאָגן די מאַמע עה"ש. זעט אויס, אַז דאָס איז אַן אמת. מענדל פּושקאַרט און



די פּושקאַרטע זײַנען הײַנט געקומען אויסגעפּוצטע און מיט אַזאַ שמחה, אַז מיר האָט זיך געדאַכט, עס איז פּורים. די טאַנטע האָט געמיינט, אַז עס איז צוליב מענדל פּושקאַרט'ס אָפּעראַציע, וואָס איז אַדורך בשלום, און ער איז געזונט, ווי קיינמאָל גאָר קיין אָפּעראַציע ניט געווען.
— אײַך קומט טאַקע אַ מזל טוב, האָט זי זיי באַגעגנט, אַבי, גאָט צו דאַנקען, איר זיינט אַ מענטש מיט מענטשן גלײַך.
— פֿון וואַנען ווייסט איר, אַז מיר קומט אַ מזל טוב?
— וואָס הייסט? מיר זײַנען ניט געווען בײַ אײַך אין שפּיטאָל? האָט זיך די טאַנטע שיעור ניט באַליידיקט.
מענדל פּושקאַרט האָט אַ הויב געטאָן בײדע הענט אינדערהויך, ווי ער וואָלט געוואָלט דעם דאַך אונטערהייבן.
— ווער געדיינקט גאָר דעם שפּיטאָל? מיר האָבן דאָך געוווּנען דעם "סוויפּסטייק" . . . די טאַנטע האָט אים אַפֿילו קיין מזל טוב ניט אָפּגעגעבן. זי האָט ניט געפֿרעגט וויפֿיל געוווּנען און וואָס געוווּנען, זי האָט אַ שוועב געטאָן מיט איין שפּרונג צו דער מיסיס שאָר, און נאָך איידער זי האָט די טיר געעפֿנט האָט זי שוין אויסגעשריען :
— מיסיס שאָר, איר זאָלט מיר געזונט זײַן ! קומט אַרײַן גיכער, וועט איר זיי זען ! די מיסיס שאָר איז אַרײַנגעלאָפֿן אין אַ פֿאַרטאַך, און איצט, אַז די טאַנטע האָט שוין זי געהאַט בײַ זיך אין שטוב, האָט זי איר פֿאַרענדיקט אָנזאָגן די בשורה :
— זיי האָבן דאָך געוווּנען דעם "סוויפּסטייק" !
די מיסיס שאָר האָט אונטערגעכאַפּט בײדע הענט אונטערן פֿאַרטאַך, ווי פֿון אַ זאַך, וואָס מען קען זיך אָפּבריען, אַז מען שטייט. צו נאָענט. זי האָט נאָך אַלץ ניט געגלויבט, אַז דאָס זאָל מען טאַקע מײַנען מענדל פּושקאַרט און די פּושקאַרטע, און זי האָט אַ פֿרעג געטאָן?
— ווער האָט געוווּנען, זיי??
— מיר, מיר ! וואָס דען ראַקפֿעלער דאַרף געווינען? נאָר איך וואָלט זיך נאָך מיט אים איצט אויך געביטן.

נאָך אַלע היומ'ס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס געווינס איז ע דאָלער . . . אויף חוזק. האָט געזאָגט מענדל פּושקאַרט, כאָטש דריי הונדערט דאָלער גייט ניט צופּיס אויף גרענד סטריט, אָבער דאָס צעטל, וואָס לעבן מײַן נומער האָט געוווּנען אַכט און פֿערציק טויזנט, האָב איך טאַקע אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפֿן. דער "איידזשענט" האָט מיך געבעטן אויסקלײַבן, "ווילסט, זאָגט ער, נעם דאָס צעטל, ווילסט, נעם אַן אַנדערס, האָב איך אויסגעקליבן, פֿאַרשטייט זיך דעם שלימזל, און דאָס מזל האָב איך איבערגעלאָזן פֿאַר עמיצן אַנדערש . . .

— האָסטו דערלייגט דער באָבעס ירושה? האָט אים די פּושקאַרטיע געטרייסט.

פֿונדעסטוועגן, כאָטש ער האָט געוווּנען דעם שלימזל, און דאָס מזל האָט ער איבערגעלאָזן פֿאַר עמיצן אַנדערש, האָט מען געמאַכט אַ שנאַפּס, און מאַרווין, וואָס איז גראָד אָנגעקומען, האָט אויסגעטאַנצט עפּעס אַ קנאַקעדיק טענצל, וואָס נאָר ער און גודמאַן קענען דאָס אויסטאַנצן, מען קיינער ניט אין די גאַנצע יונייטעד סטייטס . . .

די פּושקאַרטע האָט דערציילט, אַז נאָך אַ גליק האָט זיי געטראָפֿן : דער דאָקטער פֿון שפּיטאָל האָט אָנגעזאָגט, אַז איר מאַן זאָל ניט רויכערן, ניט "סמוקן", איז ער גאָר געוואָרן אַ נײַער מענטש, דער "מיינד" (דער שכל) איז בײַ אים גאָר קלערער געוואָרן. אַפֿילו די ביזנעס גייען אַנדערש. דער רויך האָט אים "פֿאַרסמוקט" די געהירן, און איצט האָט ער אַ קלאָרן קאָפּ.

— אַז מען ווערט אַ גביר קריגטי מען אַ קלאָרן קאָפּ, האָט מענדל פּושקאַרט מודה געווען, ווען איך געווין די אַכט און פֿערציק טויזנט דאָלער, וואָלט איך אפֿשר איבערגעיאָגט איינשטיינען, "בעליוו מי" (גלויב מיר).

מילא, וועגן איינשטיינען, צי ער וואָלט אים איבערגעיאָגט צי ניט, וואָלט מען זיך אפֿשר געקענט דינגען, נאָר מענדל פּושקאַרט איז טאַקע געוואָרן אַ נײַער מענטש נאָך דער אָפּעראַציע און נאָך דעם, ווי ער האָט געוווּנען דעם "סוויפּסטעיק". דאָס איז קלאָר, ווי דער טאָג.

---

237

דאָס איז אַן אַלטע געשיכטע

10־טער יולי.

בײַ אונדז פֿלעגט מען טאַקע זאָגן : תּמוז דאַרף מען זיך היטן, מען קען חלילה משוגע ווערן. איך זאָג דאָס אַנקעגן עדין. וואָס מיט אים איז — קען איך באמת ניט פֿאַרשטיין.

הײַנט, אַז איך בין אַרויס אינדערפֿרי צו דער אַרבעט האָט מיר די לאָנדריניטשקע געזאָגט :

— רבֿקה, דו קענסט מאַכן אַ "סעיל" (אַן אויספֿאַרקויף) אויף "באָיעס", מען וואַרט דאָך דאָ אויף דיר, אָט שוין פֿון אינדערפֿרי.

ניט יווייטי פֿון אונדזער הויז האָט אַרומגעשפּאַצירט עדי. איך האָב זיך אַזוי פֿאַרוווּנדערט, אַז איך האָב אים ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן.

— עדי, וואָס איז?

— אין אָוונט ביסטו "ביזי", האָט ער מיר געענטפֿערט עפּעס אַזוי ווי מיט פֿאַרדראָס.

— און דו אויך, האָב איך אים געענטפֿערט.

— יע, און איך אויך . . .

ער איז אַוועק מיך באַגלייטן צו דער אַרבעט. גייענדיק האָט ער אַרויסגענומען פֿון טאַש צוויי ווייסע אויסגענייטע נאָז טיכלעך און האָט מיר געזאָגט :

— רבֿקה, דאָס איז פֿאַר דיר.

איך האָב צוגענומען די נאָז טיכלעך און באַדאַנקט.

— איך וויל דו זאָלסט זיי האַלטן אין "פּאַקעטבוק" (טאַש) . . .

— גוט, עדי, אַ דאַנק.

עדי איז מיטגעגאַנגען מיט מיר און האָט געשוויגן. ווען מײַן טראַמוואַי איז אָנגעקומען האָט מיך עדי געבעטן ניט פֿאָרן, האָר וואַרטן אויף אַ צוריטן טראַמוואַי.

— עס איז הײַנט. "סאָטש ע נייס דעי", (אַזאַ שיינער טאָג), האָט ער גערעדט צו מיר אויף אידיש, "טו בעד" (אַ שאָד) וואָס דו דאַרפֿסט גיין אין "פֿעקטאָרי".

מיטן צווייטן טראַמוואַי בין איך אַוועקגעפֿאָרן. עדי איז געבליבן שטין אויפֿן אָרט אויפֿגעהויבן די האַנט צום שערן.

---

238

אין טראַמוואַי האָב איך אַרויסגענומען די נאָז טיכלעך. דינינקע, ווייסע. אויף בײדע נאָז טיכלעך איז געווען אויסגענייט אין די ראָגן צו איין וואָרט, און צוזאַמען איז דאָס געווען : "אַי לאָוו יו, דיר" (איך האָב דיך ליב).

איך האָב די ווערטער ניט באַמערקט, ווען ער האָט מיר געגעבן די האָז טיכלעך. ווער האָט עס אויסגענייט? ער האָט עס באַשטעלט? אָדער אפֿשר קריגט מען פֿאַרטיקע אַזעלכע? ווער ווייסט? אין אַמעריקע קריגט מען אפֿשר אַלץ פֿאַרטיקע, אַפֿילו מיט "אַי לאָוו יו".

איך האָב אַ גאַנצן טאָג ניט פֿאַרגעסן עדין מיט די אויסגענייטע האָז-טיכלעך. פֿאַרנאַכט, ווען עס איז געקומען
"רעד", האָב איך זיך ניט געקענט איינהאַלטן און איך האָב אים געוויזן די נאָז טיכלעך.
— איך האָב דאָס הײַנט געקראָגן אַ מתנה.
— ווער האָט עס דיר געגעבן?
— דו וריסט פֿאַרוואָס?
— ניין, איך ווייס ניט.
— עדי "דענקט" (טראַכט) אַז אַ "באָי" דאַרף ליב האָבן צוויי מיידלעך, איז ער אַ "ריעל מען" (אַ מאַן), "דיס איז
אַן אָלד סטאָרי" (דאָס איז אַן אַלטע געשיכטע) . . . און "רעד" האָט אָנגעהויבן לעך.
אויב אַזוי, איז טאַקע מעגלעך, אַז דער אָנקל איז געווען גערעכט. ווען עדין. "אַ גרויסער באַטרעף", האָט מיר
דער אָנקל געזאָגט דעמאָלט וועגן עדיס צעטעלע. אַ מאָדנע וועלט דאָ, ווי זאָגט די לאָנדריניטשקע, אַ
פֿאַרקערטער הימל, נאָר אַ שיינער. און מיר דאַכט זיך, אַז עס איז גאָר אַנדערש : אַ שיינער הימל, נאָר אַ
פֿאַרקערטער.
פֿונדעסטוועגן, אַז "רעד" איז אַוועק האָט ער צוגענומען די נאָז טיכלעך. ער האָט אַליין געעפֿנט מײַן טאַש און
האָט זיי אַרויסגענומער.
— "רעד", וואָס טוסטו, עס איז דאָך מײַנע . . .
— איך וויל ניט דו זאָלסט זיי האָבן אין "פּאַקעסבוק", האָט

---

239

מיר "רעד" געענטפֿערט, ער האָטי עס געזאָגט אָן אַ שמייכל, אַזוי ווי די גאַנצע זאַך זאָל אים פֿאַרדריסן.
— "יו שודנ'ט טעיק דעם", (דו האָסט עס ניט באַדאַרפֿט נעמען) האָט ער דערנאָך צוגעגעבן, און האָט די
נאָז-טיכלעך אַרײַנגעלייגט צו זיך אין קעשענע.
איצט ווייס איך שוין ניט צורי זאַרן : פֿאַרוואָס האָט זיי עדי געבראַכט, און פֿאַרוואָס האָט זיי "רעד" צוגענומען.

דאָס הייסט אַ מזל
11-טער יולי.
"רעד" קריכט אויף די גלאַטע ווענט. נעכטן האָט ער בײַ מיר אַרויסגענומען פֿון מײַן טאַש די נאָז טיכלעך, וואָס
עדי האָט מיר געגעבן און האָט נאָך מיך געמוסרט : "יו שודנ'ט טעיק דעם" . . . און הײַנט האָט אים פֿאַרדראָסן,
וואָס די מאַכליסעס זײַנען מיך געגאַנגען באַגלייטן אַהיים.
איך בין פֿון די מאַכליסעס גאָר העכסט צופֿרידן. ביז זיי זײַנען אָנגעקומען אין סקול, בין איך געווען דאָס
הינקעדיקע פֿיסל פֿון קלאַס. אַז אַלע האָבן שוין אָנגעשריבן אַ וואָרט, האָב איך נאָך ניט געוווּסט וואָס צו
שרײַבן, און די מיסיס שוואַרץ פֿלעגט מיך דאַרפֿן קומען אַרויסהעלפֿן פֿון דער צרה, איצט זײַנען די מאַכליסעס
די "גרינהאָרנס" זיי זײַנען די גרעסטע עם הארצים אויף ענגליש, און איך בין שוין אַנקעגן זיי אַ למדנטע. בין איך
אין האַרצן באמת צעפֿרידן וואָס זיי זײַנען אונטערגעקומען. עס איז ניט גוט צו זײַן דער ערגסטער אין ערגעץ, און
אין סקול אויך ניט. שמייכל איך צו די מאַכליסעס שטענדיק. הײַנט זײַנען זיי מיך געגאַנגען באַגלייטן אַהיים. זיי
האָבן מיר דערציילט, אַז זי, די שועסטער, האָט געקראָגן אַרבעט. זי נייט קלירלעך פֿאַר ליאַלקעס און זי
פֿאַרדינט שוין צען דאָלער אַ וואָך. שפּעטער וועט זי קענען פֿאַרדינען מער. פֿאַר דעם געלט לעבן זיי זיך ביידע
דורך. ווי זשע קען זי גיין אין ווייסע שיך? איך האָב זיך פֿאַרשעמט, וואָס איך האָב נאָך ביז איצט קיין וריסע שיך
ניט געקויפֿט און קען דעריבער ניט אָנטאָן דאָס ניע קלייד, וואָס "רעד" האָט מיר געבראַכט. אַז איך בין
געגאַנגען מיט די

---

240

מאַרליסעס און זיך פֿאַרטראַרט וועגן די וריסע שיך איז אָנגעקומען "רעד". ער איז מיר געגאַנגען באַגעגענען פֿון
סקול. איך ווייס שוין, אַז "רעד" איז אומצופֿרידן פֿון עפּעס גיט ער באַלד אַ קעם די האָר אַרויף און נאָך אַמאָל
אַרויף, פּונקט ווי זיי וואָלטן אים שטערן. "רעד" האָט זיך דאָס מאָל אויך באַגריסט מיטי די מאַכליסעס און באַלד
זיך אָנגעהויבן זעגענען :
— גוד באַי . . .
מיך האָט עס פֿאַרדראָסן. ער פֿירט זיך אויף פּונקט, ווי איך זאָל זײַן אַ קינד און ער קומט מיך אָפּנעמען פֿון סקול
און פֿירט מיך אַוועק פֿון שלעכטע "קאָמפּאַניע". און אַזוי האָט ער מיר טאַקע באַלד, ווי מיר זײַנען
אַוועקגעגאַנגען, געזאָגט :
— איך האָב ניט ליב די קאָמפּאַניע.
מיר האָט זיך געוואָלט עפּעס אַרײַנזאָגן "רעד"ן און איך האָב אים געענטפֿערט :
— זיי זײַנען זייער ווילע, די מאַכליסעס, מיר געפֿעלן זיי.
— "טו בעד" (אַ שאָד), האָט "רעד" געזאָגט און האָט אַרײַנגעלייגט די הענט אין די קעשענעס.

מיר האָט ניט אַזוי פֿאַרדראָסן זײַן ענטפֿער, ווי דאָס, וואָס ער האָט אַרײַנגעלייגט די הענט אין די קעשענעס. ער האָט מיר אויסגעזען עפּעס צופֿיל פֿריץ. און אַזוי ווי איך האָב ניט קיין קעשענעס אין מײַן קליידל, און האָב ניט געקענט טאָן ווי ער, האָב איך זיך דערפֿילט עפּעס הינטערשטעליק, אין שווין ניט געקענט בלייבן רואיק.
— די מאַכליסעס האָסטו ניט ליב, עדיס נאָז-טיכלעך האָסטו ניט ליב; די בריוו פֿון "פֿאַלעסטיין" האָסטו ניט ליב, עדלשטיינס דזשאַב האָסטו ניט ליב . . . וואָס האָסטו יאָ ליב? אַזוי האָב איך אים געגעבן אַ רעכן אויס אַ צעטל און געפֿילט, אַז אַ שטיין איז מיר אַראָפּ פֿון האַרצן. מעג זיך "רעד" טאָן וואָס ער וויל, מעג ער זיך אַוועקגיין נאָך אויף זעקס וואָכן, אָדער אַפֿילו אויף זעקס יאָר, איך מוז אים זאָגן, אַז ער איז צופֿיל בעל בית איבער מיר.
"רעד" האָט מיר גאָרניט געענטפֿערט, נאָר בײַ אים זײַנען בלייך געוואָרן די ליפּן. מיר איז די גאַנצע קריגערייַ איבעריק



געוואָרן. צוליב וואָס? בײַ "רעד"ן פֿון קעשענע האָבן אַרויסגעשטעקט זײַנע סיגאַרעטן, איך האָב זיי אַרויסגענומען און אים דערלאַנגט אין האַנט אַרײַן:
— "רעד", פֿאַרגעס ניט דײַנע סיגאַרעטן, און איך האָב אָנגעהויבן לאַכן.
"רעד" האָט אַ שמייכל געטאָן, האָט מיך גענומען אונטערן אָרעם און האָט געזאָגט, ווי זײַן טאַטע זאָגט צו דער מאַמען, מסתם ווען זיי קריגן זיך:
— יי'ר אַ ביטערע אידענע, רבֿקה, בעליוו מי, ביטער ווי גאַל . . .
איך האָב ניט דערוואַרט, אַז "רעד" קען אַזוי גוט אידיש און איך האָב אים געזאָגט:
— "רעד", פֿון וואַנען ווייסטו, "ביטער ווי גאַל"?
— דער טאַטע זאָגט עס צו מײַן מאַמע, "עוורי באַדי הען טו נאָי איט" . . . (יעדערער דאַרף עס ויסן) און ער האָט צוגעשמייכלט.
אָבער אַ מזל האָב איך, אַז ווען די מאַרליסעס באַגלייטן מיך אַהיים, קומט מיך "רעד" אָפּנעמען פֿון "סקול", גראָד דעמאָלט פֿאַלט אים איין צו קומען. דאָס הייסט אַ מזל.

מעשות
14־טער יולי.
אַלע זומער פֿאָרט אַוועק מיסטער שליווקע, דער לאָנדריניטשקעס מאַן, אויף איין טאָג קיין ניו-הייוון צו זײַן מוטער אויף קבר אבות. ער פֿאָרט אַוועק פֿאַרטאָג און קומט אויף מאָרגן אינדערפֿרי, צען אַזייגער. ער נעכטיקט בײַ זײַן שוועסטער, וואָס וווינט אין ניו-העיוון, און האָט דאָרטן אויך אַ "לאָונדרי ביזנעס". ער איז פּינקטלעך, ווי אַ זייגער.
— מאָרגן צען פֿרי, וועט ער זײַן דאָ, האָט מיר געזאָגט די לאָנדריניטשקע.
אַז מיסטער שליווקע איז אַוועקגעפֿאָרן האָט די לאָנדריניטשקע געעפֿנט אַלע שופֿלאַדן, און האָט אַרויסגענומען אַלע פֿאָטאָגראַפֿיעס, און האָט זיי אויסגעלייגט אויפֿן טיש. אייניקע פּעקלעך



פֿאַרבונדן מיט רויטע סטענגלעך, — די פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון גאָר די יונגע יאָרן זײַנען פֿאַרבונדן מיט רויטע סטענגלעך, האָט מיר די לאָנדריניטשקע געזאָגט. זי האָט אַלע פּעקלעך פֿאַנאַנדערגעבונדן און יעדעס בילד באַטראַכט, צו אייניקע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. און דערנאָך האָט זי אַלע פּעקלעך צוריק אַרײַנגעלייגט אין די שופֿלאַדן. איין פֿאָטאָגראַפֿיע האָט די לאָנדריניטשקע אַרויסגענומען און מיר געוויזן.
— אָט דאָס מיידל, טילע, האָט זי געהייסן, איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד צוליב אַ "לובאָווי" (ליבע). זי האָט געהאַט אַ חתן, זייער אַ געראָטענעם, שוין געדאַרפֿט זײַן די חתונה, און אינמיטן דערינען האָט זיך טילע אָפּגעסמט. מען האָט געזאָגט, אַז זי האָט עס אָפּגעטאָן אַ צו להכעיס, ווײַל איר חתן האָט זיך אָנגעהויבן צופֿיל צוקוקן צו איר אינגערער שוועסטער, און טילע האָט זיי איינמאָל געטראָפֿן אַרויסגייענדיק ביידן פֿון טעאַטער. געוועזן איז דאָס אין אַן אָוונט, ווען דער חתן האָט געזאָגט, אַז ער פֿאָרט-צו זיך זען מיט זײַן מוטער, און זי, די שוועסטער, האָט געזאָגט, אַז זי גייט אַרײַן צום דאָקטער, זי פֿילט זיך ניט גוט. און שפּעטער, אַז טילע איז אַרויס זיך דורכגיין אַביסל, האָט זי זיי ביידן געטראָפֿן אַרויסגיין פֿון טעאַטער. זי האָט זיך אָפּגעסמט און געלאָזן אַ צעטעלע: "איך שטאַרב, ווײַל עס איז ניטאָ קיין ערלעכקייט אויף דער וועלט".
איך האָב באַטראַכט טילען, וואָס האָט ניט געפֿונען קיין ערלעכקייט אויף דער וועלט. זי האָט געהאַט גרויסע און מסתם זייער שוואַרצע אויגן, שטאַרק געקרייזלטע האָר, און פֿולע ליפּן, "מיט אַ בעבעלע", ווי זי וואָלט זיך קלײַבן עמיצן אַ קוש טאָן. אַלע שטריכן פֿון פּנים זײַנען בײַ איר געווען אַביסל "צופֿיל". מיר האָט פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ אויף איר, פּונקט ווי איך זאָל זי קענען, און פּונקט, ווי די מעשה זאָל פֿאָרקומען נאָר וואָס.
— אַ גוטע געווען זיער, האָט די לאָנדריניטשקע געזאָגט אויף טילען, דאָס לעצטע העמד פֿלעגט זי אַוועקגעבן,

ווען מען פֿלעגט קומען צו איר נאָך עפּעס . . .
אַז אַלע פֿאָטאָגראַפֿיעס זײַנען שוין געווען צוריק אין די שופֿלאָדן, האָט די לאַנדרינישקע זיך געשטעלט אויף אַ בענקל



און אָפּגעשטויבט טאָלסטאָיס פֿאָרטרעט און אַרייעשטעקט אַ פֿרישע צווייגל גרינס איבערן רעמל. די קאָמאָד האָט זי צוגעדעקט מיט אַ ריין, ווייס סערוועטקע און האָט אָפּגעשטויבט די זעגלען פֿון דער "מעיפֿלאַוער". מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די לאַנדרינישקע האָט שוין אַלץ אויסגעריכט אויף אַ יאָר שווימען, און די "מעיפֿלאַוער" האָט שוין אויסגעשפּרייט די אָפּגעשטויבטע זעגלען.
טילען האָב איך ניט געקענט פֿאַרגעסן, איך האָב לאַנג ניט געקענט איינשלאָפֿן, איך האָב געזען טילעס פֿולע ליפּן און מיר האָט זיך געדאַרט, אַז איך הער זי זאָגן : "איך שטאַרב, ווײַל עס איז ניטאָ קיין ערלעכקייט אויף דער וועלט".

ווײַסע שיך
17־טער יולי.
ווײמע טיך
אַלע פֿרויען גייען שוין אין וריסע שיך, און אויף מיר מיט מײַנע שוואַרצע שיך קוקט מען, ווי איך זאָל פֿאַרגעסן עפּעס גאָר אַ וויכטיקע זאַך. אין שאַפּ גיט די פֿאָרליידי אַ קוק אויף מײַנע שיך. זי זאָגט גאָרניט, זי גיט בלויז אַן איבעריקן קוק. סעלמאַ גיט אויך אַ לאַנגן קוק אויף מײַנע שיך און זי לאָזט אַראָפּ די ברעמען, אַזוי ווי די "סטאַרס" אין די מוווים. איך האָב באַמערקט, אַז די מיידלעך מאַכן דאָ זייער נאָך די "סטאַרס" אין די מוווים. זיי שמייכלען, ווי די סטאַרס, לאָזן פּאַמעלעך אַראָפּ די ברעמען, און הויבן זיי אויף צוריק, אַלץ ווי די סטאַרס פֿון די מוווים.
די טאַנטע האָט מיך שוין פֿרייטיק אַ פֿרעג געטאָן :
— רבֿקה, האָסט ניט קיין ווייסע שיך? די טאַנטע האָט אַ נאַטור, זי גיט אַ זאָג און פֿאַרגעסט. ניט ווײַל זי איז קאַרג, נאָר גלאַט פֿאַרדרייט, מסתּם צוליב סעלמאַן. אין לובלין פֿלעג איך אַלע זומער טראָגן שוואַרצע שיך און קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן דעם. דאָ, אַז איך שטיי אויף אינדערפֿרי און טו אָן די שוואַרצע שיך, גיב איך זיך אַ דערמאָן, אַז אין אַ שעה אַרום וועטן אויף זיי די פֿאָרליידי אַן איבעריקן קוק טאָן. "רעד", אַז ער גייט מיט מיר אין גאַס גיט ער אויך אַ בליק אויף מײַנע פֿיס און איך וריס, וואָס ער טראַכט, ער טראַכט וועגן



אַ פּאָר ווייסע שיך. אין לובלין פֿלעגן די וואַרשעווער "פּאַניענקעס" זומער אַראָפּקומען אין ווייסע שיך, האָט מען זיי גערופֿן דערפֿאַר "די פּאַניענקעס", ניט אַ "פּאַניענקע" — מען דאַרף האָבן ווייסע שיך.
איך טראַכט, אַז פֿון שיינפֿעלדס פֿופֿצן דאָלער, וואָס איך זאַמל אויף אָפּגעבן "משיח"ן, וועל איך דערוריל קויפֿן ווייסע שיך און פּטור פֿון אַ גלות. אַי וואָס שיינפֿעלדס כּבוד? וועט עס גאַנץ ווערן מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער. איך האָב מײַן כּבוד אויך ניט געזשאַלעוועט, ווען איך בין געגאַנגען זוכן פֿאַר אים דאָס געלט. אַז איך וועל האָבן די וריסע שיך, וועל איך קענען אָנטאָן דאָס קלייד, וואָס "רעד" האָט מיר געבראַרט, מיט די גרויסע בלומען, ווײַל מיט מײַנע שוואַרצע שיך איז עס, ווי סעלמאַ זאָגט "אימפּאָסיבל" צו טראָגן. און אַז סעלמאַ זאָגט, מעג מען זיך אויף איר פֿאַרלאָזן. איך מײַן, אַז סעלמאַ ווייס בעסער, ווי גאַנץ ניו יאָרק, וואָס עס "מעטשט" (פּאַסט זיך צום קאָליר). אַנומעלטן האָט זי אַ זאָג געטאָן, "איך וואָלט בעסער געשטאָרבן, איידער טראָגן, אַ בלויעם מאַנטל מיט אַ ברוינע העט", אויף ענגליש האָט זי דאָס געזאָגט : "אַי וווד ראַטהער דאַי" . . . ניט מער, עס איז נאָך קיין יאָר ניטאָ, ווי די מאַמע עה"ש איז טויט, און בײַ מיר איז שוין רעכט אָנטאָן ווייסע שיך . . . נאָר גאָרניט, אַז גאַנץ ניו יאָרק גייט אַזוי, מסתּם מעג מען . . . איך וויל שוין זייער מען זאָל אויפֿהערן קוקן אויף מיר און אויף מײַנע שיך.

די לובלינער
21־טער יולי.
אַ סך געגנטן זײַנען דאָ אין אַמעריקע, נאָר קיין געגנט האָט ניט אַזאַ באַרימטן נאָמען, ווי קאַליפֿאָרניע. איך ווייס נאָך ביז איצט ניט, צי איז קאַליפֿאָרניע גוט צי שלעכט. אַז איך קויף עפּל, אָדער פּאָמעראַנצן, גיט מיר די פֿאַרקויפֿערקע באַלד אַ זאָג דעם יחוס : "דאָס איז קאַליפֿאָרניע". און אַז קאַליפֿאָרניע, דאַרף איך שוין קיין גרעסערן יחוס ניט פֿרעגן. מיינט עס, אַז קאַליפֿאָרניע איז גוט ! איז דאָ אָבער פֿאַראַן אַנדערע זאַכן, אַז אַ מאַן

ווײל אַנטלויפֿן פֿון אַ ווייב, איז קאַליפֿאָרניע. און קאַליפֿאָרניע איז פֿאַרפֿאַלן. בעסיע די בלאָנדע, אַז זי קומט ניט אין שאַפּ, ווײַל זי צעקריגט זיך מיט איר "מוזישן", זאָגן אויף איר די מיידלעך, אַז ער וועט נאָך פֿון איר אַוועקגיין אין קאַליפֿאָרניע. רוט, אַז זי האָט געהאַט אַ ביין האַרץ אויף "רעד"ן איז זי אַוועקגעפֿאָרן קיין קאַליפֿאָרניע. אַז די מיסיס שאָר האָט מיר דעמאָלט געזאָגט, אַז רוט איז אַוועק קיין קאַליפֿאָרניע, איז אַזוי ווי זי זאָל מיר זאָגן : רוט איז אַוועק אויף אַן אַנדער וועלט. ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אַז ניט אַזוי גרינג פֿאָרט מען אַוועק קיין קאַליפֿאָרניע.
אָט איז רוט געפֿאָרן, געפֿאָרן און איז דערפֿאַרן ביז באַלטימאָר. און די מיסיס שאָר האָט מיר הײַנט געזאַרט : מזל טוב ! די כלה איז שוין דאָ צוריק. זי איז דערפֿאַרן ביז באַלטימאָר. זי איז דאָ נעכטן אַראָפּגעקומען, אויסגעפּוצט ווי אַ "דאַל" (אַ ליאַלקע) און דאַר ווי אַ שטעקן, דאָס איז, אַז מען איז "קרייזי" פֿאַר אַ באָי.
איך טראַכט וועגן זיך פֿאַר וועמען בין איך "קרייזי"? פֿאַר לייזערן? נאָר איך שרייב צו אים אַזוי זעלטן בריוו. אָדער איך בין "קרייזי" פֿאַר"רעד"ן? איך ווייס ניט, צי איך וואָלט צוליב אים געפֿאָרן קיין קאַליפֿאָרניע און געקומען צוריק . . .
איך האָב דאָס געזאָגט דער מיסיס שאָר. די מיסיס שאָר ווייס אַ סך זאַכן. זעט אויס, אַז ווען איר חתן האָט זיך פֿאַרליבט אין דער בעסאַראַבערקע מיטן קעז, האָט זיך די מיסיס שאָר אַ סך דערקונדיקט. זי האָט אַ טראַכט געטאָן איצט און האָט מיר געענטפֿערט :
— רבֿקה, מען זאָל ניט געפּרוווט ווערן. דו ווייסט פֿאַרוואָס דו וואָלסט ניט געפֿאָרן קיין קאַליפֿאָרניע? ווײַל די "באָיעס" פֿאָרן צו דיר. קיינער קען קיין בריה ניט זײַן, אַז מען קריגט מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ. איך זאָג דאָך דיר, רבֿקה, דאָס איז אַלץ צוליב דיינע צעפּ. מיט אַזעלכע צעפּ, און דערצו נאָך, אַז מען איז אַ לובלינער קען מען יעדערן דעם קאָפּ פֿאַרדריען.
מיר האָט זיך זייער געוואָלט לאַכן, וואָס זי זאָגט : אַז מען איז אַ לובלינער, פּונקט ווי בײַ אונדז זאָלן זײַן אַנדערע מענטשן . . . און איך האָב דאָס איר טאַקע געזאָגט, דער מיסיס שאָר.

---

246

— ניטאָ וואָס צו לאַכן, האָט זי מיר געענטפֿערט, איך האָב דאָס באַמערקט בײַ אײַך אַלעמען. דיין טאַנטע איז אַ קלוגע פֿריי. נו, וועט זי אַמאָל אַרויסוריזן דעם שכל? ניין, קיינמאָל ניט. זי האַלט אים פֿאַר זיך. דאָס וואָס זי דאַרף הערט זי, דאָס וואָס זי דאַרף ניט — הערט זי ניט, זי קוקט גאָר אָן אַ זייט. דאָס וואָס זי דאַרף געדענקט זי, דאָס וואָס זי דאַרף ניט פֿאַרגעסט זי . . . מיינסט איך האָב זי ניט ליב? איך האָב זי זייער ליב, זי איז אַ טייערע פֿרוי, נאָר אַ לובלינער איז זי. און דו? (און די מיסיס שאָר האָט מיך אַ נעם געטאָן פֿאַר דער גאָמבע, ווי מען נעמט אַ קינד) דו ביסט אויך אַ לובלינער. אָט איך זע דאָך : שטענדיק פֿאַרלייגט די צעפּ אינדערהויך, ווי אַ קרוין, ווי גאַנץ ניו יאָרק זאָל זיך קלײַבן צו דיר אויף אַ וויזיט. אַנדערע מיידלעך — לויפֿן צופֿיל, לאַכן צופֿיל, און דו ניט, אַלץ וועט צו דיר קומען, דו דאַרפֿסט נאָר צוואַרטן. אַ מזל . . . אָבער דאָס קענען בלויז די לובלינער, זיי האָבן עפּעס אַזעלכע דורכזיכטיקע אויגן . . . אַ מזל . . . האָט פֿאַרענדיקט די מיסיס שאָר, און דערנאָך האָט זי מיך אַ פֿרעג געטאָן :
— דו וויינסט אַמאָל, רבֿקה?
— ווער דען וויינט? איך וויין טאַקע . . .
— קען זײַן, אָבער אויף דיר איז דאָס ניט קענטיק.
— נו, הייסט עס, אַז מיר זײַנען אויך מענטשן . . .
די מיסיס שאָר האָט אָנגעהויבן לאַכן און איך האָב זיך דערמאָנט וועגן מיסטער עדלשטיין, זײַנע גרויע דורכזיכטיקע אויגן, וואָס האָבן אַביסל געלאַכט און אַביסל אָפּגעלאַכט פֿון מיר דעמאָלט אויפֿן "באָל", ווען ער האָט געגעבן הונדערט קוואָדערס פֿאַר אַ טאַנץ.
צוויי זאַכן געדענק איך הײַנט כסדר : אַז רוט איז געקומען, און אַז איך האָב שוין ווייסע שיך. אַז "רעד" איז געקומען האָב איך אָנגעטאָן די ווייסע שיך און דאָס נײַע קלייד מיט די גרויסע בלומען, וואָס ער האָט מיר געגעבן. "רעד" איז געווען אַזוי צופֿרידן, אַז איך קען גאָרניט פֿאַרשטיין פֿון וואָס, ער האָט בלויז אויסגערופֿן איין וואָרט : "איי רבֿקה . . ." און ער האָט מיך אַרומגענומען, און מער גאָרניט געזאָגט. איך וואָלט געוועהן אַ בעלן וויסן, וואָס איז אים

---

247

אַזוי שטאַרק געפֿעלן געוואָרן? איך קען שווערן, אַז מײַנע ווייסע שיך. דער סוף איז געווען ,אַז איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטן און איך האָב אים טאַקע געפֿרעגט :
— פּליז, "רעד", זאָג מיר די "טרו" (דעם אמת) . . .
אַז "רעד" האָט דערהערט י די "טרו" — האָט ער אָנגעשטעלט די אויערן, נאָך איידער וואָס ווען האָט ער אַ שאַר געטאָן מיט די פֿינגער די האָר אַרויף. ער האָט געמיינט, גאָט ווייס וואָס איך גיי אים דאָ פֿרעגן. און אפֿשר האָט ער אַ טראַכט געטאָן וועגן רוטן, אַז איך גיי אים עפּעס פֿרעגן וועגן איר . . .

— זאָג מיר, "רעד", די "טרו" דיוי געפֿעלן זייער מײַנע ווייסע שיך?
"רעד" האָט געלאַכט, אַביסל מיט פֿאַרגעניגן, אַביסל מיט פֿאַרדראָס :
— זאָג מיר, רבֿקה, די "טרו" — דו האָסט מיך געוואָלט פֿרעגן "סאָמטהינג עלס"? (עפּעס אַנדערש).
— ניטאָ קיין "סאַמטינג עלס", אַז מען גייט אין ווייסע שיך, האָב איך אים געענטפֿערט, און איך בין ווירקלעך געווען הײַנט שטאָלץ מיט מײַנע ווייסע שיך, פּטור געוואָרן פֿון אַ גלות.
וועגן רוט האָב איך אים ניט געפֿרעגט. וואָס איז פֿאַראַן צו פֿרעגן וועגן זאַכן, וואָס "מען זאָל צו זיי ניט געפּרוּווט ווערן", ווי די מיסיס שאָר זאָגט.

יענע צײַט איז שוין פֿאַרענדיקט
24־טער יולי.
שוין אַ פּאָר טעג, ווי "רעד" איז ניט געקומען, איך האָב באַקומען פֿון אים אַ צעטעלע, עטלעכע ווערטער :
"טייערע רבֿקה, איך בין "ביזי" הײַנט. לאַרי". "רעדס" נאָמען איז לייזער יאָסל, לאַרי הייסט ער דאָ. ווי מאָדנע דאָס איז, וואָס "רעדס" נאָמען איז אויך לייזער . . . כאָטש אַלע רופֿן אים "רעד".
איך קען ניט פֿאַרשטיין מיט וואָס ער איז אַזוי פֿאַרנומען, וואָס ער האָט אַפֿילו ניט געקענט קומען זאָגן, נאָר ער האָט אָנגעשריבן אַ צעטעלע. זאָל זײַן צוליב רוטן? . . . צוליב דעם וואָס זי איז געקומען פֿון "קאַליפֿאָרניע"? ווער ווייס? אַז עדי

---

248

ברענגט מיר צעטעלעך מיט "אַי לאָוו יוּ", כאָטש בײַ אים איז ערב דער חתונה, אפֿשר איז "רעד" אויך אַזוי? איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן אַזעלכע זאַכן, ווען איך בין געווען אינדערהיים, און פֿלעג גיין מיט לייזערן צום סאָסנאָוון וואַלד. יענע צײַט איז שוין פֿאַרענדיקט. איצט. בין איך אין ניו-יאָרק. און ווי זאָגט די מיסיס קאָשעס :
מען בלײַבט אַליין, ווי אויף אַן אינדזל. אַזוי פֿיל איך זיך הײַנט . . . איך האָב זיך דערמאָנט פֿון טילען, וואָס איז געשטאָרבן, ווײַל עס איז ניטאָ קיין ערלעכקייט אויף דער וועלט. ווער קען דאָס מײַנען? "רעדן"? רוטן? עדין? און אפֿשר מיך? . . . סעלמאַן אַוודאי ניט, זי פֿיילט די נעגל און וואַרט אויף דער "שרפֿה" . . . אין אַזאַ טאָג איז די בעסטע זאַך אַוועקגיין אין סקול. האָך די לעקציעס האָבן מיך די מאַכליסעס געבעטן גיין מיט זיי אין די מוּוויס, האָב איך אין די מוּוויס געזען אַ מאָדנע זאַך . אין אַ משפּחה נאַרן אַלע איינער דעם אַנדערן. דער מאַן האָט אַ געליבטע, די פֿרוי האָט אַ געליבטן, און זייער איינציקער זון נאַרט בײַ זיי אַרויס זייער פֿאַרמעגן. דער איינציקער געטרייער אין זייער הונט. צו וואָס האָב איך געדאַרפֿט גיין אין די מוּוויס גראָד הײַנט און זען, אַז דער געטרייעסטער צווישן מענטשן איז געווען אַ הונט? די מאַכליסעס זײַנען מאָדנע. ער דערציילט די גאַנצע צײַט וועגן זײַנע ליאַלקעס, וואָס ער האָט געמאַכט. איין ליאַלקע, האָט ער דערציילט, איז געווען אינגאַנצן ווי אַ לעבעדיקע, אַ קלוגע ליאַלקע, מיט לאַנגע ברעמען און מיט אַ באָרד... פֿון וואָס מענטשן קענען טראַכטן? און אפֿשר, אַז מען גייט אַרײַן אין אַזאַ פּרנסה, טראַכט מען וועגן דעם . . . גוט פֿונדעסטוועגן, וואָס איך האָב מיט זיי פֿאַרבראַכט דעם אָוונט, ווען "רעד" איז "ביזי".

שאַרלאָט
25-טער יולי.
איך בין הײַנט געקומען שפּעט אַהיים. "רעד" איז דאָ געווען. ער האָט איבערגעלאָזן אַ צעטעלע. גוט, וואָס ער האָט מיך ניט געטראָפֿן. זאָל ער ניט מײנען, אַז נאָר ער קאָן זײַן

---

249

"ביזי". אויף זײַן צעטעלע איז געווען אויסגעמאָלן אַ באַרג און אַ שטוב, און אַ בוים, און אַ פּלויט, בקיצור אַ גאַרצער געמעל. זעט אויס, אַז "רעד" האָט דאָ היפּשלעך געוואַרט. מעג ער טאַקע אַביסל וואַרטן. איך בין נאָך דער סקול אַוועק צו דער מיסיס קאָשעס, זען וואָס זי מאַרט. איינע פֿון אירע פּלימעניצעס איז געווען בײַ איר, טאַקע די שאַרלאָט. שאַרלאָט איז געזעסן אין אַ הוט, ווי אַ גאַסט. אויפֿן האַלדז האָט זי געטראָגן אַ פּוצעכץ, זיבן גאָלדענע קייטעלעך איינס אונטערן אַנדערן, אַזוי אַז דאָס גאַנצע האַרץ, איז בײַ איר געווען פֿאַרדעקט מיט גאָלד. זי איז אויסגעפֿאַרבט נאָך מער ווי סעלמאַ. די אויגן, און די באַקן, און די ליפּן, און די ברעמען, אַפֿילו די נאָז לעכלעך. זי אַרבעט אוודאַי איבער דעם אַ דריי-פֿיר שעה. די מיסיס קאָשעס האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן, פֿלעגט אַמאָל אַ שאָקל טאָן מיטן קאָפּ.
שאַרלאָט איז געזעסן ניט לאַנג. פֿאַרן אַוועקגיין האָט זי צו מיר אַ ווונק געטאָן, וואָס עס האָט באַדאַרפֿט באַדייטן, אַז די מיסיס קאָשעס איז שטאַרק קראַנק. געזעגנט האָט זיך שאַרלאָט מיט טומל : "גוט באַי, ענט" (אַ גוטע נאַכט, מומע). און "טעיק קער אַן יורסעלף" (גיב אַכטונג אויף זיך). און "איט", (עס מומע) און "טראַי טו סליפּ, ענט" (באַמי זיך שלאָפֿן, מומע). שאַרלט האָט "אָפּגעגעטעוועט" אפֿשר צען מינוט נאָכאַנאַנד, און אַז זי איז אַוועק האָבן די קייטעלעך אַ קלונג געטאָן אויפֿן האַלדז, די בראַסלעטקע האָט אַ קלונג געטאָן אויף דער

האַנט, דער טאַש האָט אַ שנאָל געטאָן מיטן שלעסל, ווען שאַרלאָט האָט אַהין אַרײַנגעלייגט איר נאָזטיכל, און לסוף האָט די טיר געקלונגען" ווען זי איז אַוועק. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז שאַרלאַט איז דורכאויס אַ געקלונגעריי. אַז זי איז אַוועק, האָט די מיסיס קאָשעס אָנגעהויבן ריידן :
— דאָס איז זי מיטן טשעק, וואָס איך האָב דיר דערציילט . . . זי איז דאָ געקומען מיינסטו אפשר צוליב וואָס? זי האָט מיר דערציילט, אַז דער "האָזבאַנד" דאַרף געלט, כאָטש אַ דריי הונדערט דאָלער דאַרף ער . . .
— רעי, האָט געזאָגט די מיסיס קאָשעס, ווען איך וואָלט



איצט געווען יונג, וואָלט איך שוין קיינעם ניט געבראַרט קיין אַמעריקע. איך וואָלט אַנדערש געלעבט, איך וואָלט זיך אויפגעפירט, ווי די הײַנטיקע טוען.
אַ רחמנות איז מיר געווען אויף דער מיסיס קאָשעס, זי ליגט אַ קראַנקע און זי האָט חרטה אויף די טובות, וואָס זי האָט געהאָן יונגערהייט. גוט וואָס דער פּוס ווערט בײַ איר בעסער, אפשר וועט זי נאָך געזונט ווערן צוריק און טראַכטן, אַז מיט קאָלירן קען מען אויסנייען דעם הימל.

זשאַנעט איז בלינד געוואָרן
26־טער יולי.
איך קען שוין כמעט אויפנײַען אַ הענטשקע, נאָר לויט דער שוואַרצינקער מערי קומט אויס, אַז אויב האָב איך ניט קיין יוניע ביכל, דאַרף איך זיך גיין לייגן אויפן ברוק און שטאַרבן. לויט איר יושר וואָלט עס געווען רעכט. אַז זי האָט געזען נעכטן, ווי איך האָב געגייט בײַ דער מאַשין האָט זי עפּעס אָנגעהויבן "מאָלך" מיט דער צונג, "מאָלך", "מאָלך", איך האָב געהערט, אַז זי רעדט וועגן אַ יוניען קאַרטע, און דער סוף איז געווען, אַז זי האָט טאַקע אַרויסגערופן דעם "אָרגאַנײַזער". הײַנט איז ער געווען. ער האָט עפּעס גערעדט מיט דער פאַרליידי, און דערנאָך מיט מיסטער רובין, און דערנאָך האָט מען מיך אַרײַנגערופן אין אָפּיס. איך האָב געהערט, ווי מיסטער רובין האָט אים געזאָגט : זי קען שוין די אַרבעט פון לאַנג . . . איך האָב געפילט מיטן גאַנצן האַרצן, אַז אַ ליגן איז אַ כשרע זאַך, און אַז דער אָרגאַנײַזער האָט מיך אַ פרעג געטאָן, ווי לאַנג איך בין שוין אין פאַך, האָב איך אים אָפּגעצאַצקעט : שוין זיבן יאָר, געאַרבעט אין פוילן נאָך . . . דער אָרגאַנײַזער האָט מיך באַטראַכט, און איך ווייס ניט, צי ער האָט מיר געגלויבט, צי ניין, ער האָט מיר געהייסטן אַרײַנקומען אין דער יוניע.
— ביסט אַ רעפיודזשי?
— אַ רעפיודזשי.
און דאָס וואָס מיסטער רובין האָט צוליב מיר געזאָגט אַ



ליגן, און וואָס איך אַליין האָב אָפּגעבאַקט "זיבן יאָר אין פאַך," אַלץ צוזאַמען דועט עס מיר מסתם העלפן ווערן אַ פאַבריק מיידל, ווי לייזער שרײַבט. די שוואַרצינקע מערי האָט אויף מיר הײַנט געקוקט, ווי איך זאָל בײַ איר עפּעס צונעמען און האָט מיך שוין אַפילו ניט געבעטן קיין "וואָסער". זי איז אַלץ אַליין געגאַנגען נעמען, זאָל זי גיין, אַבי זי הינקט ניט. . . . קומענדיק אַהיים, האָט מיך באַגעגענט נאָך אַ "גוטע" בשורה. איך האָב געטראָפן אַ בריוו פון כאַצקלען. זשאַנעט איז נעבעך בלינד געוואָרן. אויף איין אויג זעט זי גאָרניט, און מיטן צוריטן אויג זעט זי יאָ עפּעס, אָבער אַליין גיין קען זי ניט, מען מוז זי פירן. זי האָט שוין נעבעך מלחמה געהאַלטן גענוג. זי איז איצט אַלט אינגאַנצן זיבן יאָר. כאַצקל שרײַבט, אַז זי וויל ניט אַראָפּגיין פון בעט. זי וויל ניט מען זאָל זי פירן. זי וויינט מען זאָל רופן דעם דאָקטער, זי וויל אַליין גיין . . . פרעג ניט, רבֿקה, שרײַבט כאַצקל, וואָס מיר מאַרן, גלייכער דו זאָלסט ניט וויסן . . ." די מיסיס שליוואָקאַ האָט געזען, אַז איך ליג אויסגעצויגן אויפן בעט מיטן בריוו אויפן פנים, איז זי אַרײַן צו מיר און מיר געבראַכט אַ גלאָז טיי.
— וואָס איז רבֿקה, עפּעס אַ שלעכטער בריוו?
— יע, מײַן ברודערס מיידעלע איז בלינד געוואָרן, זײַ זײַנען געלאָפן פון אַנטווערפּן. די מיסיס שליוואָקאָ האָט זיך צוגעזעצט בײַ מיר אויפן בעט, זי האָט גאָרניט! געזאָגט, נאָר מיר איז געווען גרינגער, וואָס זי איז זיצט.
— טרינק די טיי, רבֿקה, האָט זי שפּעטער געזאָגט. און זעט אויס, אַז אַ מענטש קען אַלץ איבערטראָגן. איך האָב אויסגעטרונגען די טיי. מיר איז געווען זייער קאַלט. מיסיס שליוואָקאָ האָט מיר צוגעדעקט די פיס מיט אַ דעקע, כאָטש עס איז דאָך זומער. מיר דאַכט זיך, אַז דער גרעסטער אומגליק האָט געטראָפן מיט זשאַנעטן, אַ גרעסערער, ווי מיט דער מאַמע ע"הש.
און "רעד" איז הײַנט ווידער ניט געקומען. אָדער ער איז אין כעס, וואָס איך האָב אים נעכטן געלאָזט וואַרטן, אָדער ער איז שוין ווידער "ביזי".

די בלינדע וועלט און די עלנטע וועלט
27־טער יולי.
שוין אַ פּאַר טעג, ווי איך קלייב זיך איבעררײדן מיט "רעדן", מיט וואָס איז ער געווען "ביזי" די פֿאַרגאַנגענע וואָך. די מאַמע עה"ש פֿלעגט שטענדיק זאָגן, אַז אַ פֿאָדים מוז מען אַ פּרוּוו טאָן, צי ער רייסט זיך ניט איבער. איך מײַן, אַז געטריישאַפֿט מוז מען אויך אַ פּרוּוו טאָן.
פֿרעגן בײַ "רעדן" איז מיר געווען שווער און בלייבן אין שטוב און וואַרטן, צי וועט ער הײַנט קומען, צי וועט ער זײַן "ביזי" — איז מיר געווען אינגאַנצן אוממעגלעך. איך האָב באַשלאָסן צוגיין צו דער מיסיס קאָשעס, זען וואָס זי מאַכט. איך האָב ליב צו הערן אירע מעשות, זי ווייס שטענדיק וואָס צו טאָן, כאָטש זי איז שוין אַלט און קראַנק. זי וואָלט געוויס איצט אַוועק פֿון שטוב און ניט אויסגעקוקט אויף "רעדן", ווען זי זאָל זײַן אויף מײַן אָרט. איך האָב שוין געהאַלטן בײַם אַוועקגיין פֿון שטוב, ווען "רעד" איז אַרײַן, און בײַ מיר האָט זיך אָפּגעריסן פֿון צונג:
— ביסט הײַנט ניט "ביזי"?
"רעד" האָט אָנגעהויבן ריידן אויף ענגליש, מסתם האָט אים פֿאַרדראָסן אויף מײַן פֿראַגע.
— "וואַי יו'ר עסקינג מי? " וואָס פֿרעגסטו מיך עפּעס?)
איך ווייס ניט פֿאַרוואָס מיר האָט אָנגעהויבן קלאַפּן אין האַרצן, אָבער אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב מורא געהאַט, "רעד" וועט הערן, ווי הויך עס קלאַפּט. איך האָב "רעדן" געענטפֿערט גאָרניט קלערנדיק:
— "רעד", רוט איז געקומען פֿון קאַליפֿאָרניע, דו ביסט מיט איר געגאַנגען דריי יאָר "מיט פֿיר מאָנאַטן", דאַרפֿסט גיין מיט רוטן, "רעד" . . . וועגן די פֿיר מאָנאַטן האָב איך געזאָגט גלאַט אַזוי, ווײַל איך האָב זיך געוואָלט אָפּרעכענען מיט "רעדן" פֿאַר זײַן "ביזי".
"רעד" האָט ווידער גערעדט אויף ענגליש:
— יו וואָנט מי טו דו סאָ, רבֿקה? (דו ווילסט איך זאָל אַזוי טאָן?)

---

253

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז "רעד" מאַכט שפּאַס, ער רייצט זיך מיט מיר, "יו וואָנט מי טו דו סאָ, רבֿקה"?
"רעד" איז צוגעגאַנגען צום פֿענצטער און זיך געשטעלט קוקן אויף די פֿייערן פֿון גאַס, ווי דעמאָלט ווען ער האָט מיך געבעטן אים ווייזן די בריוו פֿון "פֿאַלעסטיין". און איך, אַנשטאָט ענטפֿערן "רעדן" האָב גאָר דערזען די קליינע זשאַנעט, ווי זי זיצט אַ בלינדע אויפֿן בעטל און וויל ניט אַראָפּגיין. מיך האָט אָנגענומען אַ רחמנות, איך ווייס ניט צי צו דער קליינער זשאַנעט, צי צו זיך אַליין. איך האָב צוגעמאַרט די אויגן און דערזען אַ סך רויטע פֿייערדיקע רונגען טראָגן זיך אַרום און ווערן גרין און בלוי. די בלינדע וועלט איז אויך אַ וועלט, און די עלנטע וועלט איז אויך אַ וועלט, און צו וואָס דאַרף איך ענטפֿערן "רעדן", אויב ער רייצט זיך מיט מיר. ווען איך האַר דערהאָך געעפֿנט די אויגן איז "רעד" געשטאַנען אָנגעבויגן איבער מײַן בענקל
— וואָס "דענקסטו", רבֿקה?
— גאָרניט, איך טראַכט וועגן די פֿיערדיקע רונגען, וואָס איך האָב נאָר וואָס געזען.
— איך פֿאַרשטיי ניט,
— גאָרניט, "רעד", ניט קיין וויכטיקע זאַרן.
ווען "רעד" זאָל אַוועקגיין וואָלט מיך ניט געאַרט, אין יערגע, ווײַל אַלע זאַכן זײַנען פֿאַר מיר געווען אַלץ איינס, ניט פֿריילעך און ניט אומעטיק. נאָר "רעד" איז ניט אוועק, ער האָט מאָדנע איינפֿאַלן, ער האָט זיך גאָר צוגעזעצט אויף דער ערד און האָט מיר אויסגעטאָן די שיך.
— לייג זיך צו, רבֿקה, דו ביסט מיד, איך וועל דיר ברייען קאַפֿע. איך האָב אים געפֿאָלגט, איך האָב זיך צוגעלייגט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין ניט אין ניו-יאָרק, נאָר גאָר בײַ מײַן זיידן אין וואַלד, לעבן לובלין. עס האָט אָנגעהויבן רעגענען און בליצן. "רעד" האָט מיר געבראַרט קאַפֿע, ער האָט זיך צוגעזעצט לעבן מיר און האָט מיר געזאָגט:
— רבֿקה, "איטס טרו", (ס'איז אמת), איך בין דעמאָלט

---

254

געגשען מיט רוטן. "שי קרייד" (זי האָט געוויינט . . .) איך וועל מיט איר מער ניט גיין "נעווער".
פֿון אַלץ וואָס "רעד" האָט' גערעדט האָב איך געהערט "נעווער". איך גלויב אים, ווען ער זאָגט דאָס יאָרט "געווער".

דער וויזיט
1־טער אויגוסט.
הײַנט האָב איך געהאַט אַ גרויסן גאַסט. רוט איז צו מיר געקומען. אויסגעפּוצט איז זי געווען, ווי שטענדיק, אָבער עס איז געווען אַן אַנדער רוט. איך האָב דאָס דערזען גלײַך ווי זי איז אַרײַן. זי האָט געהאַלטן דעם קאָפּ

אויסגעצויגן אויף פֿאַראויס, ווי זי זאָל עפּעס טראָגן אויפֿן רוקן. איך האָב איר דערלאַנגט אַ שטול, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי מוז זיך צוזעצן. רוט האָט אָנגעהויבן ריידן אויף אידיש און עס קען זײַן, אַז צוליב דעם האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עס זיצט- דאָ אַן אַנדער מענטש, ניט רוט.
— איך בין אַלט פֿיר און צוואַנציק יאָר. אַז איך האָב זיך געטראָפֿן מיט "רעדן" בין איך אַלט געווען צוואַנציק. מיר האָבן שוין באַדאַרפֿט חתונה האָבן, האָב איך געטאָן אַ נאַרישקייט, "אי וואַז סאָ פֿוליש", (איך בין געווען אַזוי האָריש), איך האָב געוואָלט "סעיפֿן" געלט אויף אַ היים, אויף "פֿאָניטשור" (מעבל). איצט האָב איך זעקס הונדערט דאָלער . . . און איר זיינט געקומען.
רוט האָט אָנגעהויבן ורינען שטיל. אַלע ווײַלע אַ ציַ געטאָן דעם אָטעם אין זיך. אַזוי ווי זי וואָלט וועלן פּרוּוון, צי זי האָט נאָך מיט וואָס צו עטעמען. סעלמא זאָגט, אַז איר האָט אַ "באָי" אין האָלעסטיין. "אָל מיי לייף" (מײַן גאַנצן לעבן), האָט זי עפּעס געזאָרט, איך האָב מערניט געהערט, וואָס רוט האָט גערעדט, איך האָב האָר געזען, ווי זי האַלט נאָך אַלץ דעם קאָ אויסגעצויגן פֿאָרויס, און איר גרינער פֿעדער אויפֿן הוט האָט געציטערט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס ווײנט גאָר די בלינדע זשאַנעט און בעט זיך מען זאָל צו איר רופֿן אַ דאָקטער. רוט האָט נאָך עפּעס גערעדט און דערנאָך איז זי שטיל געבליבן. זי

---



האָט געוּרינט און געפּרוּווט די לופֿט, צי זי ווערט ניט דערשטיקט. אָט אַזוי ווײנט מסתּם זשאַנעט. איך האָב אַ זאָג געטאָן צו רוטן :
— איך בין ניט קיין דאָקטער, וואָס זיינט איר צו מיר געקומען?
רוט האָט זיך אַ ריס געטאָן :
— קיין דאָקטער? "וואָט דו יו מין אַ דאָקטער"? (וואָס הייסט אַ דאָקטער?)
זי איז געווען רויט, און האָט אויפֿגעהערט צו ווײנען און האָט אָנגעהויבן ריידן אויף ענגליש :
— "אי טאָט יו'ר אַ יומען ביאינג, באָט . . . יו'ל קאָם טו מי סאָם דעי" (איך האָב געמיינט איר זיינט אַ מענש . . . נאָר . . . איר וועט נאָך קומען צו מיר ווען עס איז . . .)
איך האָב געהערט, ווי רוט איז געלאָפֿן איבער די שטיגן אַראָפּ. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי וועט פֿאַלן אויף די שטיגן, ווײַל זי זעט דאָך איצט גאָרניט. איך האָב געוואָלט לויפֿן זי אונטערהאַלטן, נאָר אירע טריט זײַנען שטיל געוואָרן און איך בין געבליבן זיצן אויפֿן אָרט.

מיסטער עדלשטיין
6־טער אויגוסט.
שיינפֿעלד וויל זײַן אַ שיינער מענטש, עס גייט אים אין לעבן, אַז איך זאָל אָפּגעבן זײַנע פֿופֿצען דאָלער משיחן. איך האָב הײַנט באַקומען פֿון אים אַ בריוועלע, שרײַבט ער מיר : "איך בעט אייך, רבֿקה, שיקט אָפּ די פֿופֿצן דאָלער צו דעם מענטשן, בײַ וועמען איר האָט זיי גענומען. איך וויל קיינעם ניט שולדיק זײַן כל זמן איך דאַרף ניט. איך האָב צוליב דעם זייער אַ סך מקריב געווען . . . אויב איר האָט איצט ניט קיין געלט וועל איך אײַך אָפּשיקן אַנדערע פֿופֿצן דאָלער".
אַז איך האָב באַקומען דעם בריוו בין איך אַוועק זוכן פֿיר דאָלער, ווײַל עלף האָב איך געהאַט. די טאַנטע האָט ניט געהאַט בײַ זיך קיין געלט, די מיסיס שאָר איז אין שטוב ניט געווען. און בײַ וועמען האָב איך געקריגן די פֿיר דאָלער? בײַ מיסטער

---



עדלשטיין . . . געוואָלט האָב איך גיין אַ היים און באַרגן פֿיר דאָלער בײַ דער לאָנדרינישקע, נאָר אַקעגן איז מיר אָנגעקומען אַ מענטש, וואָס איך וואָלט געקענט שווערן, אַז איך האָב אים אין ערגעץ געזען, נאָר איך האָב ניט געדענקט ווו. דערקענט האָב איך אים, ווען ער האָט צו מיר אַ שמייכל געטאָן, און איך האָב דערזען די גרויע דורכזיכטיקע אויגן, וואָס אַביסל לאַכן זיי און אַביסל האָבן זיי רחמנות. דאָס איז דאָך דער גרויסער גביר פֿון לאָנג איילאַנד, מיסטער עדלשטיין . . . ווי קומט ער אַהער?
ער האָט מיך דערקענט און זיך אָפּגעשטעלט :
— וואָס מאַכט איר?
אַ דאַנק, איך בין "אָלרייט".
— ווּהין גייט איר?
איך האָב זיך גאָרניט באַטראַכט אַז איך רעד מיט אַ גרויסן גביר און איך האָב אים געזאָגט ווּהין איך גיי.
— איך גיי קריגן פֿיר דאָלער, איך דאַרף הײַנט אָפּגעבן אַ חוב.
מיסטער עדלשטיין האָט אַרויסגענומען די פֿיר דאָלער פֿון אַ קעשענע און האָט מיר געגעבן.
— נעמט, האָט ער געזאָגט, און גייט ניט זוכן.
אָט האָב איך זיך אָנגעמאַכט אַ חתונה, גאָר נעמען בײַ עדלשטיינען פֿיר דאָלער ! בײַ אַזאַ גביר הייסט עס כמעט

נעמען אַ נדבה, האָב איך אַ טראַכט געטאָן און איך האָב דאָס אים געזאָגט אויך.
— אָ, איך וויל ניט נעמען בײַ אײַך, איר זיינט אַזאַ גביר, איר זיינט אַזאַ גביר, וועט עס אַרויסקומען, אַז איך נעם בײַ אײַך . . .
איך האָב שוין ניט געוואָלט פֿאַרענדיקן אַ "נדבה", נאָר עדלשטיין האָט אַליין פֿאַרשטאַנען, וואָס איך מײַן און ער האָט מיר געזאָגט :
— איר האָט מיך צופֿעליק געטראָפֿן, איר זיינט ניט געקומען בײַ מיר בעטן קיין געלט . . . נעמט.
ער איז אַ מאָדנער מענטש, דער עדלשטיין, ער איז אַ מענטש אָן קונצן, און איך האָב זיך געפֿילט, ווי איך וואָלט אים

---

257

שוין פֿון לאַנג געקענט. איך האַר אים דערציילט וועגן דער קליינער זשאַנעט, וואָס איז בלינד געוואָרן. און זעט אויס, אַז איך האָב ווידער געטאָן אַ נאַרישקייט. עדלשטיין האָט מיר געזאָגט :
— גיט מיר איער ברודערס אַדרעס, איך וועל שיקן אַלע חודש צען דאָלער.
אַזוי האָט ער געזאָגט : צען דאָלער.
מיסטער עדלשטיין איז געגאַנגען לעבן מיר און איך האָב געזען, אַז די אַקסלען זײַנען בײַ אים אַביסל אַראָפּגעלאָזן, קיין יונגער איז ער שוין, זעט אויס, ניט. ער האָט גערעדט צו מיר וועגן לובלין :
— איך האָב אַמאָל געגעסן טעג בײַ איער זיידן רב מאָטיעלע, איידער ער איז נאָך אַרויסגעפֿאָרן אין וואַלד. די בעסטע "טעג" האָב איך געגעסן בײַ אים. ער פֿלעגט מיך זעצן בײַם טיש און הייסן מאַכן המוציא, אַ פֿרומער זייער געווען אייער זיידע, אַ פֿאַרנומענער. אינמיטן דערינען פֿלעגט ער זיך אַ כאַפּ טאָן און אָנהויבן שרייען אויף דער באָבע אויף אייערער : גיב אים עסן, גיב ! וואָס גיסטו ניט? — — — ער פֿלעגט זאָגן גלאַט אַזוי פֿון צעטראָגנקייט, ער פֿלעגט עס אַמאָל זאָגן אַפֿילו, ווען איך האָב שוין אָפּגעגעסן . . . כדי פֿאָלגן דעם זילן פֿלעגט מיר די באָבע צורוקן דאָס זאַלץ מעסטל. ער איז זייער אַ צעטראָגענער געווען . . .
זעט אויס, אַז דער זיידע איז אויך געווען אַ "קשידריך", וועדליג ווי מיסטער עדלשטיין דערציילט.
איך האָב געגעבן מיסטער עדלשטיין דעם ברודערס אַדרעס, טאָמער איז דאָס אַפֿילו ניט אַזוי שיין פֿאַר מיר, אָבער בעסער איידער דער ברודער זאָל הונגערן, און איך האָב דאָס טאַקע געזאַרט מיסטער עדלשטיין :
— עס איז אפֿשר ניט אַזוי שיע, וואָס איך גיב אײַך דעם ברודערס אַדרעס . . .
— אוראי איז ניט שיין, האָט ער מיר געענטפֿערט, עס וואָלט געווען אַ סך שענער, אַז איר זאָלט מיר ניט וועלן געבן

---

258

אייער ברודערס אַדרעס . . . און ער האָט אָנגעהויבן לאַכן און דערנאָך האָט ער צוגעגעבן :
— ווער האָט עס אײַך אויסגעלערנט דעם "ניט שיין" . . .
איך האָב אים צוגעפֿירט צו זײַן מאַשין. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן זייגער און האָט געזאָגט :
— איך האַר אַ האַלבע שעה פֿריי, קומט איך וועל אײַך ווייזן ניו-יאָרק.
איך בין אַרין מיט אים אין משין.
אַ ברייטע, אַ וריכע מאַשין, אַ סאַמעטענע.
ניו-יאָרק האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַנקעגן אונדז. הויכע מויערן, דערנאָך דער סענטראַל פּאַרק, אַן אָזיערע אינמיטן, שוואַנען שווימען. איצט דאַכט זיך מיר, עס האָט זיך מיר אָפּגעחלומט אַ חלום, און מיסטער עדלשטיין האָט מיך געבראַרטי צוריק צו דער לאונדרי.
— פֿאַרוואָס ווילט איר ניט נעמען דעם דזשאַב בײַ מיר?
— אַ דאַנק אײַך, איך האָב אַ דזשאַב.
נאָך אַמאָל האָבן אַ לאַך געטאָן איבער מיר זײַנע אויגן.
— "גוט באַי", האָט ער אַ זאָג געטאָן, געגעבן די האַנט און איז אַוועקגעפֿאָרן.
ער אויך : דער דידע רב מאָטיעלע. ער האָט בײַ אים געגסן "טעג" . . . פֿונדעסמועגן איז אַ רחמנות אויף דער באָבע, קיינער דערמאָנט זי ניט, נאָר דעם זיידן רב מאָטיעלע.

בעסיע די בלאָנדע
12־טער אויגוסט.
אויס מיט די "פּיסעס" איך ניי שוין בײַ דער מאַשין. די בלאָנדע בעסיע גיט מיר אַלעמאָל אַ וויע וואָס צו סאָן, זי פּאַשט לאַנג מיט די ליפּן, אַז זיי פֿאַלדעווען זיך אַזש בײַ איר אָן, און זי זאָגט צו מיר :
— האַלט גרינגער די הענט, גרינגער.
כאָטש איך פֿאַרשטיי ניט, ווי קען מען הענט האַלטן גריעער און ווי קען מען הענט האַלטן שווערער, פֿונדעסטוועגן איז מיר גרינער, וואָס די בלאָנע בעסיע וויל מיר העלפֿן. און אַז איך

---

259

זע ווי זי פּאַטשט מיט די ליפּן ווערט מיר אַזש גרינגער אויף דער נשמה. צוליב מיר האָט זי הײַנט אַרײַנגעכאַרט פֿון דער שוואַרצינקער מערי :

די שוואַרצינקע מערי איז פּשוט אַ משעת, האָר אָנשטאָט זאָגן, אַז זי פֿאַרגינט מיר גיט, וואָס איך קען שוין אַרבעטן בײַ דער מאַשין צו ביסלעך — מאַכט זי זיך גאָר פֿאַר גאָטס אונטערפּירערקע, זי היט די יוניע, ובכן איך האָב נאָך ניט קיין יוניע ביכל . . . זי האָט זיך הײַנט פֿאַנאַדערגעלאָזן, און "געמאָלן" ווי איר שטייגער איז זייער שנעל, און אַז די בלאָנדע בעסיע האָט נאָך מיר אַלץ צוגעהאָלפֿן, האָט זי איר לסוף געזאָגט, אַז זי איז אַ "סקעב" (שטרייק-ברעכערין).

— "יו'ר אַ דווירטי סקעב", (ביסט אַ שמוציקע שטדייקברעכערין).

די בלאָנדע בעסיע האָט אָנגעהויבן פּאַטשן מיט די ליפּן, גאָר זעט אויס אַז אויסקירעווען זיך מיטן מויל איז איר געווען שווער, איז זי צוגעגאַנגען צו דער שוואַרצינקער מערי, זיך געשטעלט אַנקעגן איר, און איר געוויזן מיט די הענט איבערן מייל אַ פּאָר וואָנצעס, און האָט שווער אַרויסגערעדט :

— פֿיליפּ האָט דיך אַוועקגעוואָרפֿן, גוט אַזוי . . . ווילסט אַפֿילו אַ "רעפּיודזשי" ניט העלפֿן, טפֿו, "וויטש" (מכשפֿה) . . .

די שוואַרצינקע מערי האָט שוין גאָרניט געזאָרט, אין די ווינקלען פֿון די אויגן זײַנען בײַ איר געשטאַנען צוויי גלאַנצינקע טראָפּנס, זיי האָבן ניט אויסגעזען ווי טרערן, נאָר ווי פֿונקען. זעט אויס זי האָט געטראַכט, וואָס אַזוינס צו זאָגן דער בלאָנדער בעסיע, און זי האָט טאַקע, זעט אויס, באַטראַכט, ווײַל אין אַ מינוט פֿופֿצן אַרום איז זי צוגעגאַנגען צו דער בלאָנדער בעסיעס מאַשין און האָט געזאָגט זיך, אַז אַלע זאָלן הערן, אויף ענגליש :

— און דײַן מוזישן וויל דיך אַוועקוואַרפֿן אַלע יאָר . . . אַלע יאָר . . .

די בלאָנדע בעסיע האָט אויף איר ניט קיין קוק געטאָן, זי האָט בלויז אַ שפּיי געטאָן אויף יענער זייט, וווּ מערי איז געשטאַנען, און האָט געזאָגט : "וויטש" . . .

שפּעטער האָט מען מיך גערופֿן אין דער יוניע. דאָרט איז

---

260

גערוען דער אָרגאַניקער, און איך האָב איצט הײַנט דערזען, אַן ער האָט אויך אַ קלייכעדיק פּנים, ווי מיסטער שאַמוט, ווּ האָבן זיי זיך אַלע אָנגענומען מיט אַזעלכע פּנימער?

דער אָרגאַנייזער האָט מיר געגעבן אויספֿילן אַן "אַפּליקעישן" איך האָב אָנגעשריבן נאָכאַמאָל דעם זעלבן גוטן יהי רצון, אַז איך בין שוין זיבן יאָר אין פֿאַך. איך האָב איינגעצאָלט איין דאָלער פֿאַר דער "אַפּליקעישן", דער אָרגאַנייזער האָט מיר געגעבן אַ רעסיט און איך בין אַוועק צוריק אין שאַפּ.

די בלאָנדע בעסיע האָט גענומען דעם רעסיט.

— "אי וויש יו גוד לאָק", (איך ווינטש דיר גליק), האָט זי געזאָגט און דערנאָך צוגעגעבן : וועסט שוין שקלאַפֿן בײַ דער מאַשין, "דאָן וואָרי" (זאָרג ניט). נאָר דערמיט האָט זיך עס ניט געענדיקט. זי האָט זיך אַ הויב געטאָן און איז אַוועק מיטן רעסיט . צו דער שוואַרצינקער מערי, זי האָט היבש געפּאַטשט מיט די ליפּן און האָט לסוף אַרויסגעזאָגט :

— נאַ, לעק דעם רעסיט פֿון דער יוניע, וועסט פֿעער ווערן.

די שוואַרצינקע האָט איר ניט געענטפֿערט, נאָר זי האָט איר געוויזן א צונג, און איך האָב זיך געוווּנדערט, וואָס בײַ אַזאַ קליין מערעלע קען זײַן אַזאַ לאַנגע צונג.

די בלאָנדע בעסיע האָט מיך גענומען אונטער איר פֿליגל. זי העלפֿט מיר גאָרניט, נאָר אַלע ווײַלע דערמאָנט זי מיר .

— האַלט גרינג די הענט, רוט.

אין שאַפּ רופֿט מען מיך רוט. אַזוי אַז אַרום און אַרום האָב איך שוין דריי נעמען. רעי, רוט און רבֿקה, און דאָס איז ניט פֿאַר קיין גאַנצן יאָר פֿון מײַן זײַן אין אַמעריקע.

"ניט אומזיסט געבויט אַ ניו-יאָרק"

18-סער אויגוסט.

אָפּגעבן די פֿופֿצן דאָלער "משיחן" איז מיר געווען אַ סך שווערער ווי קריגן זיי. אַבי מען זאָגט : קריגן געלט איז שייער, אָפּגעבן איז גרינג. ניט שטענדיק גילט דאָס זעלבע. אַז איך האָב אָפּגעבראַכט די פֿופֿצן דאָלער אין דער געזעלשאַפֿט "הילף פֿאַר

---

261

פֿליכטלינגע" האָט מיך מיסטער שאַמוט אָעעקוקט אַזוי פֿאַרוווּנדערט ווי איך זאָל אַרײַנקומען צו אים אין אָפֿיס
אָן אַ קלייד, חלילה, אָדער אָן אַ קאָפּ.
— וואָס "באַדערט" (עסק'ט) איר זיך מיט די פֿופֿצן דאָלער, וואָס? האָט ער געזאָגט אומצופֿרידן און האָט זיך
אַזש אַ קראַץ געטאָן אין דער פּאַטילינצע. דערנאָך, האָט ער זיך, זעט אויס, געכאַפּט, אַז ער איז צו שטרענג צו אַ
מענטשן וואָס האָט אָפּגעבראַכט געלט און האָט געזאָגט מיט אַ שמייכל :
— אַי לובלין, לובלין ! ווען וועסטו שוין ווערן אַמעריקע?
און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גייעניש מיט שיינפֿעלדס געלט פֿון איינעם צום אַנדערן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן,
אַז די פֿופֿצן דאָלער האָט געגעבן "משיח" אויף זײַן רעכענוע, נאָר ער האָט עס אויסגעבאָרגט בײַ דער
געזעלשאַפֿט "הילף", ביז די געזעלאפֿט וועט עס איבערנעמען אויף איר חשבון, און אויף איר חשבון האָט מען
דאָס נאָך ניט איבערגענומען, מען פֿאַרהאַנדלט עס, ווייס מען ניט ווען דאָס געלט איצט אָפּגעבן . . .
מיסטער שאַמוט איז געווען אַזש פֿאַרשוויצט :
— נו, צו וואָס האָט איר געבראַרט איצט די פֿופֿצן דאָלער, האָסטו שוין געהערט, מען זאָל ברענגען געלט אויף
צוריק?
ערשט שפּעטער איז אָנגעקומען דער אַלטער מיסער פֿישמאַן און איצט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע
חתונה. ער האָט מיך פּשוט גענומען פֿאַר דער האַנט און איז מיט! מיר געגאַנגען פֿון איין טיר צו דער אַנדערער.
— איך האָב אײַך געזאָגט, מען דאַרף האָבן צוטרויען צו זיי . . . אַ "פֿליכטלינג" איז אַ מענטש.
אַלע וואָלטן אָפּגעגעבן . . . אַז איר גלויבט! ניט, אָט האָט איר אַן "עקזעמפּל" (אַ בישפּיל).
די פֿופֿצן דאָלער האָט ער אין קעשענע ניט אַרײַנגעלייגט. ער האָט זיי געטראָגן ווי אַ פֿאָן אינדערהויך אין איין
האַרט און מיך האָט ער געפֿירט מיט דער אַנדערער האַנט, ווי אַ לעבעדיקן באַוויז, אַז אַ "פֿליכטלינג איז אַ
מענטש". אַנקעגן אַ צורי שעה האָבן מיר אַרומגעשפּאַצירט איבער די טירן פֿון די דירעקטאָרן

---

262

מיט די געהילפֿן, איך בין גייענדיק פֿאַרשוויצט געוואָרן, נאָר דער אַלער "משיח" איז גיט געוואָרן מיד.
— איך זאָג אײַך תּמיד, האָט ער גע'סענעה'עט, צו וואָס דאַרף מען דאָ די "פֿאָרניטשור"? צוטרויען צי אַ מענטשן
דאַרף מען . . . און ער האָט דערמאָנט דעם דעמבענעם טייש, וואָס ער האָט אַליין געפֿאַרבט. זײַן לעצטער
וויזיט איז טאַקע געווען צו מיסטער אמוט. מיסטער שאַמוט איז געזעסן לעבן דעם גריגעם טיש און האָט געזוכט
אַן עצה ווי זיך אַרויסצוראַטעווען פֿון משיחן. צום סוף האָט ער אַ כאַפּ געטאָן זײַן זייגערל, וואָס ליגט בײַ אים
שטענדיק אויפֿן טיש, און האָט זיך אַזש אַ נעם געטאָן פֿאַרן קאָפּ :
— גאָר פֿאַרגעסן, איך האָב אַ מיטיע ! און ער איז שוין געשטאַנען אויף די פֿיס און זײַן העלע הוט אין האָנט. ער
האָט שמייכלענדיק דערשגט אַ האַנט "משיחן" :
— איר זאָלט געזונט זײַן, מיסטער פֿיש, איר זיינט גערעכט . . .
און צו מיר האָט ער אַ זאָג געטאָן :
— אַי לובלין, לובלין . . . גוד באַי.
און ער האָט ניט געסטאַיעט אין איין רגע.
משיח האָט די פֿופֿצן דאָלער אַוועקגעטראָגן צו דער קאַסע און צו מיר האָט ער געזאָגט :
— נו, איר זאָלט מצליח זײַן בײַ אונדז. ניט אומזיסט ג בויט אַ ניו-שרק . . .
איך בין אַרויס פֿון ער געזעלשאַפֿט "הילף" און דערזען ניו-יאָרק, וואָס מען האָט "ניט אומזיסט"' געבויט פֿאַר
מיר. ליכטיק און רוישיק און פֿריילעך איז געווען די גאַס. די מאַשינעס וואָס האָבן זיך אַלע ווײַלע אַועקגעשטעלט
און איינע די אַנדערע געלאָזן אַ וועג, האָבן אַזוי ווי געטאַנצט א פּאָלקע מאַזורקע. איך בין אַליין פֿאַרהילכט
געוואָרן אין דער רוישיקער גאַס, און מיר האָט זיך געשט, אַז הינטער מיר שטייט דער הויבער אַלמער "משיח"
און גיט אַכטונג איך של "מצליח זײַן".

---

263

אַ זומערדיקער מיטינג
20־טער אויגוסט.
מיסטער עדלשטיין האָט טאַקע ניט פֿאַרגעסן אָפּשיקן צען דאָלער צו מײַן ברודער, און ער האָט מיר
אָפּגעשיקט דעם "רעסיט" (קבלה) פֿון באַנק, דאָס הייסט ניט ער אַליין, נאָר דין מאַק ליהאי. מילא, זאָל זײַן
מאַק ליהאי, אָבער מײַן ברודער וועט באַקומען צען דאָלער. דעם "דעסיט" ש איך געמזן אויפֿן טיש, ווײַל די
טאַנטע האָט מיך אַ רוף געטאָן צו אַ מיטיע פֿון דער "לובלינער ליידיס סאָסייעטי". איך בין געגאַנגען ווי
שטענדיק מיט דער האָפֿענונג, אפֿשר וועל איך זיך עפּעס דערוויסן וועגן מײַנע אין לובלין.
דער מיטינג איז געווען וועגן מיסטער שאַמוטס יובילײ. דער מיטיע איז געווען אַ שיטערלעכער, אַ זומערדיקער.
עס זײַנען געקומען ווייניק פֿרויען. דער "קעפּטן" פֿון דעם יובילײ, מיסיס טקאַטש, איז געקומען צו פֿאָרן פֿון
מאַונטנדעיל זייער זומערדיק, מיט קורצע אַרבל. זי האָט גראָבע הענט, ווי קלעצלעך, און אַזעלכע ווייכינקע, ווי

נאָר וואָס אויסגעקנאָטן.
‏"פֿאַר נאַטינג (בשום אופֿן) אין דער וועלט, וואָלט איך זיך ניט געשלעפּט אין אַזאַ היץ אין שטאָט אַרײַן, נאָר צוליב מיסטער שאַמוטס יובילײ בין איך געקומען.
‏מיסיס ראַבקין איז שוין נאָכן "והאָקעישן", זי איז שוואַרץ, ווי זי זאָל מאַכן אַ וויזיט אויף דער זון, און ניט פּשוט זײַן אין די "קעטסקילס" (בערג). די טאַנטע איז דעם זומער ערגע ניט געפֿאָרן צוליב סעלמאַס "שרפֿה", נאָר די פֿרויען האָט זי געזאָגט, צוליב "טריטמענטס" (באַהאַנדלונגען) בײַ אַ דאָקטער, זעט אויס, אַז דאָס איז שענער.
מיסיס רובין פֿאָרט קיינמאָל ניט אַרויס זומער. אַז דער מאַן פֿאָרט ניט צוליב די ביזנעס, פֿאָרט זי ניט צוליבן מאַן.
נאָר אויף די "וויקענדס" (שבתים און זונטיקס) פֿאָרן זיי אַרויס בילע צוזאַמען. און נאָך אַ פּאָר פֿרויען דינען געקומען. די זיצונג איז געווען אַ שטילע. מען האָט באַשלאָסן אַוועקשיקן אַ מעלדונג אין די "פּעיפּערס" וועגן מיסטער שאַמוסס יובילײ, און וועגן זײַן "פּערזענלעכקייט". אַלע פֿרויען האָבן אַרוימעענומען בליפֿעדערס, אויסער דער מיסיס רובין.

---

264

— איך קען גאָרניט אָנשרײַבן, האָט זי געזאָגט, גענוג, מײַן שוועסטער גאָלדע איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען צוליב קענטעניש. די בעסע שרײַבערקע פֿון דער לובלינער לײַדיס סאָסײַעטי איז מיסיס ראַבקין. זי האָט געשריבן און אַלע ווײַלע אַ קראַץ געטאָן די נאָז און לסוף איבערגעלייענט פֿאַר די פֿאַרזאַמלטע איי "קאָמפּאָזישאָן"
‏"מיר זײַנען "פּראַוד" (שטאָלץ) צו האָבן אַזאַ ווײַכטיקע פּערזענלעכקייט ווי מיסטער שאַמוט פֿאַר אונדזערן אַ לאַנדסמאַן און מיר האָבן דעם כבוד צו פֿײַערן זײַן פֿופֿציק יאָריקן "יובילײ". אַלע זײַנען געווען זייער צופֿרידן פֿון דעם אָנהויב און געפּאַטשט בראַווא, און די פֿרויען האָבן באַשלאָסן, אַז די מיסיס ראַבקין אין אַ שלענט, אַפֿילו מיסיס טקאַטש, דער "קעפּטן" האָט אויך געפּאַטשט בראַווא. די מיסיס ראַבקין האָט נאָך געשריבן און געמעקט און דערנאָך פֿאָרגעלייענט פֿאַר די פֿרויען :
‏"בײַ די הײַנטיקע אומשטענדן, וואָס די אידן לעבן דורך אין גאָר דער וועלט, זײַנען מיר גליקלעך צו זײַן אין אַמעריקע און דינען "פּראַוד" צו האָבן אַזעלכע פּערזענלעכקייטן, ווי מיסטער שאַמוט".
‏עס איז געוואָרן צו שפּעט און מען האָט אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט אויף פֿאַרענדיקן די מעלדונג פֿאַר די "פּעיפּערס".
‏איך האָב געען אַ נאַרישקייט, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן מאַק ליהאַי'ס באַנק-קבלה אויפֿן טיש. אַז איך בין געקומען אַהיים איז "רעד" געווען בײַ מיר, אין איז שוין ווידער געשטאַנען בײַם פֿענצטער און געקוקט אויף די פֿײַערן פֿון גאַס. עס איז אַ שלעכטער סימן, אַז "רעד" הויבט זיך אָן אַרײַנקוקן אין די פֿײַערן, ער איז דעמאָלט אין בעס, דאָס ווייס איך שוין. ער האָט אקע באַלד אָטעהויבן רידן ענגליש און האָט מיך אַ פֿרעג געטאָן :
— רבֿקה, "וואַט קאַינד אָוו רעסיט איז איט? (וואָס איז דאָ פֿאַר אַ קבלה?) איך האָב דיך געבעטן ניט גיין צו מיסטער עדלשטיין . . .
‏די ערשטע ווײַלע האָט מיך באַנג געטאָן, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן דעם רעסיט אויפֿן טיש, און דערהאָך האָב איך אַ

---

265

‏טראַרט געטאָן, אַז איך האָב האָך מיט "רעדן" ניט חתונה געהאַט און בין אים ניט מחויב צו זאָגן קיין ליגן . . .
— פֿון וואַנען ווייסטו, אַז איך בין געגאַנגען צו אים?
— און דער "רעסיט"?
‏איך האָב דערציילט "רעדן" וועגן מײַן באַגעגניש מיט מיסטער עדלשטיין אין גאַס, און אַז ער וועט שיקן אַלע חודש מײַן ברודער צען דאָלער.
— צו וויניק, רבֿקה, האָט "רעד" אַ לאַך געטאָן.
‏איך ווייס ניט, וואָס מיט מיר איז געוואָרן, איך האָב דערפֿילט אַ ווייטיק אַרום האַלדז, ווי מען זאָל מיך שטיקן און איך האָב אַ ווײַלע ניט געקענט ריידן. איך בין מסתם בלייך געוואָרן, ווײַל "רעד" האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן און מיך גענומען בײַ די אַקסלען
— רבֿקה'לע, "דאָן בי ענגרי" (זיי ניטן ביע) . . .
— דו טראַכסט ניט וועגן מײַן ברודער, און אַז ער הונגערט, אַרט דיך ניט . . . און עדלשטיין . . .
— איך בין ניט אַזוי רייד, ווי ער . . . האָט "רעד" מיר געענטפֿערט.
— און דו ביסט ניט הונגעריק אויך . . .
‏"רעד" האָט געשוויגן. ער איז געזעסן אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. איך האָב געזען, אַז ער האָט עפּעס באַשלאָסן, נאָר וואָס האָט ער מיר ניט געזאָגט.
‏"ניט איז ניט" האָב איך געטראַרט, איך קען ניט לעבן שטענדיק מיט' "רעדס" שכל.
‏מיר האָבן אָפּגערעדט אויף מאָרגן "אויסגיין" און "רעד" האָט מיך געבעטן איך זאָל אָנטאָן די נײַע "דרעס", וואָס זײַן מאַמע האָט מיר געשיקט אַ מתנה.

ווו וויל מיט מיר "רעד" גיין? און צוליב וואָס דאַרף איך זיך אַזוי אויספּוצן? אַז "רעד" איז אַוועק האָב איך לאַנג ניט געקענט איינשלאָפֿן. און ביינאַכט האָט זיך מיר געחלומט דער "רעסיט", און מאַק ליהאיס אונטערשריפֿט איז געווען פֿון שטיין. איך האָב די אונטערשריפֿט אַ פּאָר מאָל אַ ריר געטאָן און מיר האָט ווי געען דער פֿינגער. דערנאָך האָט זיך מיר געדאַכט,

---

266

אַז ניט מײַן פֿינגער טוט ווי, נאָר מײַן ברודער כאַצקלען טוען ווי די פֿינגער. אַז איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט האָב איך געזען, אַז בײַ מיר איז רויט אַ פֿינגער, מסתם נעכטן פֿאַרשטאָכן ערגעץ. ניט גוט, עס וועט מיר שווער זײַן אַרבעטן בײַ דער מאַשין.

איך פֿאַר "זיך זען" מיט "רעד"ס טאַטע־מאַמע
21-טער אויגוסט.
ביי לייטן פֿאַרט מען "זיך זען" מיט אַ חתן, אַן מיר דאַכט זיך, אַז איך בין הײַנט געפֿאָרן "זיך זען" מיט "רעדס" טאַטע מאַמע. מיט קיין חתן האָב איך זיך אויף מײַן לעבן ניט געזען, נאָר זיך זען מיט טאַטע מאַמע איז אַ מאָדנע איבערלעבונג. עס דאַכט זיך, אַז דער טאַטע איז אַ בער, און די מאַמע איז אַ בעריכע, און אָטאָ וועלן זיי דיך באַלד אַ נעם טאָן מיט די לאַפּעס און די וועלט וועט זיך איבערקערן. אַזוי האָט זיך מיר געדאַכט, ווען איך בין געפֿאָרן מיט "רעדן" אין באָס.
"רעד" האָט מיר הײַנט געזאָגט, אַז איך דאַרף צופֿאָרן זאָגן אַ דאַנק זײַן מאַמען פֿאַר דער "דרעס". זעט אויס, אַז דאָס האָט ער טאַקע באַשלאָסן, ווען ער איז געזעסן בײַ מיר אין צימער און האָט געשוויגן.
"רעדס" עלטערן האָבן אַ "לאָנטש-רום". באַטאָג אַרבעט דאָרטן "רעד" אויך, און אין אָוונט אַרבעט זײַן מוטער און ער איז פֿריי.
"רעדס" מוטער, מיסיס לעוויט, האָט מיר געגעבן די האַנט. זי איז אַן "ענגלישע", דאָס הייסט זי רעדט ענגליש. זײַן טאַטע איז אַ "אידישער", ער רעדט אידיש. די מאַמע רופֿט "רעדן" לאַרי, און דער טאַטע רופֿט אים לייזער יאָסל. נאָכאַמאָל לייזער . . .
איך האָב באַדאַנקט דער מיסיס לעוויט פֿאַר דער מתנה און זי האָט מיר געענטפֿערט :
— "א'ם גלעד יו לאַיק איט". (איך בין צופֿרידן, וואָס עס געפֿעלט דיר).

---

267

זי זעט אויס אַביסל, ווי אַ פּריצטע. די נעגל זײַנען בײַ איר געפֿאַרבט אויף רויט.
מען האָט דערלאַנגט אויף אַ טישל קעיק און קאַווע, און איך האָב ניט געוווּסט, וואָס צו ריידן. מיסטער לעוויט איז צוגעגאַנגען :
— וויפֿל שעה ביסטו דאָס הײַנט אָפּגעזעסן אין "ביורעפּאַרלע" מיט די צעפּ?
פֿון אָנהויב האָב איך געמיינט, אַז ער רעדט ניט צו מיר, נאָר אַז איך האָב זיך אַרומגעזען, אַז ער קוקט גלײַך אויף מיר, האָב איך איצט ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן. "רעד" האָט זיך פֿאַר מיר אָנגענומען, נאָר ער האָט זיך אַזוי אָנגענומען, אַז איך האָב ניט געוווּסט אויף וועלכער וועלט איך שטיי.
— "וואַט דו יו מין"? (וואָס מיינסטו?) האָט "רעד" זיך אָנגערופֿן צום טאַטן, און אין איין מינוט האָט ער אַרויסגענומען מײַנע פֿיר שפּילקעס פֿון די האָר, און מײַנע צעפּ זײַנען אַראָפּגעפֿאַלן איין צאָפּ אויף הינטן און איין צאָפּ אויף פֿאָרנט. די מיסיס לעוויט האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן :
—"לאַרי, יו'ר קרייזי"? (לאַרי, ביסט משוגע?).
מיסטער לעוויט האָט געקוקט מיט שמייכלענדיקע אויגן אויף מײַנע צעפּ און האָט געזאָגט :
— זי איז דאָך טאַקע אַן "אמתע", די מויד דײַנע.
— שור, האָט געענטפֿערט "רעד". איך האָב דערזען, אַז "רעד" און זײַן טאַטע האָבן פּונקט די זעלביקע אויגן, בײַביידן האָבן די אויגן געוואָרפֿן שטראַלן, אוןביידע האָבן געקוקט אויף מיר, איינער פֿון איין זייט און דער אַנדערער פֿון דער צווייטער זייט. ווען עס זאָל זיך אַן עפּן טאָן די פּאָדלאָגע, וואָלט איך אַהין גלײַך אַראָפּגעפֿאָרן מיטן טישל, מיטן קעיק, מיט דער קאַווע, און מיט די צעוואָרפֿענע צעפּ. נאָר אַלץ איז געבליבן אויפֿן אָרט. איך האָב קוים געהערט, וואָס די מיסיס לעוויט האָט צו מיר געטשעבעטשעט אויף ענגליש, איך געדענק אַפֿילו ניט וויאַזוי איך האָב פֿאַרשטעקט צוריק מײַנע ביינערנע האָר נאָדלען, עפּעס אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום מיר און איך האָב זיך אָפּגעטשוכעט,

---

268

ווען מיסטער לעוויט האָט מיר אַליין דערלאַנגט אַ שעלכל מיט אייז קרים.

— נאַ, האָט ער געזאַרט, עס, ווּעסטו הנאה האָבן.
ווען מיר זײַנען אַרויס פֿון "לאָנטש רום" איז "רעד" געווען זייער צופֿרידן, מיר האָט נאָך געקלאַפּט אין האַרצן, און עס האָט מיך פֿאַרדראָסן אויף "רעדן", וואָס ער האָט צענומען מײַנע האָר. איך האָב זיך ניט געקענט איינהאַלטן און איך האָב אים געזאָגט :
— "רעד"-שמעד, וואָס האָסטו געטאָן מיט מײַנע האָר?
— "איט וואָז וואָנדערפֿול" (עס איז געווען פּרעכטיק), האָט "רעד" געזאָגט אויף ענגליש און האָט געלאַכט, ווי שטענדיק, ווען ער איז צופֿרידן פֿון עפּעס.
איך האָב זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, אים אָנגעקוקט און געגעבן צוויי היבשע פּעטשלעך אין ביידע באַקן.
— דיס איז אַ נייס "אינגעידזשמענט", (דאָס איז אַ פֿיינער תּנאים), האָט "רעד" געזאָגט, און האָט מיר אַ קוש געגעבן אין ביידע הענט.

דער מאַמעס יאָרצײַט
3-סער סעפּטעבער.
וואָס די ערד דעקט צו מוז מען פֿאַרגעסן, אַזוי האָט מיר הײַנט געזאָגט די טאַנטע, ווען זי האָט געזען, אַז איך ווייַן, ווײַל עס איז הײַנט דער מאַמעס יאָרצײַט.
פֿאַרוואָס מוז מען? איך פֿאַרקערט, אַפֿילו ווען איך טראַכט ניט וועגן דער מאַמען, פֿאַרגעס איך זי קיינמאָל ניט, און איך פֿאַרגעס קיינמאָל ניט, אַז דער טאַטע אין לובלין שלאָפֿט אויף דער ערד אין אַ שטאַל, און אַז זשאַנעט איז בלינד געוואָרן. ווי קען מען דאָס אַלץ פֿאַרגעסן? מערניט איך האָב זיך אויסגעלערנט שווײַגן וועגן דעם, צודעקן מיט ווייסע שיך, מיט אַרבעט אין שאַפּ, און מיט וווינען אויף גרענד סטריט. אַז איך גיב אַמאָל אַ צו הויכן לאַך, דערהער איך מײַן געלעכטער, און איך בין דער פֿאַרוווּנדערט, און אין איין רגע בין איך שוין מער אין לובלין, ווי אין ניו-יאָרק.

---

269

און גראָד הײַנט איז מיר אָנגעקומען אַ בריוו פֿון טאַטן. דער בריוו איז געגאַעען זיבן וואָכן און איז אָנגעקומען הײַנט אין טאָג פֿון דער מאַמעס יאָרצײַט, און דער אטע בעט מיך איך זאָל דעם טאָג ניט פֿאַרגעסן . . . בין איך הײַנט אַוועק צו דער אַרבעט אין שוואַרצע שיך. די פֿאָרלייידי אונדזערע, האָט אפֿשר צען פּאָר אויגן. אַלץ זעט זי. אַזויווי איך בין הײַנט אַרײַן אין שאַר, איך זע — אירע אויגן ליגן שוין אויף מײַנע שיך ! דער שאַפּ איז דער בעסטער שפּיטאָל אויף דער וועלט. אין שאַפּ איז ניטאָ קיין זאַך, אויסער שאָ. דאָרט איז ניטאָ קיין יאָר צײַט, ניטאָ קיין קאָפּ ווייטיק, ניטאָ קיין טרערן.
דעם טאַטנס בריוו איז אַזאַ קורצער, אַז עס וואַרפֿט אָן אַ שרעק. ער שרײַבט, אַז ער איז געזונט, מיכל איז ניט אין לובלין. ווּוּ איז מיכל שרײַבט ער ניט. און איך זאָל ניט פֿאַרגעסן דער מאַמעס יאָרצײַט. און די לעצטע שורה איז "און דער אויבערשטער וועט אונדז העלפֿן."
"רעד" איז מיך הײַנט געקומען אָפּנעמען פֿון שאַפּ, זעט אויס דערפֿאַר, וואָס איך האָב אים נעכטן געזאָגט וועגן דער מאַמעס יאָרצײַט. ער האָט אויך אַ קוק געטאָן אויף מײַנע שוואַרצע שיך, נאָר ער האָט געוווּסטי, פֿאַרוואָס איך האָב זיי אָנגעטאָן.
איז איין יאָר אַזויפֿיל צײַט? אנשטאט לובלין — איז ניויאָרק. אנשטאט דער מאַמען — איז דאָ אַ יאָרצײַט. לייזער איז אין ארץ ישראל, און "רעד" איז מיך געקומען אָפּנעמען פֿון שאַר. און דער טאַטע, וואָס איז געבליבן איינער אַליע אין קראַסוליעס שטאַל שרײַבט מיר : "און דער אייבערשטער וועט אונדז העלפֿן."

שטערן
15־טער סעפּטעמבער.
די פֿאַרגאַנגענע וואָך האָט זיך געקאָכט, ווי אין אַ קעסלגרוב צוליב מיסטער שאַמוטס יובילישום. בײַ דער טאַנטע דינען אַזש געווען שוואַרצע רעדער אונטער די אויגן, אַזוי האָט זי זיך אָנגעהאָדעוועט. די מיסיס ראַבקין האָט זיך געמוזט ליגן אויף צורי טעג אין בעט צוליב מידקייט. ערשטנס ביז זי האָט

---

270

אָרטיק געמאַכט די האָנצע באַשרייבונג, ווער מיסטער שאַמיט איז, און דערנאָך, ביז זי האָט זײַן "פּיקטשור" און די באַשרייבונג אַרייעגעבן אין די צײַטונגען, אין די "פּעיפּערס". אַז זי האָט דינסטיק אָטעגעבן דעם באַריכט פֿאַר די מעמבערקעס פֿון דער "לובלינער לײידיס סאָסייעטי", האָט זי געזאָגט : איך בין געווען אין אַלע רעדאַקציעס, און זיי האָבן "געפּראַמיזד" (צוגעזאַרט), אַז די פּיקטשור וועט זיי אויף אַ פֿיינעם פּלאַץ". נאָכן מיטינג איז מיסיס ראַבקין אַוועק זיך לייגן אויף צוויי טעג אין בעט, זי זאָל האָבן בח קומען צו דער אונטערנעמונג. האָר דער אמתער טאַראַראַם איז געווען זונטיק אינדערפֿרי, ווײַל זונטיק אינדערפֿרי איז מיסטער שאַמוטס בילד געווען אין אַלע צײַטונגען. אויפֿן בילד איז מיסטער שאַמוט געזעסן אין זײַן אָפּיס לעבן טיש, מיט אַ ציגאַר אין

מויל און האָט אַרײַנגעקוקט אין פּאַפּירן. די מעמבערקעס פֿון דער "לובלינער לידיס סאָסייעטי" האָבן אַלע געקויפֿט צו צווײ צײַטונגען, איינע אויף מיטנעמען צו דער אונטערנעמונג, און אַ צווייטע באַהאַלטן פֿאַר אַ "סוווענירֿ". אונטערן בילד איז געשטאַנען אַן אויפֿשריפֿט : "מיסטער שאַמוט, פּראָמינענטער אידישער פֿירער אין ניו-יאָרק". די פֿרויען זײַנען געווען דיער צופֿרידן פֿון דער אויפֿשריפֿט. איבערהויפּט דאָס וואָרט פּראָמינענטער איז זײ געווען צום האַרצן. די מיסיס ראַבקין האָט דערציילט, אַז זי האָט איבערגעזוכט אפֿשר הונדערט אויפֿשריפֿט אונטער פֿאַרשיידענע "פּיקטשורס", ביז זי האָט אויסגעקליבן פֿאַר מיסטער שאַמוט די דאָזיקע אויפֿשריפֿט. "מער האָב איך שוין ניט געקענט טאָן, וויפֿל איך האָב געטאָן", האָט זי געזאָגט און האָט צעגומען בילע הענט, ווען זי איז געשטאַנען אינמיטן זאַל אין איר בלויען "איוועניע גאַון" (אָוונט-קלייד). אַנקעגן מיסטער שאַמוטס בילד איז אין צײַטונג הײַנט געווען האָך אַ בילד, פֿון מיסטער קארעלין. עס איז געמאָלדן געוואָרן די דערשיינונג פֿון דעם בוך "י. ה. קארעלין, זײַן ביאָגראַפֿיע און געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייט" אונטער דער רעדאַקציע פֿון פּראָפֿעסאָר דר. שיינפֿעלד.
כאָטש דער "קעפּטן" פֿון מיסטער שאַמוטס יובילײ איז געווען מיסיס טקאַטש, האָט פֿונדעסטוועגן מיסיס ראַבקין אָנגע-



פֿירט מיטן גאַנצן יום טוב. ווען מיסטער שאַמוט איז אַרײַן אין זאַל, האָבן אים די געסט באַשאָטן מיט קאָנפֿעטי, אַזוויו אין לובלין באַשיט מען אַ כלה, און טאַקע ניט מיסיס טקאַטש, נאָר מיסיס ראַבקין האָט אים געפֿירט אונטערן אָרעם צו זײַן שטול אויבן אָן. מען האָט אים דערלאַנגט אַ גאָלדענע פען, און אויף דער פען אַן אויפֿשריפֿט : "פֿון לובלינער לאַנדסלייט מיט אָנערקענונג". ווען מיסטער שאַמוט האָט צוגענומען די פען האָבן אַלע געסט געמאַכט דרײַ "טשירס" פֿאַר מיסטער שאַמוט, דער זאַל האָט אָפּגעהילכט און מיסטער שאַמוט האָט געהאַלטן אַ רעדע, אַ "ספּיש" : "עס איז ניט קיין צײַט פֿון שמחות, האָט ער געזאַרט, נאָר אַז איר האָט זיך דערמאָנט פֿון אַ לאַנדסמאַן, אַז ער איז אַלט געוואָרן פֿופֿציק יאָר, און געמאַכט אַ יום טוב, דריק איך אײַך אויס מײַן טיפֿן דאַנק. דאָס איז פֿאַר מיר אַ גרויסער כבוד, און אויך אַ גרויס פֿאַרגעניגן הײַנט מיט אײַך צו פֿאַרברענגען צוזאַמען" . . .
נאָכן ספּיטש האָט מיסטער שאַמוט אַרויסגענומען צען אָלער, און האָט געגעבן א מתנה דער "לובלינער ליידיס סאָסייעטי" פֿאַר זייער וויכטיקער טעטיקייט לטובת די אומגליקלעכע אין "דער אַלער היים".
דער עולם האָט אַ זיפֿץ געטאָן, מיסטער רובין האָט צוגעטראָגן אַ צווייטן צענערל, מיסטער טקאַטש, דער "קעפּטנס" מאַן, האָט צוגעטראָגן אַ דריטן צענערל, דערנאָך האָט מיסטער שאַמוט געגעבן אויטאָגראַפֿן אַ דאָלער אַ שטיק און מען האָט אויפֿגעקלאַפּט אַ הונדערטער פֿאַר דער קאַסע פֿון דער "ליידיס סאָסייעטי". ווען מען האָט אָנגעהויבן טאַנצן, בין איך אַוועק, כאָטש עס איז שוין נאָך דער מאַמעס ע"הש יאָרצײַט, האָר זשאַנעט איז מיר געשטאַנען פֿאַר די אויגן. איך בין אַוועק אַהיים און אַרויף אויפֿן דאַך, אָדער ווי זײ זאָגן דאָ "אויפֿן רוף". איבער מיר האָט זיך אויסגעשפּרייט דער ניו-יאָרקער הימל, פֿול מיט שטערן פֿון אויבן, און אונטן זײַנען געלעגן די ניויאָרקער גאַסן פֿול מיט שטערן פֿון אונטן, האָר ביי מיר אין האַרצן איז פֿונדעסטוועגן געווען אַ פֿינצטערקייט. איך האָב זיך



דערמאָנט מיט פֿריר, אַז מאָרגן איז מאָנטיק, איך גיי אין שאַפּ, און אין שאַפּ פֿאַרגעסט מען אַלע זאַכן, די פֿריילעכע און די אומעטיקע.

23־טער סעפּטעמבער.
נעכטן, זונטיק איז געווען סעלמאַס חתונה, צו דער חתונה זײַנען געקומען "רעדס" עלטערן אויך, ווי אמתע מחותנים.
"רעד" איז צו מיר געקומען פֿאַרנאַכטן, ער האָט געבראַכט אַן "אינגעידזשמענט" רינג מיט אַ דימענטל, און האָט מיר געזאָגט, אַז מיר זאָלן הײַנט אויף סעלמאַס חתונה אַנאָנסירן אונדזער "אינגעידזשמענט".
— די זילבערגס כאַפּן ניט קיין לעקער פֿון קיין פֿרעמדן טיש, האָב איך אים געענטפֿערט.
— "וואַט"? האָט מיך "רעד" אַ פֿרעג געטאָן, "אי דאָנט אָנדערסטענד יו, רבֿקה", (איך פֿאַרשטיי דיך ניט).
פֿאַרשטייסט ניט? האָב איך געזאָגט, די זילבערגס ווילן ניט עסן קיין לעקער פֿון קיין פֿרעמדן טיש . . .
— "וואַט דו יו מין"? (וואָס מיינט עס?).
— זעסט "רעד", האָב איך אים געזאָגט, מײַן זיידע איז געווען . . .
— רב מאָטיעלע זילבערג . . . "אי נאָ אָלרעדי, הי וואַז עי טעריבל יחסן" . . . (איך ווייס שוין, ער איז געווען אַ "שרעקלעכער" יחסן) האָט מיך "רעד" איבערגעשלאָגן.
יע, רב מאָטיעלע זילבערג. קיין בעל גאווה איז ער ניט געווען. ערב פּסח, אַז דער זיידע פֿלעגט פֿירן פֿון וואַלד קיין לובלין מעות חיטים, אַ וואָגן מיט מעל, פֿלעגט ער אַליין זיך זעצן אויפֿן קעלניע און ווי אַ בעל עגלה

אַרײַנפֿאָרן אין שטאָט אַרײַן. ער פֿלעגט אַליין די זעקלעך אַראָפּטראָגן אויפֿן פּלייצע, און אַרײַנטראָגן צום גבאי אין שטוב אַרײַן, כאָטש ער האָט געהאַט "מענטשן".
מעל, פֿלעגט זאָגן דער זיידע, קען געבן נאָר דער, וואָס האָט, אַ רייכער, אָבער טרחה קען געבן יעדער מענטש, און

---

273

איך וויל געבן, וואָס יעדער מענטש קען, טאָמער איך וועל אָרעם ווערן, זאָל איך נאָך קענען בלייבן אַ בעל צדקה.
— "דאָס פֿילאָסאָפֿיי", האָט מיך "רעד" איבערגעשלאָגן.
— אָבער אַזוי פֿלעגט דער זיידע זאָגן, נאָר אַמאָל פֿלעגט אויף אים אָנפֿאַלן אַזאַ גרויסהאַלטעניש, אַז מען פֿלעגט צו אים ניט קענען ריידן. דער זיידע איז געווען אַ וואַלד סוחר, איינמאָל האַרן אים עטלעכע וואַלד סוחרים גערופֿן ער זאָל קומען. זיי האָבן אַ מסחר. פּאַגאָדע, גייט פֿאַרקויפֿן זײַן וואַלד, אַ מציאה. פּאַגאָדע איז געווען דער רייכסטער פּריץ אין געגנט. דער זיידע איז געקומען צו די סוחרים. ערשט ער זעט, עס זיצן שוין הירש פֿראַמפּאָלער, מיט אַ גאָלדענע קייט אויפֿן בויך, און איטשע מאיר טאַרהאָפּאָלסקי מיט די ברילן אויף דער נאָז, און שימעלע מילנער מיטן געלן בערדל, ווי אַן אָפּגעפֿליקטער האָן, און "יאַכעס האָן" — אַזוי האָט מען אים גערופֿן — סאָפּעט ווי אַ גאַנדז, מען זיצט און מען וואַרט אויפֿן זיידן. דעם זילן האָט פֿאַרהאָסן, וואָס זיי האָבן זיך פֿריער אויפֿגערעדט צווישן זיך, ווײַל זיי זײַנען געווען רייכער, און דערנאָך אים געשיקט רופֿן. אַז זיי האָבן אים דערציילט וועגן דער מציאה, האָט זיך דער זידע אַ הויב געטאָן און האָט זיי אָפּגעהאָרן :
— זילבערג האָט פֿײַנט מציאות, און ער איז אַוועקגעגאַנגען.
אַז דער זיידע איז געקומען אַ היים, און האָט דערציילט, אַז ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון דער מציאה, איז די באָבע אַוועקגעלאָפֿן קיין לובלין און האָט געבראַכט אַלע טעכטער און אַלע איידעמס, און די זין, מען זאָל איינרירן דעם זיידן נעמען אַ שוות אין דער מציאה. און דער זיידע — איינמאָל ניין !
— זילבערג כאַפּט ניט קיין לעקעך פֿון קיע פֿרעמדן ש... און אָלן די אַליין האַלטן די מציאה. מען האָט בײַ אים ניט געפּועלט.
און פּאַגאָדע האָט גע-האַט אַ פֿאַרוואַלטער, אַ יוט מיט מנגע וואָנצעס, מיט הויכע שטיוול, און מיט אַ וועלאָסיפּעד, אַ בייסיקל. האָט ער פֿון דדן געהאַלטן אַ וועלט. איז ער ניט פֿויל, און זאָגט די סוחרים, אַז ער וויל זיי ארקויפֿן דעם וואַלד, האָר ער וויל, אַז זילערג האָל אים קאַווירן . . . אים געטרויט ער . . .

---

274

זײַנען געקומען אין וואַלד צום זיידן — הירש פֿראַמפּאָליער מיט דער גאָלדענער קייט אויפֿן בויך, און איטשע מאיר טאַרנאָפּאָלסקי מיט די ברילן אויף דער נאָז, און שימעלע מילנער מיטן געלן בערדל, ווי אַן אָפּגעפֿליקטער האָן און "יאָכעס מאָן", וואָס סאָפּעט ווי אַ גאַנדז — זיי זײַנען אַלע דאָ. הכלל דער זיק האָט זיך איינגעשפּאַרש ניין, ער וויל ניט.
— און דאָס וואָס לובלינער אידן וועלן צוליב אײַך פֿאַרלירן אַזאַ גרויסע פּרנסה? עס איז דאָך אַן עברה, האָבן זיי געסטראַשעט דעם זיידן מיט יענער וועלט.
— וועלן דאָס קויפֿן וואָלינער אידן. וואָלינער אידן דינען אויך אידן.
און דער זיידע איז געבליבן בײַ זיינס : ער כאַפּט ניט קיין לעקעך פֿון קיין רייכע טישן . . .
— "וועל, אי אָנדערסטענד יו עי ליטל ביט", (אַלזאָ, איך פֿאַרשטיי שוין אַביסל) האָט "רעד" אַ זאָג געטאָן.
— און וואָס וועט זײַן מיטן "אינגעדזשמענט" ריע? — האָט "רעד" אַ זאָג געטאָן.
איך האָב צו אים אויסגעשטרעקט אַ פֿינגער :
דעם "איעעידזשמענט" רינג גיב אַהער, דער זישע רב מאָטיעלע פֿלעגט אײַך נעמען, אַז מען פֿלעגט אים געבן, ווען ניט וואָלט ער קיין גביר ניט געווען, נאָר ניט שטענדיק . . .
— איך ווייס, "יו העוו יור אָון ועי", (דו האָסט דיינע גענג) אַ ביסל אַ "צעדרייטע", "באָט. אי לאיק איט", (נאָר מיר געפֿעלט עס).
"רעד" האָט אַתמגעשפּאַצירט איבערן צימער דער צופֿרידן, דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו מיר, האָט מיך אַ נעם געטאָן אויף די הענט און מיר געזאָגט גריך אין אויער אַרין :
— רבֿקהלע, "יור זיידע וואָז אָלריט" . . .
אויסגעפּוצט אין "איעעידזשמענט" רינג בין איך מיט "רעדן" אַוועק אויף סעלמאַס חתונה.
איז דאָך פֿאַראַן מענדל פּושקאַרט אויף דער וועלט, און ער האָט שוין געוווּסט וועגן דעם "אינגעידזשמענט" רינג. ער גוטער יאָר ווייסט אים, צי קומט עס אים פֿון נאַרישקייט, צי פֿון

---

275

גוטסקייט, נאָר אַז די געסט זײַנען שוין געזעסן בײַ די טישן און מען האָט געהאַלטן בײַ אַ גלעזל משקה, און מען האָט שוין אָפּגעגעבן מזל טוב חתן כלה, נעמט מענדל פּושקאַרט און שיסט אויס:
— לאָמיר אָפּגעבן אַ מזל טוב אונדזער דעי זילבערג, זי האָט הײַנט געקריגן אַ שיינע מתנה זי האָט געקריגן אַן "אינגעידזשמעגט" רינג פֿון לאַרי לעוויט.
דער עולם האָט געפּאַטשט בראַוואָ. דאָס האָט מיר מענדל פּושקאַרט, זעט אויס, געוואָלט אָפּדאַנקען פֿאַר די גלעזלעך טיי, וואָס איך דערלאַנג אים שטענדיק. און צוליבן כבוד פֿון עולם, האָט ער מיך ניט גערופֿן רבֿקה, נאָר רעי.
מיר האָט אַזש אַ שווינדל געטאָן פֿאַר די אויגן. אָבער עס איז שוין געווען פֿאַרפֿאַלן. זעט אויס, אַז מענדל פּושקאַרט האָט האַר ווייניק געקלערט וועגן מײַן זיידן רב מאָטיעלע מיט זײַן גאַווה.
"רעדס" טאַטע האָט מיט מיר געטאַנצט, ריידן רעדט ער ווי אַ איד, נאָר טאַנצן טאַנצט ער, ווי אַן אַמעריקאַנער, און גרינג ווי אַ יונגער מאַן. טאַנצנדיק האָט ער מיר געזאָגט : — לייזער יאָסל איז בײַ אונדז איינער, אַ בן יחיד, אַז ער וויל דיך, ביסטו בײַ אונדז ליב.
"רעדס" מאַמע איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שווארצען סאַמעטענעם קלייד, די האָר אַרויפֿגעשלאָגן אַרויף מיט הויכע לאָקן, זי האָט אויסגעזען, ווי אַן אמתע פּריצטע.
די טאַנטע און מיסיס שאָר האָבן געטענהט, אַז הײַנט איז אַ צווייענדיקע שמחה, און מאַרווין האָט אָפּגעטאַנצט יענעם טענצל, וואָס אין די גאַנצע יונײַטעד סטעיטס קענען אים אויסטאַנצן בעני גודמאַן און ער, מאַרווין.
רוט איז צו דער חתונה ניט געקומען. זי האָט צוגעשיקט אַ טעלעגראַמע : "קאָנגראַטולעישאָנס ענד בעסט ווישעס". אַ סך פֿון די געסט האָב געגעבן דער טאָנטע "ענוועלאָפּס" מיט געלט אנשטאט מתנות און צוגעווונטשן "גוד לאָק".
איך בין געווען אויף דער חתונה און געזען האָב איך לו-



בלין, דעם טאַטן אין קרשוליעס שטאַל, כאַצקלען און די קליינע זשאַנעט וואָס איז בלינד. ווי הינטער אַ פֿאָרהאַנג וואָלטן זיי אַלע געשטאַנען גאָר נאָענט צו מיר.
איך האָב געטאַנצט מיט "רעדן".
— דו דאַרפֿסט זיך לערנען טאַנצן די "האָדערן" טענץ, האָט מיר "רעד" געזאָגט.
די פּאָדלאָגע איז געווען גליטשיק אויסגעשאַרפּעט פֿון די פֿיס, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך וויג זיך און וויג זיך הין און צוריק, ווי אויף אַ שיף . . .
מיר דאַכט זיך נאָך אַלץ, אַז וואָס עס איז געשען נעכטן איז געווען אַ שפּיל, און אַז דאָס האָט מענדל פּושקאַרט דערציילט אַ מעשה וועגן אַמעריקע און וועגן אַ לובלינער מיידל, מיט לאַנגע צעפּ, וואָס האָט געקריגן אַן "אינגעידזשמענט" רינג . . .

ווער ווייס?
6-ער אָקטאָבער.
איך האָב שוין לאַנג גיט געשריבן מײַן טאָג בוך. אַלץ וואָס איך לעב איצט איבער האָט ניט קיין אָנהויב און האָט ניט קיין סוף. איך האָב אַמאָל געזען אין לובלין אַ שׂרפֿה. אַ שטוב האָט געברענט, און דאָס פֿײַער האָט זי געמאַכט אַזוי דורכזיכטיק, אַז דורך די ברענענדיקע ווענט האָט מען געזען אַ בוים וואָס האָט געוואַקסן הינטערן שטוב. אַזוי זײַנען איצט פֿאַר מײַנע אויגן דורכזיכטיק אַלע זאַכן. וואָס עס איז געווען אַמאָל, און וואָס עס איז מיט מיר פֿאָרגעקומען אין ניו-יאָרק פֿאַר דעם לעצטן יאָר, און מײַן פֿאַרבערענטע היים — אַלע זאַרן שטייען פֿאַר מיר דורכזיכטיק ווי אין אַ פֿײַער . . .
הײַנט האָב איך באַקומען אַ בריוו פֿון לייזערן, ווי שטענדיק אין אַ בלויעם קאָנווערט. לייזער שרײַבט מיר : "מיר לעבן איצט אין פֿינצטערניש, עס איז בײַ אונדז אַלע נאַכט "בלעק אַוט", נאָר מיר האָפֿן, אַז נאָך דער גרויסער פֿינצטעריש וועט אויפֿגיין דער ליכטיקער טאָג. ווי לאַנג די מלחמה זאָל ניט געדויערן, רבֿקה, וואַרט איך אויפֿן טאָג, ווען דו וועסט קומען קיין ארץ ישראל. דאָ איז אַ גרויסער יקרות איצט, און עס איז זייער



שווער צו פֿאַרדינען, שמשי העלפֿט מיר אַ סך אַרויס מיט געלט און מיט אַרבעט, נאָר אָפֿטמאָל פֿעלט אויס דאָס נויטיקסטע. אָבער עס איז מיר ניט שווער. איך האָב אַ סך האָפֿענונגען און מיט האָפֿענונגען איז גרינג צו לעבן. איך בעט דיך, רבקע, שרײַב צו מיר אָרט. אויב איך וועל אַפֿילו אַלע בריוו ניט באַקומען, וועל איך פֿילן, אַז דו שרײַבסט זיי. דו שרייבסט מיר אַזוי ווייניק".
איך האָב ניט געוווסט ווו זאָל איך אַוועקלייגן דעם בריוו. וואָס וועט זײַן, אַז "רעד" וועט אים דערזען? איך האָב געוואָלט דעם בריוו צערײַסן, נאָר ווי קען איך צערײַסן לייערס אַ אַ בריוו?

איך האָב דעם בריוו אַוועקגעגעבן דער לאַנדריניטשקע זי זאָל אים באַהאַלטן. די לאַנדריניטשקע האָט געעפֿנט איינעם פֿון אירע שופֿלאָדן און האָט אַהין דעם בריוו אַרײַנגעלייגט. זי האָט פֿאַרמאַכט דעם שופֿלאָד, פֿאַרריכט דאָס סערוועטקע אויפֿן קאָמאָד און גלוכגעשטעלט די "מעיפֿלאָוער".
אז "רעד" איז געקומען האָט ער מיר געזאָגט :
— "מיי פֿאָטער סעז", אָז דו זאָלסט אַוועקגיין פֿון שאָפּ און העלפֿן אין "לאָנטש רום".
"רעד" איז זייער גוט צו מיר. ער לאָזט מיר ניט זאָרגן : "דאָנט טינק סאָ מאָטש" (טראַכט גיט אַזויפֿיל) זאָגט ער.
איך טאָג דעם "אינגעידזשמענט"-רינג און מיר דאַכט זיך, אַז עס איז מער ניטאָ רבֿקה זילבערג. אין ניו-יאָרק וועט באַלד אָנהויבן אַרומגיין איינע רעי לעוויט. רבֿקה זילבערג איז געבליבן אין לובלין. אויף רבֿקה זילבערג וואָרט מען אין ארץ ישראל, און אין ניו-יאָרק ווינט רעי לעוויט.
קען דאָס זײַן, אַז אַלע מענטשן לעבן אַזוי אויף דער וועלט? ווער ווייס?

---